

דער חפץ חיים אין יאָהר תר״ץ, בראש פון דער דעלעגאציע
צום פוילישען פרעמיער מיניסטער

## דאָם לעבען און שאַפען פון

# חפץ חיים

ביאָגראפיע, תורה ווערטער, אפאריזמען, עפיזאָדען, פערזענליכע זכרונות און איינדרוקען וועגען גאון וצדיק הדור אדמו״ר ר׳ ישראל מאיר הכהן זצללה״ה

— פון —

הרב משה מאיר ישר

צווייטער טייל

ניו-יאָרק, תרצ״ז

# א י נ ה אַ ל ט

## צווייטער טייל


היימלאָז ..... 343
אין סמילאוויץ ..... 349
שפּיאנאזש בלבול ..... 357
נאָך דער רעוואלוציע ..... 367
אונטער די באלשעוויקעס ..... 371
ר׳ הירש׳ס פּטירה ..... 377
דער סענטראַל רעליעף ..... 385
צו דער „כנסיה הגדולה" אין וויען ..... 388
אויף משיח׳ן ..... 398
דירעקט צום רבונו של עולם ..... 403
דער „ועד הישיבות" ..... 408
טהרת המשפחה ..... 415
ביי דער אספה אין גראדנע ..... 420
ביי דער אספה אין ביאליסטאק ..... 423
ביי דער אספה אין ראָוונע ..... 429
ר׳ נפתלי ..... 434
פאַר די רוסישע אידען ..... 443
צום פּוילישען פּרעמיער מיניסטער ..... 449
די אספת הרבנים אין ווילנע ..... 456
מ׳קומט צו איהם ..... 459
פאַר׳ן כבוד הרבנות ..... 469
אַן אומפאַרווירקליכטער חלום ..... 475
זיין פּטירה ..... 483


## דריטער טייל — תורה ווערטער און עפּיזאדען


תורה לערנען ..... 491
אמונה און אידישקייט ..... 513
צדיק און רשע ..... 537
טהאָן מצוות ..... 565
שכר און עונש ..... 589
פאַרצייכניס ..... 612
ביבליאגראפישע נאטיצען ..... 622
צום אנדענקען און ברכה ..... 626

# בילדער אינהאַלט

## צווייטער טייל


הרב ר׳ הירש לעווינסאָן זצ״ל איידים פון חפץ חיים ........................ 353
הרב ר׳ נפתלי צבי טראַפּ זצ״ל, ראש ישיבה אין ראַדין ........................ 353
די ישיבה „חפץ חיים״ אין ראַדין ........................ 353
הרב ר׳ יוסף כהנמאַן, ראש ישיבה — פּענעוויעז ........................ 385
הרב ר׳ אלחנן בונם וואַסערמאַן, ראש ישיבה באַראַנאָוויץ ........................ 385
הרב ר׳ איסר זלמן מעלצער, ראש ישיבת „עץ חיים״, ירושלים ........................ 385
הרב ר׳ אליעזר יודיל פינקעל, ראש ישיבה, מיר ........................ 385
הרב ר׳ דוד טביל דיינאָווסקי, ראש ישיבה, פּיאַנטניצע ........................ 385
הרב ר׳ פסח פּרוסקין, ראש ישיבה, קאָברין ........................ 385
הרב ר׳ ארי׳ ליב פּופּקאָ, חפץ חיים׳ס זוהן ........................ 417
הרב ר׳ מנחם מנדיל זאַקס, איידים פון חפץ חיים ........................ 417
הרב ר׳ יהושע לעווינסאָן, אייניקעל פון חפץ חיים ........................ 417
הרב ר׳ אליעזר זאב קאַפּלאַן, אייניקעל פון חפץ חיים ........................ 417
הרב ר׳ אברהם מרדכי אלתר, גערער רבי ........................ 449
הרב ר׳ אהרן רוקח, בעלזער רבי ........................ 449
הרב ר׳ יצחק אייזיק הלוי הערצאָג, הויפּט רב פון ארץ ישראל ........................ 449
הרב ר׳ יחיאל מרדכי גאָרדאָן, ראש ישיבה, לאָמזע ........................ 449
הרב ר׳ ברוך דוב לייבאָוויץ, ראש ישיבה, קאַמעניץ ........................ 449
הרב ר׳ שמעון שקאָפּ, ראש ישיבה, גראָדנע ........................ 449
הרב ר׳ אברהם טראָפּ, ראש ישיבה, ראַדין ........................ 449
הרב ר׳ יצחק מנחם דאַנציגער, אלעקסאַנדער רבי ........................ 449
הרב ר׳ יהודה ליב גאָרדין זצ״ל — לאָמזע ........................ 480
הרב ר׳ אברהם יצחק הכהן קוק זצ״ל — ארץ ישראל ........................ 480
הרב ר׳ אהרן הכהן קאַגאַן, זצ״ל — איידים פון חפץ חיים ........................ 480
הרב ר׳ ירוחם לעוואָוויץ זצ״ל, געוו. משגיח, ראַדין ........................ 480
הרב ר׳ ברוך פייוועלזאָן זצ״ל, געוו. ראש ישיבה, ראַדין ........................ 480
די לויה פון חפץ חיים ........................ 488
לעצטע בילד פון חפץ חיים אין יאָהר תרצ״ג ........................ 504

# ערקלערונג וועגן די חפץ חיים פאָטאגראפיעס

דער חפץ חיים, האָט זיך זיין גאַנצען לעבען נישט געלאָזט פאטאגראַ־פירען. אַמאָל איז אַ פאָטאָגראַפיסט, ספעציעל געקומען קיין ראדין און האָט אַראָפּגעכאַפּט פון איהם אַ בילד. ווען דער חפץ חיים האָט זיך פון דעם דער־וואוסט האָט ער אָפּגעקויפט די גלאָז און האָט איהר צושטערט.

ווען ער איז אין יאָהר תרפ״ג, געפאָהרען צו דער אספה פון דער „כנסת הגדולה״, האָט איהם דאָן, די פוילישע רעגירונג געגעבען אַן אויסלענדישען פאַספאָרט אָהן אַ פאטאגראפיע. אָבער ווען ער האָט זיך געגרייט צו פאָהרען קיין ארץ ישראל, האָט ער שוין כדי צו באַקומען אַן אויסלענדישען פאַספאָרט, זיך געמוזט פאָטאָגראפירען. ער האָט עס אָבער געטהאָן שטילערהייט און איז בכיון געגאַנגען צו אַ קריסטליכען פאָטאָגראַפיסט, וועלכער האָט איהם נישט געקאָנט, כדי קיינער זאָל זיך פון דעם נישט דערוויסען. ער איז מושוה געוואָרען מיט איהם צו מאַכען בלויז איין בילד און איהם איבערגעבען די קלישע (נעגאטיוו). דאָס לעצטע האָט ער גלייך פאַרניכטעט.

אַ אידישער פאָטאָגראַפיסט האָט זיך אָבער פון דעם דערוואוסט און האָט פון זיין באַקאַנטען קריסטליכען קאָלעגע געקראָגען די מעגליכקייט באַצייטענס צו רעפּראָדוצירען אַ בילד פון דער אריגינעלער פאָטאָגראַפיע. ווי עס ווייזט אָבער אויס, איז דער קריסטליכער פאָטאָגראַפיסט געווען אַ קנאַפּער קינסטלער, ווייל אַט די בילד וועלכע איז פאַרשפּרייט געוואָרען ביז יעצט, שטעלט נישט פאָר ריכטיג די אמת׳ע צורה פון גאון וצדיק.

מעהר ריכטיג זיינען די אנדערע בילדער, וועלכע מיר אילוסטרירען דאָ. זיי האָבען מיר ענטוויקעלט פון קלייניקע בילדער, וועלכע זיינען צו־פעליג אומבאַמערקט פון צדיק גענומען געוואָרען. דיזע בילדער זיינען אנט־וויקעלט געוואָרען דורכדעם באַוואוסטען ארטיסט, ר׳ חיים לעווין.

# אויסצוגע פון חפץ חיים׳ס בריוו

### צו זיין יוגענד פריינד

## ר׳ חיים ליב פון טיקטין

ידיד ה׳ וידיד נפשי,

קבלתי מכתבו הטהור ומאד המה לבי על צערו ואך ידע ידידי בדרך כלל כי כל מקום המקודש יותר בעת חורבנו הוא שמם יותר. כל ארץ ישראל חרבה וירושלים ביותר ומקום המקדש ביותר מן הכל. וכן מתנהג הענין באומה הישראלית גופא, נגד הכל וגם בה גופא. כל מי שקרב יותר להי הוא יותר שמם ומשומם. ומ״מ ידוע לכל שלבסוף אי״ה יתרומם מקום המקדש לעיני כל העולם. וכן כה״ג בעניני כל ברואי העולם, יראה הקב״ה ויודיע לעיני הכל את כבוד האנשים המתחזקים עמו בעת ענים וצרתם, כמו דכתיב: „בוקר וידע ה׳ את אשר לו...״ ושנוי בנביאים: „והיו לי אמר ה׳ צבאות אשר אני עושה סגולה וחמלתי עליהם״ וגו׳. ע״כ ידידי, חזק וחזק! לא יפול לבו עליו ח״ו, אלא יבטח בה׳ כי מזין ומחיה כל הנמצאים בחסדו...

---

עוד ידידי, ע״ד שספר לי כת״ר אתמול ע״ד השלום שעשה הרב ר׳ משה יהודה נ״י, וספר לי כבודו שאיזה אנשים עושים לא ישר בעיניו, מפני שנוגע לאיזה אנשים בעניני ממון. אהובי וידידי, האהוב לי מאד מאד מאז ומקדם, ח״ו לא יהרס דבר זה, כי אין לו בזה שום ערמה כלל, כאשר אמרתי לכת״ר אתמול ג״כ דבר זה. ובודאי יעזור השי״ת לאנשי העיר ויתן להם שפע וברכה עבור השלום שעשו...

והנה נזכרתי עתה שזה האיש יש לו זכות רב מן השמים, דכל מה שהוא מתחיל מסייעים לו מן השמים שיצא לפועל ומסתמא כונתו רצויה מאד, כי הנה נזכרתי שפ״א שלח אלי מעירו בחור אחד ללמוד במקומנו והבחור היה אדם פשוט ונעשה גדול בתורה, וכיוצא בזה עושים, שבודאי כונתו רצויה מאד. ע״כ מהראוי מאד להזהר ח״ו שלא לנגד למעשיו.

---

ידידי,

בנו שי׳ סיפר לי אודות חתנו המנוח, שמעתי ותרגז בטני... ומ״מ ידע ידידי ויתבונן בכל אבותינו הראשונים וגם האחרונים — שלא אחד מהם שלא היה לו יסורים וכלל אחז״ל שלא אחד מהן שנמלט מגיהנם אא״כ יש בו תורה ומע״ט ויסורים רבים באים עליו שנאמר: „שבתך ומשענתך המה ינחמוני, —שבתך אלו היסורים, ומשענתך זו התורה״. וגם בתורה כתוב: „כי כאשר ייסר איש את בנו״ וגו׳. ע״כ ידידי, חזק ביראת ה׳ וצפה לטובה, כי לא לעולם יזנח ה׳ ח״ו...

דברי ידידו אמת, המצפה לראות עליו כל טוב,

ישראל מאיר הכהן, מראַדין

דאטירט: נ׳ בלק, תרמ״ה; ה׳ בשלח, תרח״ם און ב׳ אחרי, תרנ״א

א.

# הײמלאָז

עס איז געװען אין דער װאָך פון סליחות אין יאָהר תרע״ה אין רעכטען ברען פון דער װעלט מלחמה. די דײטשע אַרמעע האָט זיך אַלץ מעהר דערנעהנטערט צו װילנער גובערניע. האָט דער חפץ חיים באַשלאָסען פאַרלאָזען זײן הײם און פאָהרען טיפער קײן רוסלאַנד צוזאמען מיט זײן פאמיליע זײן אײדים דעם מנהל הישיבה הגאון ר׳ צבי הירש לעװינסאָן. דעם ראש ישיבה הגאון ר׳ נפתלי צבי טראָפּ, הגאון ר׳ אלחנן װאסערמאַן און דעם גרעסטען טײל פון די תלמידים פון דער ישיבה; װעהרענד דעם קלענערען טײל צו לאָזען אױפ׳ן אָרט אין ראדין אונטער דער אױפזיכט פון ראש ישיבה הגאון ר׳ משה לאנדינסקי און משגיח הגה״צ ר׳ יוסף ליב נענעדיק. לאַנג האָט זיך דער חפץ חיים גע׳ישוב׳ט ביז װאנעט ער האָט זיך אױף דעם שריט באַשלאָסען אַזױ װי תמיד װען ער איז געװען אין גרױס פארלעגענהײט, האָט ער דאָס מאָל אױך געװאָרפען דעם באַװאוסטען גורל פון װילנער גאון. ס׳איז איהם דאַן אױסגעפאלען דער פסוק אין חומש: „ויחץ את העם לשני מחנות... והיה המחנה הנשאר לפליטה (וישלח ל״ב)״ 1).

פאַרלאָזען ראדין האָבען זײ מיט דער דעה צו פאָהרען קײן סמילאָװיטש, מינסקער גובערניע. ארױסגעפאָהרען זײנען זײ אָנפאַנג װאָך כדי צו קאָנען דאָרט קומען באַצײטענס פאַר שבת, אָבער דער װעג איז געװען פאַרבונדען מיט סכנות נפשות.

1) מיט דיזען גורל פלעגט ער זיך זעלטען באַנוצען װײל װי ער האָט אַמאָל בײ אַ געװיסער געלעגענהײט ערקלערט דעם שרײבער, אױב מ׳איז ניט ראױ לכך איז דער ענטפער ניט קײן ריכטיגער און קאָן פאַרפיהרען. „מ׳דאַרף זיך פריהער מתבונן זײן און האָבען אַ ריכטיגע הכנה . . . ״

דערצעהלט הגאון ר׳ אלחנן װאַסערמאַן: אײדער דער חפץ חיים האָט בײ זיך דאָס ערשטע מאָל באַשלאָסען צו פאָהרען אין די װײטע רוסישע צענטערס, כדי צו שאַפען געלד לטובת זײן ישיבה, האָט ער זיך לכתחילה געשראָקען פאַר אַזאַ רײזע. ער האָט זיך מישב געװען צװײ װאָכען צײט. צום שלום האָט ער זיך באַנוצט מיט׳ן „גאון׳ס גורל״. איז איהם אױסגעפאַלען דער פסוק „אנכי ארד עמך מצרימה ואנכי אעלך גם עלה״ (שמות). אַזעלכע תשובות זײנען בײ איהם פאַרעכענט געװען אַזױ װי דברי נבואה.

ניט געפאָהרען זיינען זיי נאָר זיך געשלעפּט מיט די לאַנגע צוגען, וועל־כע זיינען איבערפּיהלט געווען מיט זעלנער און אַנטלאָפענע בירגער פון די ערטער וואוהין דער פראָנט האָט זיך דערנעהנטערט. די צוגען פלעגען געהן זעהר לאַנגזאַם, יעדער ווײלע האָבען זיי זיך אָפּגעשטעלט כדי אַדורכצולאָזען דאָס מיליטער צום פראָנט. אזוי האָבען זיי זיך געשלעפּט אַ משך פון כמעט אַ וואָך צייט. פרייטאָג פאַרנאַכט האָבען זיי קוים דערגרייכט אַ זיבען וויאָרסט (פינף ענגלישע מיילען בערך) פאַר דער צענטראַלע סטאַנציע, מאלאדעצשנע וואָס הינטער ווילנא.

זעלבסט־פאַרשטענדליך, אַז די הויפּט זאָרג פון אונזערע פּאַסאַזשירען איז געווען מכח שבת. אַראָפּ צו געהן אין מיטען וועג איז ממש געווען אַ סכנה צוליב די צעווילדעוועטע סאָלדאַטען ביי וועמען אידישע לעבענס זיינען גע־ווען הפקר, און בלייבען אויפ׳ן באַהן איז דאָך נאָך אַזאַ שלעפּעניש אומעגליך געווען צו ערוואַרטען, אַז זיי זאָלען דערגרייכען מאלעדעצשנע בעפאָר דער שקיעה. אין זייער פאַרלעגענהייט האָבען אַלע געוואַרט צו הערען עפּעס פון חפץ חיים... דער לעצטער איז אַ צייט געזעסען שווייגענדיג און טיעף פאַר־טראַכט. אָבער פּלוצלונג האָט ער זיך אַזוי ווי אויפגעכאַפּט און אַ זאָג געטהאָן:

„איצטער ווען די באַהן וועט זיך נאָר אָפּשטעלען וועל איך אַראָפּגעהן און האַלטען שבת אין פעלד. „איהר״, האָט ער, זיך ווענדענדיג צו זיינע באַ־גלייטער, געזאָגט, „קאָנט פאָהרען ווייטער . . . מען מעג פאָהרען, אבער איך וויל זיך מוסר נפש זיין פאַר׳ן שבת! עפּעס צו גרינג קומט אַלע מאָל אָן דאָס היטען שבת!״

הערענדיג אַזעלכע ווערטער האָבען טראָץ די זיכערע געפאַהרען, אַלע ביי זיך באַשלאָסען נאָכצופאָלגען דעם רבי׳נס ביישפּיל.

די באַהן האָט זיך גראָד אָפּגעשטעלט אויף אַ געפעהרליכען פּלאַץ, נעבען דעם בריק פון דער באַהן ליניע. די סכנה איז ווירקליך געווען זעהר גרויס. פאַר אידען וועמען די רוסען האָבען באַשולדיגט אין שפּיאָנאַזש צו פאַרביי־בען אַ מעת לעת אין אַ מיטען פעלד, נאָהענט צו אַ בריק וועלכער האָט פאַר־בונדען די הויפּט־באַהן ליניע צום מלחמה־פראָנט, איז געווען אַן אונגעהויער גרויסע ריזיקע. דער חשד וואָלט דאַמאָלט זיין אַז זיי זוכען אַראָפּצונעמען פלענער אָדער גאָר אויפצורייסען דעם בריק.

ביינאַכט האָט ארום זיי געשוועבעלט און געגריבעלט מיט מחנות סאָלדאַטען מכל המינים, וועלכע האָבען זיך געצויגען צום פראָנט. די ערשטע אָפּטיילונ־

געץ וועלכע זיי האָבען באַמערקט זענען אָפּגעקומען בלויז מיט אָפּלאַכען און מאַכען שפּאָט פון זיי, אָבער באַלד איז דער לאַכען פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין אַ ווילדען שפּיעל, די פייער פאַקלען, וועלכע די זעלנער האָבען מיט זיך געטראָגען כדי זיך צו באַלייכטען דעם וועג, האָבען זיי געוואָרפען אויף אונזער חבריא. אָט פאַלט אַ פאַקעל האַרט נעבען זייערע זאַכען, אַ נס געוועזן אַז זיי האָבען זיך ניט אָנגעצונדען. יעדער איינער האָט געציטערט פאַר שרעק. „ווער ווייס אויף וואָס אזעלכע צעיושעטע באַנדעס זיינען פעהיג? זיי קאָנען דאָך שיסען אויך! ס'איז דאָך הפקר!"

דאַן האָבען שוין אַלע מיט־רייזענדע מיט טרעהרען און תחנונים זיך געבעטען ביים חפץ חיים, אויב אַ צוג וועט זיך נאָהנט צו זיי אָפּשטעלען זאָל ער איינשטימען צו פאָהרען. אָבער דער אלטער ענטפערט זיי מוטהיג, אַז ער קאָן אויף דעם ניט מסכים זיין, ווייל עס קאָן זיין אַ חילול השם... יענער וואָס וועט זעהן וועט נאָר וויסען, אַז דער חפץ חיים איז געקומען צו פאָהרען אום שבת, אַז עס איז געוועזן פקוח נפשות, דאָס וועט דאָך קיינער ניט וויסען. און ער בעט זיך ביי זיי אַלעמען, אַז זיי זאָלען פאָהרען און איהם לאָזען אַליין דאָ. ער חזר'ט איבער נאָכאַמאָל, אַז זיי מעגען און דאַרפען פאָהרען. אַלע האָבען אָבער געהאַט באַשלאָסען אַז וואָס עס זאָל ניט זיין, אָהן רבי'ן וועלען זיי ניט פאָהרען.

אַלע האָבען דאַן דעם חפץ חיים מבטיח געוועזן, אַז מעהר ווי אין וואָקזאַל פון דער ערשטער סטאַציע וועט קיינער פון זיי ניט אַרויס דעם גאַנצען שבת, און אַז קיינער פון זיי וועט ניט אויסזאָגען ווער מ'איז און פון וואַנעט מען פאָהרט. אויף אַזעלכע באַדינגונגען האָבען זיי געהאָפט, אַז ער וועט מסכים זיין צו פאָהרען.

עס האָט זיך געהערט די טריט פון אַ לאַנגזאַם־שלעפּענדען צוג, וועלכער האָט זיך צו זייער ענטוישונג גראד ניט אָפּגעשטעלט.

אומבאַמערקט פון אַלעמען איז געלונגען דעם באַרדיטשעווער (הרב ר' מרדכי דוב רויטבלאט) זיך אַרויפצוכאַפּען אויפ'ן צוג. אָנקומענדיג קיין מאַלאדעצשנע שבת פריה, איז ער גלייך געלאָפען אין שוהל צום רב און איהם אַלעס דערצעהלט. דער רב (הרב משה אבראמאוויץ) האָט שוין ניט גערוהט נאָר האָט גלייך ארויסגעשיקט פאַר די שוצלאָזע וואַנדערער פוהרען צוזאַמען מיט עטליכע זעלנער זיי צו פראָטעקטען. אָבער די פוהרען האָבען זיך ארומגעדרעהט אַ גאַנצען טאָג אומזיסט. ניט קאָנענדיג געפינען דעם אָרט וואו דער חפץ חיים מיט זיין גרופּע האָבען שבת געהאַלטען, האָבען זיי זיך

צוריקגעקערט אין שטאָדט מיט ליידיגען. דער רב און אַלע אָרטיגע אידען זיינען געווען זעהר אומרוהיג איבער׳ן גורל פון חפץ חיים און זיינע באַגלייטער. זיי האָבען גלייך אַרויסגעשיקט אַנדערע פוהרען אַנגעפיהרט פון אַ מאַן, וועלכער האָט גוט געקאָנט דעם גאַנצען געגענד. זיי האָבען אויך מיטגענומען דעם באַרדיטשעווער, ער זאָל זיי העלפען געפינען דעם פּלאַץ.

ווען זיי האָבען דערזעהן אונזערע וואַנדערער האָט זיך שוין די זון געהאָט געזעצט. די שמחה איז געווען זעהר גרויס, ובפרט ווען די חברים האָבען דער־זעהן דעם באַרדיטשעווער צוריק אַ לעבעדיגען. זיין פּלוצלונגער פאַרשווינ־דען האָט זיי געגעבען ניט ווינציג זאָרג. זיי האָבען געמיינט דאָס ער איז ערגעץ פאַרלוירען געגאַנגען.

מערקווירדיג, די נאַכט מיט׳ן חפץ חיים איז גראַד אַריבער רוהיג. קיינער האָט זיי מעהר ניט געטשעפּעט. און אפילו די וואָך זעלבער וועלכע האָבען זיי לכתחילה באַהאַנדעלט גרויזאַם, זיינען שפּעטער געוואָרען גאָר אנדערש. באַזונדערס ווען איינער פון זיי, אַליין אַ סטודענט, האָט אויסגעפונען די הויכע מאָטיווען וואָס האָט די גרופּע באַוועגען צו בלייבען אין פעלד, האָט ער זיי באַהאַנדעלט מיט גרויס אַכטונג און רעספּעקט. ער אַליין האָט זיי נאָכהער באַשיצט. ווען מען האָט איהם אין דער פריה אויסגעביטען, איז ער אַליין אַוועק אין נאָהענטען דאָרף און האָט געבראַכט פאַר זיי וואַסער זיך צו וואַ־שען, און מילך פאַר די קליינע קינדער. ער האָט אַוועקגעהענדיג מודיע גע־ווען זיינע קאָלעגען, אַז זיי זאָלען זיי באַשיצען. ווען ס׳האָט גענומען רעגענען האָט ער אַליין אַריינגעטראָגען זייערע ספרים מיט די זאַכען אין זיין וואַך־ביידעל. ער האָט אַהין אויך אריינגעבעטען דעם אַלטען חפץ חיים, די שוואַכע פרויען און די קלייניקע קינדער, און אליין איז ער געשטאַנען אין דרויסען. „מיר״, האָט ער געזאָגט, „וועט דער רעגען ניט שאַדען״. און אַזוי האָבען זיי פאַרבראַכט אַ צימליך רוהיגען שבת...

גלייך נאָך הבדלה האָבען זיך אַלע אריינגעזעצט אין די פוהרען און זיינען אָפּגעפאָהרען אין מאָלעדעצשנע. די גאַנצע שטאָדט האָט זיי אַלעמען מקבל געווען מיט גרויס שמחה. זיי האָבען דורכאויס געבעטען דעם חפץ חיים ער זאָל זיי פאַרשאַפען דעם כבוד און פאַרבלייבען ביי זיי איבער ראש השנה, אויף וועלכעס ער האָט מסכים געווען.

עס איז כאַראַקטעריסטיש, אַז דאַוונענדיג די גאַנצע צייט אין בית המדרש האָט זיך דער חפץ חיים אימער מזרז געווען אויסצושטעהן שמונה־עשרה

בעפאר דעם מרא דאתרא . . . (מסתמא כדי דער עולם זאל ניט ווארטען אויף איהם, נאר אויפ'ן רב).

פאר תקיעות האט דער חפץ חיים נאך פילע בקשות פון רב און בעלי בתים מסכים געווען צו רעדען. ער האט גערעדט וועגען שמירת שבת:

„מתנה טובה יש לי בבית גנזי ושבת שמה" (שבת י').

דער אויבערשטער האט געזאגט צו משה'ן, אז ער פארמאגט א טייערען אוצר וועלכען ער וויל שענקען אלס מתנה צום פאלק ישראל — דעם שבת.

„אויב דער בורא עולם צו ווען עס באלאנגט די גאנצע וועלט אין איהר רייכקייט, רופט אן דעם שבת „מתנה טובה", קאן מען זיך לייכט פארשטעלען די טייערקייט און חשיבות פון שבת. און אז להפך; פאר מבזה זיין אזא קאסט־בארע קעניגליכע מתנה איז די שטראף זעהר גרויס.

קיין מצוה ווערט ניט אזוי פיל באטאנט אין דער תורה ווי שמירת שבת. 12 מאל חזר'ט איבער די תורה איהרע אנזאגונגען וועגען שבת.

עס איז קיין וואונדער נישט, אז דער מחלל שבת בפרהסיא ווערט פאר־רעכענט אלס אזא גרויסער חוטא, ווייל שבת איז פון די הויפט־יסודות פון אונזער אמונה.

„ויברך אלקים את יום השביעי" (בראשית ב').

דער אויבערשטער האט געבענשט דעם זיבעטען טאג און דיעזע ברכה איז ער משפיע אויף אלע טעג פון וואך. אמאליגע אידען פלעגען גלויבען, אז רוהען שבת בריינגט ברכה אין דער ארבייט פון א גאנצע וואך, היינט אבער זיינען פאראן בעוונותינו הרבים אזעלכע וועלכע גלויבען גאר, אז דורך ארבייטען שבת וועט זיי בריינגען ברכה א גאנצע וואך!

ווי נאריש און פארפיהרט עס זענען אזעלכע מענשען!

„שבת ווערט אנגערופען כלה (לכה דודי לקראת כלה), אז דער חתן (דער איד) בעהאנדעלט די כלה (שבת) מיט ליבע, אכטונג און איבערגעבענהייט קאן ער זיכער ערווארטען צו באקומען פון רייכען פאטער (רבש"ע) א גרויסען נדן, מיט פיינע און רייכע מתנות...

„לא תעשה כל מלאכה אתה ובנך ובתך ועבדך ואמתך ושורך וחמורך וכל בהמתך וגרך אשר בשעריך למען ינוח עבדך ואמתך כמוך" (ואתחנן ה'). ד. ה., א איד איז מחויב אויפצופאסען אז זיין זוהן און טאכטער, זיין קנעכט און דינסט און אפילו זיינע בהמות זאלען אפהיטען דעם הייליגען שבת. קיין מצוה האט ניט

אַזאַ אזהרה. קאָנען מיר דאריבער פון דעם פאַרשטעהן די גרויסע וויכטיגקייט פון שבת. דער שבת וועט נאָר דאַן זיין בתכלית השלימות ווען עס וועט פון אַלעמען אָפּגעהיט ווערען. אַלע, דער זוהן, די טאָכטער, אפילו די קנעכט מוזען רוהען שבת. טאָמער איז ביי אידען געווען אַ מקושש עצים וואָס האָט ניט געהיט שבת איז שוין דער שבת ניט געווען בשלימות.

„די אידען אין קריגס ראַיאָן זיינען פון דער רעגירונג געצוואונגען צו האַל־טען אָפען די געשעפטען אום שבת פאַר די דורכגעהענדע זעלנער, אַז מ׳נויט מעג מען פאַרקויפען אום שבת, מען טאָר אָבער קיין הנאה ניט האָבען פון דעם ריוח, זאָל מען עס דערפאַר צוטיילען פאַר אָרימעלייט״.

אויפצומאָרגענס, נאָך ראש השנה, איז גלייך דער חפץ חיים אָפּגעפאָהרען פון מאלעדעצשנע טיפער אין רוסלאַנד. מיט צוויי טעג שפעטער, איז די שטאָדט פאַרנומען געוואָרען פון די דייטשען.

## ב.

# אין סמילאוויץ

ערב יום כיפור אין יאָהר תרע״ו איז דער חפץ חיים מיט זיינע באַגלייטער אָנגעקומען קיין סמילאָוויץ, מינסקער גובערניע, וואו ער האָט באַשלאָסען זיך אָפּצושטעלען און דאָרט צו מאַכען זיין צייטוויילינגע היים. אַלע אין שטאָדט האָבען זיך געשעצט גליקליך צו האָבען דעם צדיק אין זייער מיטע. זיי האָבען געזוכט מיט אַלע מיטלען צו מאַכען דעם חפץ חיים באַקוועם. זיי האָבען געשאפען צווישען זיך די נויטיגע מאַטעריעלע שטיצע אויפצוהאַלטען זיין ישיבה.

פאַר זיך זעלבסט האָט זיך דער חפץ חיים בכלל זעהר ווינציג געזאָרגט, טראָץ אַלע טלטולים און ענוים האָט ער אין זיין פעלזען־שטאַרקע אמונה אין בטחון אַלעס מקבל באהבה געווען. ער איז געווען דורכגעדרונגען מיט דער איבערצייגונג, אַז זיין אמת'ע היים איז גאָר ערגעץ אַנדערש אין העכערע וועלטען וואו ס'זיינען ניטאָ קיינע מלחמות און בלוט־פאַרגיסונגען, ווייט פון קנאה, שנאה ותחרות. ער פלעגט באַטאָנען: „עושה שלום במרומיו — דער רבונו של עולם האָט באַשאַפען די וועלט, אַז יעדער באַשעפעניש זאָל זיך געהן זיין וועג אפילו איין האר מיט'ן אַנדערען זאָלען ניט קומען אין צוזאַמענשטויס. יעדער גרעזעלע האָט זיך זיין מלאך, אַן אייגענאַרטיגען צנור ההשפעה, אָדער לעבענס־קוואַל. די אונצעהליגע מיליאָנען שטערן געהן זיך יעדער איינער זיין אייגענעם וועג אין זיינע באַשטימטע גרעניצען. דער מענש אין זיין נאַרישקייט, אַנשטאט צו לעבען זיין אייגענעם לעבען זוכט איבערצוטרעטען די גרעניצען פון זיין שכן, צו לעבען אויף יענעם'ס קאנטא...״

דעם מאמר: „ותשובתו הרמתה כי שם ביתו — מאי כי שם ביתו אמר רבי יוחנן כל מקום שהלך שם ביתו עמו״ (ברכות י', ע״ב), פלעגט דער חפץ חיים אומגעפעהר אַזוי ערקלערען: לכאורה איז דאָך אַ פראַגע ווי אַזוי איז דאָס מעגליך אַז שמואל הנביא וועלכער איז געווען אַ שופט, אַ פיהרער פון

פאָלק זאָל קיין אייגענע היים ניט האָבען, נאָר וואוהין ער איז געקומען האָט ער דעם אָרט באַטראַכט אַלס זיין היים?

„דער תירוץ איז: די חז"ל זאָגען, „קנה לו דברי תורה קנה לו בית בעולם הבא" — אַז דורך תורה קויפט זיך אַ מענש איין אין דער צוקונפטיגער וועלט אַ היים. מיינט דאריבער דער פסוק צו דערצעהלען, אַז איבעראַל וואו שמואל איז געגאַנגען כדי צו פאַרשפּרייטען די תורה צווישען פאָלק „ותשובתו הרמתה" איז געווען די איינציגע תשובה וואָס ער פלעגט געבען דאָס פאָלק „הרמתה", אין זינען צו האָבען העכערע ענינים. די וועלט האָט ער באַט־ראַכט אַלס צייטווייליג „כי שם ביתו" ווייל דאָרטען אויף יענעם עולם האָט ער באַטראַכט אלס זיין פערמאַנענטע היים . . . "

דער ווינטער איז שנעל אריבער, ס'איז געקומען די צייט פון פאַר פסח. דער סמילאוויצער רב, הרב ר' בצלאל הכהן זייציק ז"ל, איז ווי געוועהנליך אַרויסגעגאַנגען מיט עטליכע בעלי־בתים איבער'ן שטעדטעל צו קלייבען פאַר מעות־חיטים. מעהל איז דאַן שוין געווען טייער, לויט די מלחמה פרייזען. צדקה האָט מען נאָך אָבער געגעבען ניט פיעל מעהר ווי פאַר דער מלחמה. נאָך צוויי טעג געהן איבער'ן שטעדטעל האָט ר' בצלאל געזעהן, אַז לויט די געזאַמעלטע נדבות וועט ווייט ניט זיין גענוג פאַר מעות חיטים. איז ער אַוועק צום חפץ חיים ז"ל מיט אַ טרויעריגען געמיט און איהם געבעטען ער זאָל רחמנות האָבען און העלפען ס'זאָל זיין מצה פאַר די אָרימע־לייט. דער חפץ חיים ז"ל האָט גלייך געענטפערט, אַז ער וועט קומען צו מנחה אין גרויסען בית המדרש, און האָט געבעטען מען זאָל מודיע זיין די בעלי־בתים פון שטעדטעל, אַז ער וועט רעדען.

באַלד ווי עס איז באַוואוסט געוואָרען אַז ער וועט זיין צו מנחה אין גרויסען בית המדרש, זיינען אַלע געקומען. די שוהל איז געוואָרען אָנגעפּאַקט מיט מענשען.

דער חפץ חיים איז אַרויף אויף דער בימה און האָט אַ זאָג געטהאָן צום עולם: „הערט ברידער, איך בין ניט געקומען אייך זאָגען מוסר, נאָר אייך פרעגען אַן עצה.

„אַזוי ווי איהר זעהט בין איך שוין אַן אַלטער מאַן. אַ מענש לעבט דאָך ניט אויביג. לאחר מאה שנה, ווען איך וועל קומען אויף יענער וועלט און מען וועט מיר דאָרט פרעגען — ישראל מאיר, דו ביסט דאָך געווען אין סמילאָוויץ, ווייסט ניט, סמילאָוויצער אידען גיבען עפּעס צדקה? האָבען זיי

געגעבען מעות חטים? — פרעג איך ביי אייך, וואָס זאָל איך דאַן ענטפע־
רען? זאָל איך זאָגען, אַז איהר גיט — איז דאָך דאָס אַ ליגען, און קיין ליגען
האָב איך קיינמאָל ניט געזאָגט. זאָל איך צוליב אייך זאָגען אַ ליגען? וואָס
דען זאָל איך זאָגען, אַז איהר גיט ניט, וועט עס דאָך הייסען גערעדט לשון
הרע אויף אידען, און דאָס וויל איך דאָך געוויס ניט!״

מעהר האָט דער חפץ חיים שוין ניט באַדאַרפט רעדען. מען האָט אנגע־
הויבען וואַרפען צו צוויי און צו דריי הונדערטער און אין אַ קליינער ווײַלע איז
געוואָרען געגוג געלט אויף מעות חטים.

דער קריגס־פראָנט איז וואָס וויטער געוואָרען אַלץ טיפער אין רוסלאַנד.
יעדער קאָנטאַקט מיט זיין היים אין ראַדין איז אָפּגעהאַקט געוואָרען. אַזוי
ווי עס וואָלט געווען גאָר אין איין אַנדער וועלט. האָט טאַקע דער חפץ חיים
דאַן איינמאָל באַמערקט:

„אַנדערע זיינען מסופק צו ס׳איז דאָ אַ יענע וועלט, טענה׳נדיג, אַז אויב
עס וואָלט געווען אַ עולם הבא וואָלט זיכער אימיצער אַמאָל פון דאָרט געקו־
מען און דערצעהלט וואָס מ׳מאַכט דאָרט אין ראַדין . . . !״ מיר דא אלע
ווייסען דאָך, אַז ס׳איז איצטער דאָ אַ ווילנער גובערניע. כאָ׳וואָלט ווער קו־
מען און דערצעהלט וואָס מ׳מאַכט דאָרט אין ראַדין...! און דער חפץ חיים
האָט טיף אָפּגעזיפצט איבער׳ן גורל פון די דאָרט איבערגעבליבענע תלמידים
פון דער ישיבה, און וועגען די לאַגע פון די דאָרטיגע איינוואוינער איבער־
קלערענדיג טאָמער ליידען זיי הונגער.

אין סמילאָוויץ האָט זיך שוין די ישיבה געהאַט פאַרגרעסערט און פאַר־
שטאַרקט. בחורים־פּאַרוואָגעלטע לומדי תורה פון אַלע פּאַרוואַרפענע וויב־
קעלאַך ווי נור זיי האָבען דערהערט, אַז דער חפץ חיים פיהרט זיין ישיבה אין
גלות, זיינען געקומען אַהין לערנען. עס זיינען אויך געווען אַזעלכע, וועלכע
האָבען פריהער קיינמאָל אין קיין ישיבה געלערנט זיינען אונטער דער השפעה
פון גרויסען רבי׳ן געוואָרען תלמידים אין זיין ישיבה.

איינער פון חפץ חיים׳ס מצוינים׳דיגע תלמידים איז געווען מאיר חר״ל
(זצ״ל), באַקאַנט אין עולם הישיבות אַלס מאיר קיעווער און שפּעטער אַלס
מאיר ראַדינסקי. ער האָט געשטאַמט פון אַ חשוב׳ע און חסיד׳ישע משפחה
אין זלאַטאָפּאָל, איז געווען אַ נאָהענטער קרוב צו די באַוואוסטע בראָדסקי׳ס
אין קיעוו. ער האָט געלערנט אין דער „חפץ חיים ישיבה״ זייט דעם ווינטער
פון יאָהר תרע״ג. זייענדיג פאַר פילע יאָהרען אונטער דער השפעה פון חפץ

חיים איז ער געוואָרען אַ גרויסער תלמיד חכם און זיך אויסגעאַרבייט אַלס זעלטענער בעל מדות אויפ׳ן חפץ חיים׳ס דרך. זיין אויסערגעוועהנליכע וואַרימע אידישע האַרץ, זיין חסיד׳ישער ברען און התלהבות האָבען איהם פיל געהאָלפען אין זיין אהבת ישראל ומסירת נפש פאַר׳ן כבוד שמים.

אַלסביישפיל פון מאיר׳ס מסירת נפש פאַר אידישקייט קאָן דינען דער פאָלגענדער פאַקט:

אין רוסלאַנד אונטער די באָלשעוויקעס אין דער צייט ווען ס׳זיינען אַרויס די גרויזאַמע גזירות קעגען לערנען תורה מיט קליינע קינדער האָט מאיר אָרגאַניזירט געהיימע חדרים וואו ער פלעגט אַליין לערנען מיט די קינדער, בלי שום קבלת פרס. ממש טאָג און נאַכט פלעגט ער ארומלויפען פון איין געהיימען חדר אין אנדערען. אזוי האָט מאיר חר״ל מרביץ תורה געווען דורך די גרעסטע געפאַהרען פאַר צוויי יאָהר צייט.

אין די יאָהרען פון מלחמה אין פאַרלויף פון חפץ חיים׳ס גלות אין רוסלאַנד איז אונזער מאיר אויך געווען מיט איהם. זעלבסט פאַרשטענדליך, אַז אומעטום וואו דער חפץ חיים איז דורגעפאָהרען האָט מען איהם אָפּגעגעבען גרויס כבוד.

אויף זיין וואנדערונג איז מאיר׳ן איינמאָל אויסגעקומען אונטערוועגס צו נעכטיגען מיט׳ן חפץ חיים אין איין חדר. באַזיצענדיג אַ חסידישער נשמה, האָט נאַטירליך עס מאיר באַטראַכט פאַר אַ גרויסע זכיה און האָט ערוואַרט צו זעהן עפּעס אויסערגעוועהנליכעס פון זיין גרויסען רבי׳ן. ער האָט פון גרויס נייגעריגקייט די גאַנצע נאַכט מיט קיין אויג נישט געקאָנט צומאַכען — ווי אַזוי האָט ער זיך געקאָנט פאַרגינען צו שלאָפען, אַז איז באַשערט אַזאַ גליק צו קאָנען באַאָבאַכטען דעם רבי׳ן אַזוי נאָהענט? כדי נישט אַרויסרופען דעם חפץ חיים׳ס פאַרדאַכט, האָט זיך מאיר געמאַכט שלאָפענדיג.

טראָצדעם וואָס דער חפץ חיים איז געווען זעהר מיד און אויסגעמאַטערט פון וועג, האָט ער נאָכדעם ווי ער איז קוים צוויי שטונדען געשלאָפען, זיך אויפגעכאַפּט און אָבגיסענדיג נעגל־וואסער, איז ער, כדי מאיר׳ן נישט אויפצואוועקען שטילערהייד אין די זאָקען צוגעגאַנגען צו זיין בעט צו זעהן צו ער שלאָפט. מאיר האָט זיך דאָן בכיוון געמאַכט כראָפּענדיג.

דער חפץ חיים האָט זיך אַוועקגעשטעלט אין אַ ווינקעלע און האָט אָנגעהויבען צו מאַכען אַ חשבון הנפש מיט זיך אַליין, און האָט גערעדט צו זיך זעלבסט בזה הלשון: „דו, ישראל מאיר, די וועלט גיט דיר אַזויפיל כבוד —



הרב ר׳ הירש לעווינסאן זצ״ל,
איידים פון חפץ חיים, דער הויפט בויער
און פיהרער פון ישיבה אין ראדין



הרב ר׳ נפתלי **צבי** טראפ זצ״ל,
ראש ישיבה אין ראדין




די ישיבת „חפץ חיים" אין ראדין

פאַרוואָס קומט עס דיר? צו דען האָסטו געטהאָן כאָטש אַ הונדערט־חלק, וואָס אַן אמת'ער איד דאַרף טהאָן — טאָ פאַרוואָס קומט דיר דער כבוד? ביסטו דאָך אַ פשוטער און אַ מורא'דיג־זינדיגער איד!" און ער האָט דאָן אויסגע־בראָכען אין אַ היסטערישען געוויין, און זיך באַגאָסען מיט טרעהרען ווי אַ קליין קינד.

מאיר, ליגענדיג אין בעט, האָט אָנגעהויבען ציטערען ווי אַ פיש און קוים געקאָנט אויסהאַלטען פון שרעק 1).

אין די יאָהרען ווען דער חפץ חיים איז געווען נע ונד אין רוסלאַנד האָט ער זעלבסט־פאַרשטענדליך געליטען זעהר פיל עקאָנאָמיש, זיין מסחר מיט די ספרים זיינע איז כמעט גענצליך רואינירט געוואָרען. טראָצדעם האָט ער זיך אַלץ געהאַלטען ביי זיין הנהגה ניט צו נעמען קיינע מתנות פון מענשען.

ווי עס ווערט איבערגעגעבען אין „שערי ציון" פון הרב פתחיה מענקין,

1) עס איז מאיר'ן געלונגען זיך אַרויסצו'גנב'נען פון רוסלאַנד. ער איז צוריק געקומען צום חפץ חיים אין ראדין. ער האָט זיך דאָן מיט דיזען שרייבער (וועלכער איז גראַד געווען זיינער אַן אינטימער פריינד און האָט צוזאַמען בחברותא מיט איהם געלערנט) קאָראַספאָדענטירט אין יאָהר תרפ"ד־תרפ"ה.

קומענדיג אַלס פרעמדער קיין ראדין האָט ער צוליב פאַרשטענדליכע טעמים אָנגע־נומען דעם נאָמען „ראדינסקי" אַנשטאָט „חר"ל". ער האָט נאָכהער געהייראַט פון ווילנע און פאַרגזעצט צו לערנען תורה בפרישות.

צופעליג האָט דער שרייבער אין חודש אב תרצ"ב געלעזען אין „אידישען מאָרגען זשורנאַל" צווישען די טשיקאַווע נייעס די פאָלגענדע ערצעהלונג איבערגעדרוקט פון דער ווילנער צייטונג „די צייט" אונטער'ן קעפּל „דער חפץ חיים זעהט פאראוים אין חלום דעם טויט פון אַ תלמיד".

„אין דער ישיבה פון חפץ חיים אין ראדין און אין אנדערע אָרטאָדאָקסישע קרייזען ווערט איצט פיל גערעדט וועגען אַ זאָנדערבאַרען פאַל, וואָס האָט פּאַסירט מיט'ן חפץ חיים, וועלכער האָט אין חלום פאָראויסגעזעהן דעם טויט פון איינעם פון זיינע בעסטע תלמידים.

ווי מען גיט איבער איז די מעשה אזוי געווען:

מיט אַ וואָך צוריק האָט זיך דער חפץ חיים פלוצלונג אויפגעכאַפּט אין מיט'ן נאַכט פון שלאָף און אָנגעהויבען שטאַרק קרעכצען. ווען מ'האָט איהם געפרעגט וואָס ער קרעכצט? האָט דער אַלטער צדיק געענטפערט, אַז ער האָט געזעהן אין חלום, אַז די וואָך וועט נפטר ווערען אַן איש טוב וחסיד. ער האָט דאַריבער געהייסען, אַז מען זאָל אין דער ישיבה מתפלל זיין.

האָט מען אין דער ישיבה מתפלל געווען און געזאָגט תהלים און דער חפץ חיים אַליין האָט געפאַסט אַ האַלבען טאָג.

אין אייניגע טעג אַרום איז געקומען אַ טעלעגראַמע פון אָטוואָצק, אַז דאָרט איז נפטר געוואָרען אין עלטער פון 35 יאָהר דער תלמיד פון חפץ חיים הרב ר' מאיר ראַ־דינסקי אַן איידים פון ווילנער שוחט ר' דוב בער גאָלין.

ווען מען האָט די שלעכטע ידיעה איבערגעגעבען דעם חפץ חיים, זאָל ער האָ־בען געזאָגט: יאָ, איך האָב עס געוואוסט. שוין געווען צו שפּעט!"

האָט איהם דר. מ. ס. פון מאָסקווע דערצעהלט, אַז זייענדיג אין יענער גלות תקופה אַ תלמיד פון דער „חפץ חיים ישיבה" האָט פאַסירט, אַז איינמאָל אַריינ־קומענדיג צום רבי'ן האָט ער דעם לעצטען געפונען אַרומדרעהענדיג זיך אין זיין חדר אַן אומבאַרוהיגטען מיט אַ פּנים וועלכער האָט אויסגעדריקט צער. אַזוי שנעל ווי דער חפץ חיים האָט באַמערקט דר. מ. ס. האָט ער איהם געבעטען, אַז ער זאָל איהם טהאָן אַ געפעליגקייט און פאַר איהם צוריקשיקען דורך פּאָסט אַן אַנווייזונג אויף 300 רובעל וועלכען ער האָט נאָר וואָס דערהאַלטען אין אַ בריוו פון באַוואוסטען אידיש־רוסישען פילאַנטראָפּ ר' רפאל גאָץ פון מאָסקווע.

אַן איבערראַשטער פרעגט דר. מ. ס.: „רבי פאַרוואָס זאָלט איהר צוריקשיקען די געלד אין אַזאַ צייט ווען איהר פאַרדינט ניט אויף פּרנסה, און דער יקרות איז אַזוי גרויס?"

„ניין, ניין, איך מוז עס גלייך צוריקשיקען צו ר' רפאל'ן. ס'איז דאָך פאַראַן אַ חשש גזל אין דעם".

„אַ חשש גזל! ווי קומט גזל אין דעם פאַל?" האָט דער תלמיד זיך געוואונדערט. דער גביר האָט דאָך אייך געשיקט מיט זיין אייגענעם גוטען ווילען די געלד אויף צום לעבען!"

„יאָ, גזל!" ענטפערט איהם דער רבי אַזוי ווי ער וואָלט געזוכט איהם צו ערקלערען אַ פּשוט'ן דין. „אָט זעהט דעם בריוו, לעזט דורך די ערשטע שורות, דעם לאַנגען טיטול, וואָס ער שרייבט אויף מיר. עס צייגט בפירוש, אַז ער באַטראַכט מיר אַלס אַזאַ פּערזאָן אויף וועמען אָט די אַלע תוארים פּאַסען זיך — און אַז צוליב דעם שיקט ער עס אַזאַ סומע מיר צו שטיצען. אויב ער וואָלט אָבער געוואוסט, אַז באמת האָב איך ניט פאַרדינט קיין איינעם פון אָט די אַלע טיטולען נאָר אַז איך בין אַ פּשוט'ער איד וואָלט ער דאָך זיכער ניט געשיקט אַזאַ סכום געלד. קלערט איהר נאָך אויב ס'איז פאַראַן אַ חשש גזל?!"

אָבער רבי, מ'דאַרף דאָך עסען, און קיין אנדערע הכנסות זיינען איצט ניטאָ, איז דאריבער מעהר ניט ווי רעכט ווי צו נוצען די געלד...!" האָט דער בחור גע'טענה'ט.

„ס'טייטש, וואָס רעדט איהר? ווא אַזוי קאָן איך אַזאַ זאַך טהאָן! אויב עס גיסט זיך אויס אַ טראָפּען מילך אויף פליישׁ טאָר מען דאָך די פליישׁ ניט עסען

אַ דין וועלכעס אפילו אַ פּשוט'ע אידענע וויים. טאָ וואָס איז דער חילוק צווישען איסור בשר וחלב און איסור גזל? ניין מ'מוז עס צוריקשיקען!"

אַלע באַמיהונגען פון דר. ס. מ. און פון אַנדערע בני בית האָבען ניט גע־האָלפען. ער האָט דאריבער קיין ברירה ניט געהאַט ווי די געלד צוריקצושי־קען. ווען ער איז נאָכער צוריק געקומען איז דער חפץ חיים נאָך ניט געווען באַרוהיגט ביז וואַנעט ער האָט איהם געצייגט די קבלה פון פּאָסט. דער צדיק האָט דאַן געפיהלט ווי אַ שווערע משא וואָלט איהם אַראָפּ פון האַרצען.

ווען דער קריעגס־פראָנט האָט זיך דערנעהנטערט צו סמילאָוויץ איז דער חפץ חיים, כדי אויסצומיידען די געפאַהר פון שלאַכט־פעלד געצוואונגען גע־ווען צו וואַנדערען ווייטער אין רוסלאַנד. סעמיאַטש, מאָהליוּוער גובערניע, איז געווען זיין נעקסטער אויפהאַלטס־אָרט.

דערצעהלט הרב אייזיק סמאל, אלס עד ראי', זייענדיג אַ תלמיד פון דער ישיבת „חפץ חיים", אויף איהר גלות וועג אין סמילאוויץ, אין 1916.

עס האָט לאַנג ניט גענומען און דער קריגס־פראָנט האָט זיך דערנעהנ־טערט צום שטעטעל. די בחורים האָבען דאָרט פארטגעזעצט צו לערנען מיט אַ געוואַלדיגע התמדה, אזוי ווי ס'וואָלט גאָר קיין מלחמה ניט געווען. ס'איז אָנגעקומען אין שטעטעל אַ גרופּע קאָזאַקען מיט אַ קאמענדאנט בראש, וועמעס אויפגאבע ס'איז הויפטזעכליך געווען צו זוכען דעזערטירען, אָדער יונגע לייט וועלכע האָבען זיך אויסבאַהאַלטען פון פּריזיוו. זעלבסט־פאַר־שטענדליך, אַז אין אַזאַ צייט איז דער קלענסטער חשד גענוג געווען צו פאַראורזאכען פיל צרות. צום גרעסטען געפאהר זיינען געווען אויסגעזעצט די ישיבה בחורים, אלע יונגע לייט אין די פּריזיוו יאָהרען. די קאָזאַקען האָבען זיך געהאַלטען כסדר אין טשעפּען צו זיי און זיי שלעפּען צום קאמאנדאנט, כדי צו רעווידירען זייערע דאקומענטען. לכתחילה האָט אַזאַ אָבלאווע אָנ־געוואָרפען אַ אונגעהוירען פּחד אויף די תלמידי הישיבה. אויסגעלאָזט האָט זיך אָבער, אַז דער קאמאנדאנט, דערוויסענדיג זיך וועגען די פּערזענליכקייט פון חפץ חיים, האָט תמיד די ישיבה בחורים באַפרייט.

האָט פּאַסירט, אַז די קאָזאַקען האָבען מיט איינמאָל ארעסטירט צוואנציג תלמידים. ס'איז געוואָרען אַ גרויסער טומעל. דער חפץ חיים האָט געהאַט גרויס צער פון דעם. האָט ער געבעטען אַן אָנגעזעהנעם פּערזאָן, צו געהן צום קאמאנדאנט און זיך משתדל זיין פאַר זייער באַפרייאונג. איז ער גלייך געקומען צוריק מיט דער תשובה, אַז דער קאמאנדאנט האָט איהם געבעטען:

„זאָג דעם „ראבין" קאגאן, אַז ער זאָל קיין עגמת נפש ניט האָבען. פאַרוועדען די קאָזאקען פון צו ארעסטירען האָב איך ניט קיין רעכט. אָבער עס מיינט גאָרניט, איך וועל זיי אלעמען באַפרייען".

מערקווירדיג, ווען דער חפץ חיים מיט דער ישיבה זיינען אוועק פון סמיל־אוויץ, זיינען אויפ'ן וועג, ביים וואקזאל אין האמעל, פלוצלונג אַ גרופע בחורים פון דער ישיבה אָפגעשטעלט געוואָרען דורך אַ קאזאקען קאמאנדאנט. זיי האָבען זיך לכתחילה דערשראָקען. אָבער דער אָפיציר האָט זיך פריינדליך מיט זיי באַגריסט, זאָגענדיג: „איהר דערקענט מיר ניט? איך בין דאָך דער קאמאנדאנט פון סמילאוויץ! איהר ווייסט, אַז איך פאָהר יעצט צום פראָנט. איך גלויב אַז דאָס איז ווייל דער „ראבין" קאגאן איז אוועק פון שטעטעל, דאַרף מען מיר שוין דאָרט ניט האָבען. אזוי לאַנג ווי ער מיט דער ישיבה זיינען דאָרט געווען, האָט ער מיט זיין זכות אויך אויף מיר מגין געווען. איך בעט ביי אייך אַ געפעהליגקייט, — האָט ער מיט טרערען אין די אויגען זיך געבעטען — „גיט איבער אייער היילִיגען „ראבין", אַז ער זאָל גאָט בעטען פאַר מיר, אַז איך זאָל ניט גע'הרג'ט ווערען..."

ווען די תלמידים האָבען עס איבערגעגעבען דעם חפץ חיים, האָט ער בעת מעשה באַמערקט: „יאָ, יאָ, ער איז טאַקע געווען פון די חסידי אומות העולם. עס וועט געוויס מגין זיין אויף איהם דער זכות וואָס ער האָט געטהאָן מיט דער ישיבה".

פאַר אַ יאָהר צייט פלעגען קומען בריוו געשריבען אין רוסיש, פון דעם קאמאנדאנט, דערצעהלענדיג, אַז ער איז געווען כמה מאָהל אין גרויסע גע־פאהרען און איז ניצול געוואָרען דורך נסים. ער פלעגט כסדר בעטען, אַז דער חפץ חיים זאָל פאַר איהם מתפלל זיין.

ג.

# דער שפּיאָנאַזש בלבול

צווישען אַלע חשדים און בלבולים פון וועלכע אידען אין צאַריסטישען רוסלאנד האָבען אין דער צייט פון דער וועלט־מלחמה געליטען, האָט דער פון שפּיאָנאַזש זיי פאַרשאַפט די גרעסטע צרות. יחידים אזוי ווי גאַנצע קהלות זיינען באַשולדיגט געוואָרען אַז זיי שטעהען אין באריהרונג מיט׳ן שונא. רבנים און אַנדערע אידישע פאַרשטעהער פלעגען גענומען ווערען פון דער רוסישער מאַכט אַלס ערבים (זאקלאדניקעס) צו גאַראנטירען מיט זייערע לעבענס אויב ס׳וועט אויסגעפונען ווערען אַ פאַרדאַכט, אַז ווער עס איז פון זייער באַטרעפענדע קהלה איז פאַרמישט געווען אין שפּיאָנאַזש.

דער חפץ חיים וועלכער האָט די ליידען פון דער וועלט־מלחמה באַטראַכט אַלס סימפּטאָמען פון „חבלי משיח״, אַזוי ווי וועהען וועלכע קומען בעפאָר אַ געבורט (חבלי לידה), האָט אין דיזען חשד געזעהן אַ באַשטעטיגונג אויף זיין מיינונג. דער מדרש זאָגט, אַז די מעשה פון יוסף׳ן מיט זיינע ברידער איז מרמז אויף די געשעהענישען פאַר ביאת המשיח. קומט אויס, פלעגט ער אויספיהרען, פונקט ווי דעמאָלט איז געוואָרפען געוואָרען אַ חשד פון שפּיאָנאַזש אויף די קינדער פון ישראל, „מרגלים אתם״, און צוליב דעם איז פריהער שמעון און נאָכהער בנימין גענומען געוואָרען אַלס ערבים, דאַרף דאָס זעלבע אויך פאַסירען אין דער צייט בעפאָר משיח׳ן.

דאָס איז אָבער געווען אַ טראָפּען פון טרייסט אין אַ גרויסען ים פון צער. דער חפץ חיים איז דאמאָלט געשטאַנען אין איינגען קאָנטאַקט מיט די גדולי ישראל כדי צו זוכען עצות און מיטלען אָפּצואווענדען די גרויסע גזירות און באַשולדיגונגען געגען אידען, ווי אויך אַנצופיהרען אַ ברייטע הילפס אַקציע פאַר די מלחמה געליטענע בכלל און תלמידי חכמים און ישיבות בפרט.

ווען די וועלט־מלחמה האָט אויסגעבראָכען זיינען אין דער ישיבת חפץ חיים געווען דריי בחורים פון דער דאַמאָלסדיגער דייטשער שטאָדט מעמעל (היינט די ליטווישע פּאָרט־שטאָדט קלייפּעד).

לויט די מלחמה פאַראָרדנונגען האָבען אַלע דייטשע אונטערטהאַנען זיך געדאַרפט מעלדען צו דער מאַכט, וועלכע האָט זיי אינטערנירט און אַלס גע־פאַנגענע אָפּגעשיקט אין טיעף רוסלאנד, אָדער גאַר סיביר. די בחורים׳לעך האָבען אָבער אַזוי ניט געטהאַן, ווייל זיי האָבען זיך געשראָקען פאַרטריבען צו ווערען אין געפאַנגענשאַפט ווייט צווישען גוים, וועמעס שפּראַך זיי האָבען ניט געקענט און וועמעס זיטען זיינען פאַר זיי פרעמד געווען. אָבוואָהל די מנהלי הישיבה זיינען פון דעם געווען שטאַרק אומצופרידען, האָבען זיי אָבער צוליעב רחמנות אויף די עלענדע, שוואַכע און אומשולדיגע קינדער אַלעס פאַרקוקט. זיי האָבען געהאָפט, אַז אין אַזאַ קליין שטעטעלע ווי ראַדין וועלען זיי זיך זיכער קענען אויסבעהאַלטען.

אין זומער פון יאָהר תרע״ה איז געקומען קיין ראַדין אַ יונגערמאַן פון דערבייאיגען שטעטעל מערעטש, וועלכער האָט זיך אָנגעגעבען אַלס לעדער־סוחר, אָדער גאַרבער. ער איז איינגעשטאַנען אין אַ הויז וואו עס האָבען קוואַרטירט ישיבה בחורים מיט וועמען ער האָט זיך נאָהענט באַפריינדעט. ער פלעגט אויך קומען אין דער ישיבה וואו ער פלעגט אלעמען באַטראַכטען מיט נייגעריגע אויגען. וואָס ווייטער האָט ער זיך אַלץ מעהר מקרב געווען צו די פרושים, ער פלעגט עסען און פאַרברייננגען צוזאַמען מיט זיי. קיינער האָט איהם אין קיין זאַך ניט פאַרדעכטיגט. מאַנכע האָבען איהם גאַר אָנגע־נומען אַלס איינעם פון די פיעלע געסט־באַזוכער.

דערוויסענדיג זיך אַז אין דער ישיבה געפינען זיך תלמידים פון מעמעל, דייטשלאַנד, האָט ער זיך דערנעהנטערט צו זיי, און אַרויסצייגענדיג כלומר׳שט זיין סימפּאַטיע, האָט ער זיי צוגעזאָגט צו העלפען מיט געלד און זאַכען.

געווען איז דאָס שבעה עשר בתמוז. דער גאַרבער האָט דאַן גענומען אַ שפּאַציר אונטער׳ן שטעטל צוזאַמען מיט איניגע בחורים צווישען וועלכע עס איז אויך געווען אפרים לייבאָוויץ, איינער פון די דריי מעמלער תלמידים. קומענדיג צו אַ בערגעל האָבען זיי זיך אויף דעם גראָז אַוועקגעזעצט אָפּרוהען. ווען אלע זיינען געווען פאַרטהאַן אין אַ הייסען געשפּרעך, האָט דער גאַרבער אומבאַמערקטערהייט אַריינגערוקט אַן איינגעלייגטען פּאַפּיר אין מעמלער׳ס קעשענע . . . צוריקקעהרענדיג זיך אין שטעטעל, האָט ער זיך געווײנליך פריינדליך מיט אַלעמען געזעגענט און זיך אַוועק.

אין מיטען נאַכט, ווען אַלע אין שטעטעל, זיינען געווען פאַרזונקען אין אַ טיעפען שלאָף, זיינען אַראָפּגעקומען געהיים אַגענטען (דעטעקטיווס) און זשאַנ־

דארעט פון לידע און ווילנע. זיי האָבען אַרומגערינגעלט דאָס הויז פון ר׳ לייב מאטליעס, דעם חפץ חיים׳ס שוואָגער וואו אפרים מעמלער האָט זיך אויפגעהאַלטען. מאַכענדיג אַן אָבלאַווע האָבען זיי אין אפרים׳ס קעשענע גע־פונען דעם פּאַפּיר, וועלכער האָט ענטהאַלטען אַ פּלאַן פון קאָוונער פעסטונג געצייכענט מיט אַלע איינצעלהייטען. די מעשה איז אַזוי געווען. דער גאַר־בער, וועלענדיג ווערען, אָדער שוין זייענדיג אַ רוסישער דעטעקטיוו, האָט בכיוון פאַבריצירט די קאָנספּיראַציע כדי צו צייגען זיין פעהיגקייט צו כאַפּען שונאים פון רוסלאַנד.

דער בחור איז אַ געשמידטער אין קייטען אָוועקגעפיהרט געוואָרען אין לידע׳ר טורמע און נאָכהער אין ווילנע. די אַנדערע צוויי מעמלער איז גע־לונגען זיך אויסצובעהאַלטען. איינער פון זיין איז אָבער פון גרויס שרעק משוגע געוואָרען. אפרים איז געווען אין געפאַהר דערשאָסען צו ווערען אין 48 שטונדען. עס האָט אָפּגעקאָסט זעהר פיעל מיה און געלד דאָס צו פאַר־היטען, אויך ניט צו דערלאָזען, אַז דער חפץ חיים און די מנהלים פון דער ישיבה זאָלען אריינגעשלעפּט ווערען אין דעם שפּיאָנאַזש בלבול. לייב מאָט־ליעס, איז זיצענדיג עטליכע וואָכען אין טורמע, נאָך גרויס השתדלות באַפרייט געוואָרען.

דעם חפץ חיים׳ס אונגעהייערער צער און יסורים איז זיך לייכט פאָרצו־שטעלען. דאָך ווען די פאַמיליע פון דעם גאַרבער זיינען געקומען פארוויינטע צו איהם און געבעטען זיי ניט צו פאַרשעלטען צוליעב דעם אויסוואורף, זייער קרוב, האָט דער חפץ חיים אַ רוהיגער זיי געענטפערט: „איך שילט קיינעם ניט״.

זייט דאַן, די גאַנצע צייט פון דער רוסישער הערשאַפט, איז די ישיבה גע־שטאַנען אונטער פאַרדאַכט. ניט איינמאָל זיינען אונערוואָרטעט אַראָפּגעקו־מען זשאַנדאַרען און פּלוצלונג געמאַכט אַן אָבלאַווע אין דער ישיבה, רעווידי־רענדיג יעדען איינעם׳ס פאַספּאָרט און אַנדערע דאָקומענטען. ס׳פלעגען אויך קומען געהיים אַגענטען פאַרשטעלט אַלס ישיבה בחורים. איינער האָט זיך למשל, פאַר די מנהלי הישיבה פאָרגעשטעלט, אַז ער איז אַ געוועזענער סטו־דענט וועלכער באַגהערט זיך צו נעהמען צום לערנען. מקיים זייענדיג דעם „כבדהו וחשדהו״ פלעגען די ישיבה בחורים פון דאַמאָלט אַן גוט נאָכשפּיאָ־נירען יעדען אומבאַקאַנטען וועלכער פלעגט אַראָפּקומען אין ראדין און זיך

אויסהיטען פון יעדען פרעמדען באַזוכער אויב ער איז נאָר געשטאַנען אונ־טער׳ן קלענסטען פאַרדאַכט.

זאָגאַר דער חפץ חיים אַליין איז צוליעב די אַפּטע אָבלאַוועס געוואָרען מעהר פאַרזיכטיג אין זיין באַריהרונג מיט אומבאקאַנטע מענשען. נאָך עלף אוהר אין אָוועגט האָט ער זאָגאַר די תלמידי הישיבה פאַרזאָגט, אַז זיי זאָלען זיך ווי ווייט מעגליך מונע זיין פון איהם צו באַזוכען. דורכשרייבענדיג זיך מיט זיין ידיד נאמן דעם גאון הדור ר׳ חיים סאלאווייטשיק פון בריסק, האָט איהם דער לעצטער מיטגעטיילט, אַז צוליעב די אָפּטע בלבולים אויף אידען און זייערע פאַרשטעהער, האָט ער צוריקגעצויגען אַלע זיינע בריעף און רעקאָמענ־דאַציעס וועלכע פלעגען צירקולירען אין די הענט פון יחידים און אינסטיטוציעס. דער חפץ חיים האָט אויף ר׳ חיים׳ס עצה עהנליכעס בעשלאָסען און האָט ווי ווייט מעגליך אויסגעמיטען צו געבען זיין חתימה אָדער הסכמה אויף אַן ענין וועלכע די רשעים אין זייער בייזוויליגקייט קענען אויסטייטשען אַלס קאָנספּי־ראַציע אָדער פאַרראַט. ער האָט געפיהלט, אַז געוויסע פינסטערע כחות פון דער רוסישער מאַכט זוכען איהם צו שטעלען אונטער׳ן שאטען פון אונטריי־הייט צו דער מלוכה.

צווישען די פּויערים אין געגענד זיינען זאָגאַר פאַרשפּרייט געוואָרען רו־מאָרס, אַז דער „אַלטער ראַווין" איז געווען פאַרבונדען מיט דייטשע שפּיאָ־נען, און אַז זיין פּרוי (וועלכע פלעגט בעפאַר דער מלחמה צוליב איהר שוואַ־כען געזונד פאָהרען קיין קאַרלסבאַד) פלעגט פערזענליך אַריבערפיהרען סודות צום פיינד.

די פּיעלע טויזענדער רובעל, די אויסערגעוויינליכע מיה און אנשטריינ־גונג פון חפץ חיים׳ס מקורבים, האָט לײדער גאָרניט געהאָלפען כדי דעם מעמלער צו באַפרייען. ווייל צו שווער און צו שטרענג איז דער פּראָטאָקאָל געגען איהם צוזאַמענגעשטעלט געוואָרען. ווען די דייטשען האָבען זיך דער־נעהנטערט צו ווילנער גובערניע, איז אונזער מעמלער אָבגעפיהרט געוואָרען קיין טיעף רוסלאַנד און צוליעב די מהומות האָט מען ניט געוואוסט וואוהין ער איז פאַרשלעפּט געוואָרען.

דער מסור, דער גאַרבער, האָט אָבער זיין פאַרדינטען פּסק געקראָגען. ער איז פאַרבליבען אין ווילנער געגענד וועלכער איז דאַן קירצליך אָקופּירט גע־וואָרען פון דער דייטשער אַרמעע. האָט גראָד פּאַסירט, אַז אין דער אָפּטריי־לונג פון יענער אַרמעע האָט זיך געפונען אַן אָפיציר, וועלכער איז געווען אַ

דאָקטאָר־מעדיצין, מיט׳ן נאָמען לייבאָוויץ, אַ ברודער פון אפרים׳ן. איז ער אַראָפּגעפאָהרען קיין ראַדין ספּעציעל אויסצוגעפינען וואו זיין ברודער געפינט זיך. מען האָט איהם דערצעהלט די גאַנצע מעשה, אויך אַז דער מסור געפינט זיך ערגעץ אין דעם געגענד.

ער האָט אין זיין צער בעשלאָסען ניט צו רוהען ביז ער וועט זיך אָפּרעכענען מיט דעם אויסוואורף. ער האָט אָנגעווענדעט פאַרשידענע עצות און מיטלען ביז וואַנען ס׳איז איהם געלונגען אויסצוזוכען דעם שפּיאָן וועמען ער האָט גלייך אויפ׳ן אָרט דערשאָסען.

זייענדיג אין רוסלאַנד האָט דער חפץ חיים טראָץ די אָנשטריינגונגען פון זיינע מקורבים ניט געפונען קיין שפור וואו אפרים איז אַהינגעקומען. עס זיינען פאַריבער כמעט צוויי יאָהר ביז׳ן סוף זומער פון יאָהר תרע״ו, ווען אַ ווילנער איד, אַ פּאַדריאַטשיק אין דער טורמע פון דער שטאָדט פּענזע (טיעף רוסלאַנד), האָט איינמאָל געהערט ווי אַ יונגער אידישער אַרעסטאַנט רופט איהם דורך די גראַטעס. דער בחור׳ל האָט דעם אידען געבעטען, אַז ער זאָל אַזוי גוט זיין מודיע זיין דעם חפץ חיים, אַז ער, אפרים מעמלער, געפינט זיך דאָ אין טורמע. דער איד האָט זיין פאַרלאַנג ערפיהלט. דורך דער פאַרמיטלונג פון זיינעם אַ תלמיד, איז דער חפץ חיים געקומען אין פאַרבינדונג מיט׳ן אַרעסטאַנט.

שמיני עצרת אין יאָהר תרע״ז איז ערהאַלטען געוואָרען אַ טעלעגראַמע, אַז אין גיכען דאַרף פאָרקומען דער משפט פון אפרים׳ן. דער חפץ חיים איז דאַן געווען אין גלות אין סעמיאַטש, מאָהליוער גובערניע. אויף מאָרגען, שמחת תורה, ווען דער חפץ חיים איז אויפגערופען געוואָרען צו אַן עליה, האָט ער בעפאָר מאַכענדיג די ברכה, אָנגעפאַנגען קלאַפּען מיט דער האַנד אין טיש און אויסברעכענדיג אין אַ געוויין, האָט ער גע׳טענה׳ט:

„רבונו של עולם, דו ביזט דאָך אַ בעל הרחמים, פאַרוואָס לאָזטו צו, אַז דיינע קינדער זאָלען אַזוי פיעל ליידען? אָט ליגט די תורה וועלכע אפרים האָט מיט אַזאַ התמדה געלערענט און יעצט וועט ער נעביך אַזוי אומשולדיג געפייניגט !״...

אַלע פאַרזאַמעלטע האָבען ביי די ווערטער ביטער געוויינט אָהן אַן אויפהער, ביז וואַנען דער חפץ חיים האָט זיין איידים, ר׳ הירש׳ן, געבעטען אַז ער זאָל דעם עולם באַרוהיגען, ווייל ס׳איז דאָך פאָרט שמחת תורה.

גלייך נאָכ׳ן דאַוונען האָט דער חפץ חיים אָוועקגעשיקט אַ שליח קיין

פעטערבורג צום אַדוואָקאַט גרוזענבערג (וועלכער האָט זיך באַריהמט געמאַכט בשעתו מיט זיין וואונדערבאַרער פאַרטיידיגונג פון בייליס׳ן בעת׳ן בלוט־בלבול פּראָצעס) איהם צו בעטען איבערצונעמען די פאַרטיידיגונג. ליידער האָט גרוזענבערג, אויסהערענדיג דעם אינהאַלט, זיך ענטזאָגט פון צו זיין דער אַדוואָקאַט, ווייל ער האָט פשוט מורא געהאַט זיך צו פאַרבינדען מיט אַזאַ סאָרט פּראָצעס אין אַזאַ צייט ווען די לופט איז געווען אָנגעפילט מיט האַס און חשד געגען אידען.

ווען דער חפץ חיים איז אינפאָרמירט געוואָרען פון גרוזענבערג׳ס אָפּזאָג, האָט ער טראָץ אַלע שוועריגקייטען אויף קיין זאַך ניט געקוקט, נאָר באַשלאָסען אַליין צו איהם צו פאָהרען. קומענדיג צו גרוזענבערג׳ן האָט איהם דער לעצטער געפרעגט צי קען ער אַליין עדות זאָגען, אַז דער באַשולדיגטער איז ווירקליך ריין פון דעם שפּיאָנאַזש חשד. האָט דער חפץ חיים אין זיין תמימות׳־דיגקייט איהם געענטפערט, אַז ער איז זיכער, אַז דער באַשולדיגטער איז ריין און אומשולדיג און אַז גרוזענבערג אַליין קען עס זיך איבערצייגען פון דעם פאַקט, וואָס אַזאַ אַלטער און שוואַכער מאַן ווי ער, האָט אונטערגענומען אַזאַ ווייטע און שווערע רייזע, אַזש פון סעמיאַטש קיין פעטערבורג, כדי דעם בחור ריינצוואַשען.

האָט גרוזענבערג אויף דעם באַמערקט: „רבי, איהר זייט שוין גראָד אַ יונגערמאַן, אויב איהר באַזיצט אַזוי פיעל יוגענדליכע ענערגיע און פרישקייט, מאַכענדיג אַזאַ ריזיקאַלישע רייזע כדי צו ראַטעווען אַ אידיש לעבען... מיר זיינען עס די אמת׳ע אַלטע, ווייל מיר האָבען ניט אַזאַ געפיהל״... און צו זיין פרוי וועלכע איז געשטאַנען לעבען איהם, האָט ער אַ טיעף־געריהרטער באַמערקט אין רוסיש: „וואָלט אַ הויכער קריסטליכער גייסטליכער אַזאַ ריזיקאַלישע און מסירת נפש׳דיגע רייזע אונטערגענומען אין אזא צייט ווען מענשען־לעבענס זיינען הפקר, כדי צו ראַטעווען דאָס לעבען פון אַ פרעמדען אינגעל, אַ יחיד?״

גרוזענבערג האָט זיך ענטשולדיגט און איז אויף אַ ווייל ארויסגעגאַנגען פון צימער, האָט דאַן דער חפץ חיים באַמערקט צו זיינע באַגלייטער (די תלמידים הרב יחזקאל סארנא, איצט ראש ישיבה פון חברון, און הרב הלל גינזבורג, איצט דער איידים פון דעם חפץ חיים׳ס צווייטער פרוי), „ער איז גראַד אַ גוטער מענש!... הלואי וואָלט ער אזוי גוט געווען אין עבודת הבורא! עס פעהלט דער רוח תורה... באַדאַרפט נתחנך ווערען אין אַ ישיבה...

צוריקקעהרענדיג זיך האָט גרוזענבערג ווידער באַטאָנט, אַז עס טהוט איהם זעהר לייד, וואָס ער פערזענליך מוז זיך ענטזאָגען צו נעהמען אויף זיך די פאַרטיידיגונג, ווייל ער פיהלט זיך ניט בכח ביי דיזער צייט אויפצוטרעטען אין אַ קריגס־געריכט... ער האָט זיך אָבער נאָר וואָס פאַרשטענדיגט מיט אַ קריסטליכען אַדוואָקאַט, קאַפּיטאַן זוויאזיק, וועלכער איז מרוצה אָנצופיהרען די פאַרטיידיגונג, און אַז ער גלויבט אַז לטובת הענין איז אפשר גלייכער, אַז אַ גוי זאָל זיין דער אַדוואָקאַט איידער א איד.

פאַר׳ן חפץ חיים׳ס אַוועקגעהן האָט גרוזענבערג פאַרגעשטעלט פאַר איהם זיין יונגען זוהן און איהם געבעטען, אַז ער זאָל איהם בענשען. האָט דער חפץ חיים איהם געגעבען אַ ברכה, און נאָכדעם באַמערקט מיט אַ שמייכעל: „זאָל דער אויבערשטער געבען אַז אייער זוהן זאָל זיך פאראינטערעסירען אין אי־דישקייט און זיין גרייט פאַר הצלת נפשות — אַ נפש אחת מישראל — מעהר ווי זיין פאָטער״.

פאָרגעקומען איז דער משפט אין חדש טבת תרע״ג אין דער שטאָדט וויטעבסק פאַר אַ קריגס־געריכט באַשטעהענד פון דריי רוסישע גענעראַלען אַלס ריכטער. אַלס עדות זיינען גערופען געוואָרען דער חפץ חיים, זיין איי־דים ר׳ הירש לעווינסאָן און הגאון ר׳ אלחנן וואַסערמאַן (איצט ר״מ פון ישיבת אהל תורה, באַראַנאָוויץ).

דעם טאָג ווען דער פּראָצעס האָט זיך אָנגעפאַנגען, האָט דער חפץ חיים מודיע געווען אַלע ישיבות אין דאַמאָלטדיגען רוסלאַנד מ׳זאָל מתפלל זיין און זאָגען תהלים, און אין זיינע אייגענע ישיבה האָבען אַלע דאַמאָלט אויסער דעם אויך געפאַסט.

אין געריכט איז דער חפץ חיים צווישען אַנדערעס געפרעגט געוואָרען צי ער איז גרייט צו שווערען, אַז דער באַשולדיגטער איז דעם פאַרברעכען ניט בעגאַנגען. האָט דער רבי געענטפערט: „איך האָב קיינמאָל אין מיין לעבען קיין שקר ניט געזאָגט, אָבער צו שווערען אפילו אויף אַן אמת בין איך ניט בכח״.

דער קריסטליכער פאַרטיידיגער האָט נאָך זיין עדות זאָגען אויפגעקלעהרט די שופטים ווער אָט דער דאָזיגער עדות איז. אַלס אילוסטראַציע האָט ער זיי דערצעהלט דעם עפּיזאָד, אַז איינמאָל זייענדיג אין וואַרשא, איז דער חפץ חיים אין גאַס אָפּגעשטעלט געוואָרען פון אַ מאַן וועלכער האָט געבעטען, אַז ער זאָל איהם אויסבייטען אַ פינף רובעלדיגע אַסיגנאַציע. ווען דער רבי האָט ארויס־

גענומען זיין געלד־טאַש האָט דער פרעמדער עס פון זיין האַנד ארויסגעכאַפּט און מיט דעם אַנטלאָפען. האָט איהם דער רבי נאָכגעשריען, אַז ער איז איהם מוחל במחילה גמורה, און צו זיינע באַגלייטער וועמען ער האָט זיך באַמיהט צוריקצוהאַלטען פון נאָכלויפען דעם גנב, אָדער מאַכען א געוואַלד, האָט ער אַ רוהיגער באַמערקט: „די נויט האָט איהם מסתמא געבראַכט צו אַזאַ לאַגע, שפּעטער וועט ער זיך אפשר באַדיינקען און האָבען חרטה, טאָ צו וואָס זאָל ער האָבען געגעסען גנבה׳שע? ס׳איז דאָך בעסער ער זאָל עסען כשר׳ע״.

דעם אַדוואָקאַטס אילוסטראציע האָט פאַראורזאַכט דעם פאָלגענדען דיאַ־לאָג צווישען איהם און דעם פאָרזיצענדען פון געריכט.

פאָרזיצענדער: „הערר אַדוואָקאַט, גלויבט איהר טאַקע אַליין אויך אין דער דאָזיגער מעשה?״

אדוואָקאַט: „ניין, הערר ריכטער, איך האַלט עס בלויז פאַר אַ לעגענדע״.

פאָרזיצענדער: „אויב אַזוי, טאָ וואָסער באַוויז ברענגט איהר?״

אַדוואָקאַט: „ענטשולדיגט מיר, הערר פאָרזיצענדער! קענט איהר מיר ערקלעהרען פאַרוואָס עפּעס דערצעהלט דאָס פאָלק וועגען אייך ניט אַזעלכע לעגענדעס? דיינקט איהר ניט, אַז דאָס שאפען לעגענדעס וועגען אַ געוויסע פערזאָן איז גלייכצייטיג אַ באַשטעטיגונג אויף זיין גרויסקייט?״

פאָרזיצענדער: „יאָ, מיר האָבען טאַקע דעם פולסטען צוטרוי צום עדות, אַז ער מיינט צו זאָגען דעם אמת, און מיר גלויבען אַז ער וויל קיין ליגען ניט זאָגען, אָבער דער דייטש איז אַזוי קלוג, אַז ער האָט די אַלע גרויסע רבנים אויך אָפּגענאַרט״.

דער פּראָקוראָר (פּראָסעקיוטאָר) האָט זיך נאָכהער באַמיהט אָפּצושוואַכען דאָס עדות זאָגען פון חפץ חיים. ערקלערענדיג אין זיין רעדע, אַז אַבוואָהל ער צווייפעלט ניט אין דער אויפריכטיגקייט און עהרליכקייט פון דעם אלטען „זשידאָווסקי ראווין״ וועמען אידען באַטראַכטען אַלס היילגען, דאָס אָבער פאַרשטאַרקט אדרבא נאָך מעהר דעם באַוויז, אַז דער באַשולדיגטער האָט זיך פאַרנומען מיט שפּיאָנאַזש, אַז אַרויסגעבענדיג צו די דייטשען געהיימניסע, האָט ער געהאָלפען פאַראורזאַכען דאָס פאַלען פון קאָוונער פעסטונג, ווייל ער האָט זיך פאַרזיכערט, אַז איהם וועט זיך געלינגען אויסצובעהאַלטען אין דער ישיבה און אויב ער וועט אפילו ארייגפאַלען וועט איהם דיזער אלטער פאַרטײ־דיגען... נאָכדעם ווי ער האָט פּאַטעטיש געשילדערט די רוסישע לעבענס וועל־כע זיינען געפאַלען ביי קאָוונע, די יסורים פון די פאַרקריפּעלטע און פאַר־

וואונדעטע און די ליידען פון די פאַר׳יתום׳טע און עלענד געבליבענע קרובים, און די חרפּה וואָס זיין (כלומר׳שטער) טהאָט האָט גורם געווען פאַר׳ן צאַר באַטיושקאַ, און דער מוטער־לאַנד, האָט ער שטרייננ געפאָדערט טויט־שטראָף פאַר׳ן באַשולדיגטען.

נאָכדעם ווי די ריכטער זיינען אריין אויף אַ קורצע באַראַטונג, האָט דער פאָרזיצענדער, אַרויסקומענדיג, פאַרגעלייענט צווישען אַנדערעס דעם אורטייל, וועלכער האָט זיך אומגעפעהר טיילווייז אַזוי געלעזען:

„דער דייטשער אונטערטהאַן אפרים לייבאָוויץ איז געפונען געוואָרען ביים ספּעציעלען קריגס־געריכט שולדיג אין שפּיאָנאַזש געגען רוסלאַנד לטובת דעם שונא די רעגירונג פון זיין פאטערלאַנד. די פאָלגענדע צוויי פאַקטען לאָזען ניט איבער קיין צווייפעל אין דער ריכטיגקייט פון דער באַשולדיגונג: 1) ער האָט זיך אין קיינער צייט ניט געמאָלדען צו דער לאָקאַלער מאַכט אלס דייט־שער אונטערטהאַן און ספּעציעל נאָכ׳ן אויסברוך פונ׳ם קריעג ווען אַלע אין רוסלאַנד אונטער אַ דראָהונג פון אַ שווערע שטראָף זיינען אויפגעפאָדערט געוואָרען דאָס צו טהאָן; 2) דער פּלאַן פון קאָוונער פעסטונג וועלכעס איז געפונען געוואָרען אין זיין האַנט, דאָס אלעס, לאָזט ביי די ריכטער ניט איבער קיין צווייפעל, אַז דער באַשולדיגטער איז אַ געפעהרליכער שונא פון רוס־לאַנד.

„לויט׳ן אַרטיקעל 132 פון קריגס קאָדעקס, פּאַראַגראַף... ווערט דער באַשולדיגטער פאַראורטיילט צו טויט־שטראָף.

„אָבער אַזוי ווי ער ציינט זיך אויס צו זיין מינדעריעהריג ווערט זיין טויט־שטראָף פאַרביטען אויף צוועלף יאָהר שווערע טורמע (קאַטאָרגע). אַזוי ווי צוויי יאָהר איז ער שוין אָפּגעזעסען דאַרף ער זיצען נאָך צעהן יאָהר״.

דער בחור׳ל האָט פון גרויס שרעק גע׳חלש׳ט. די אַנוועזענדע אין גע־ריכט האָבען זיך באַגאָסען מיט אַ שטראָם פון הייסע טרעהרען. קוקענדיג אויפ׳ן אומשולדיגען אַרעסטאַנט, האָבען זיי געיאָמערט: „וועה, וועה, אַזאַ שוואַכער אינגעל, ווי אַזוי וועט ער עס איבערטראָגען!״

ארויסגעהענדיג פון געריכט, האָבען די תלמידים אָנגעפאַנגען טראַכטען פּלענער ווי אזוי צוריקצוהאַלטען די שרעקליכע נייעס פון רבי׳ן. מורא האָ־בענדיג, אַז דער באַריכט זאָל חלילה ניט האָבען אַ געפעהרליכע ווירקונג אויף זיין שוואַכען פיזישען צושטאַנד.

האָט מען איהם לכתחילה דערצעהלט, אַז ער איז בלויז פאַראורטיילט גע־

וואָרען אויף צוויי יאָהר טורמע. דערפיהלענדיג אָבער, אַז מען באַהאַלט פון איהם די ריכטיגקייט, האָט ער געפאָדערט מען זאָל איהם גלייך דערצעהלען דעם גאַנצען אמת. אַלע אַנוועזענדע האָבען דאַן אויסגעבראָכען אין אַ מורא׳דיגען געוויין. דערהערענדיג דעם אורטייל, האָט דער חפץ חיים צוערשט אָפּגעגעבען אַ שבח והודיה צום אויבערשטען וואָס אַ דאַנק זיין חסד און רחמנות איז אפרים ניצול געוואָרען פון טויט. מיט אַ רוהיגען גלעטענדען טאָן האָט ער דאַן געזוכט אַלעמען צו מוטיגען, טרייסטען און שטאַרקען. וואָס ס׳שייך דעם משפט איז זיין באַמערקונג געוועזן בזה הלשון:

„זיי האָבען איהם צוגע׳משפט צעהן יאָהר תפיסה. שוטים וואָס זיי זיינען! און אַז זיי וועלען זיך האַלטען צעהן חדשים ווייסען זיי? און אַפילו צעהן וואָכען זיינען זיי שוין זיכער? ניין! אויף אזוי פיעל זיינען זיי קיין בעלי דעה נישט!״

עס איז ווירקליך געווען „כשגגה היוצא מלפני השליט״, ווייל גליקליכערווייזע האָט טאַקע אַזוי פּאַסירט. מיט צוויי חדשים שפּעטער, כ״ב אדר תרע״ז איז דער צאַר ניקאָלאַי אַראָפּגעזעצט געוואָרען פון טראָהן. ווען די רעוואָלוציאָנערע קערענסקי רעגירונג האָט איבערגענומען די מאַכט איז אונזער כלומר׳שטער שפּיאָן אפרים, אַ דאַנק די אינטערווענציע פון גרוזענבערג׳ן, גלייך באַפרייט געוואָרען צוזאַמען מיט די פּאָליטישע אַרעסטאַנטען.

דערצעהלט דער גאון און צדיק, ר׳ ברוך בער לייבאָוויטש (ראש ישיבה פון קאַמענעץ) אַז ער איז דערביי געווען בעת זיין גרויסער רבי, ר׳ חיים בריסקער, האָט הערענדיג וועגען חפץ חיים׳ס באַמערקונג מכח דעם משפט, געזאָגט בזה הלשון:

„דער חפץ חיים האָט ניקאָלאַי׳ן פון טראָהן אַראָפּגעוואָרפען... עס קענען נאָך אָבער קומען אַנדערע צו דער מאַכט וועלכע וועלען זיין פיעל ערגער״.

אַזוי ווייט, איז געווען דער גלויבען פון די גדולי הדור, האָט דער חפץ חיים געקענט דערגרייכען מיט׳ן כח פון זיין צדקות.

ד.

# נאָך דער רעוואָלוציע

אין סעמיאטש איז דער חפץ חיים פאַרבליבען זאָגאַר נאָכדעם ווען דער רוסישער צאַר און זיין טיראַנישע אָרדנונג זיינען באַזייטיגט געוואָרען. זעלבסט־פאַרשטענדליך, אַז מעהר ווי אַלע האָבען די אידען פריי אָפּגעאָטעמט, אָבער די פרייהייט מיט איהרע זיסע חלמות און האָפנונגען אויף דער צוקונפט האָט זיי ניט פאַר׳שיכור׳ט אַזוי ווי זייערע ברידער אין מערב אייראָפּא ווען די פראַנצויזישע רעוואָלוציע מיט איהרע לאָזונגען פון עמאנציפּאַציע האָט דערוויטערט פון אידענטום. דער רוב מנין ורוב בנין איז דאמאלט געשטאַנען גאַנץ ווייט פון אסימילאַציע. די אָרטיגע אידען האָבען גראָד מיט אַלע כחות געזוכט איינצואָרדנען זייער ניי־לעבען אויף די אַלטע אויסגעפּרובירטע יסודות פון טראַדיציע.

אין דער רוסיש־אידישער וועלט האָט דאַמאָלט געקאָכט און געשטורעמט צוליב די הכנות צום פאַרשטעהענדען „אַל־רוסלענדישען אידישען קאָנגרעס״, וועלכער האָט באַדאַרפט אויסאַרבייטען די נייע לעבענס־פאָרמען, וועלכע די רעוואָלוציע האָט געשאַפען און אויך צו פאַרפאַסען די קאָנסטיטוציע פאַר דער אידישער אויטאָנאָמיע. אויף דער אידישער גאַס זיינען דאַמאָלט איבערנאַכט אויסגעוואַקסען פאַרטייען, ווי שוועמלאַך, יעדע מיט איהר כלומר׳שט אייגענאַרטיגען פּראָגראַם. ציוניסטען, בונדיסטען, פאלקיסטען, סאָציאַליסטען און אַנדערע. יעדער גרופּע האָט פּרעטענדירט צו זיין די וואָרט־זאָגערן פון די אַכציג פּראָצענט אונאָרגאַניזירטע אידען דאָס הייסט די גרויסע מאַסע „די אידען פון אַ גאַנץ יאָהר״. יעדע פאַרטיי האָט קאָנצענטרירט איהרע כחות צו געווינען אָט די דאָזיגע אידען דורך ענערגישע פּראָפּאַגאנדא, ווי רעדעס, אַ מבול פון פּראָקלאמאציעס, א. א. וו.

באַגרייפענדיג דעם כח פון פאַראייניגונג האָבען די אָרטאָדאָקסישע אידען אויך ערוואַכט. אידען דאָ און דאָרטען האָבען זיך אָרגאַניזירט אין קערפּערשאַפטען כדי ווי אַמבעסטען צו קאָנען פאַרטיידיגען זייערע לעבענס־אינטע־

רעסען. עס זיינען ענטשטאַנען פאַרשידענע אָרטאָדאָקסישע אָרגאַניזאַציעס אין די הויפט צענטערן פון רוסישען אידענטום. די „נצח ישראל" אין פעטערבורג, „מסורה וחירות" אין מאָסקווע, „אחדות ישראל" אין אוקראינע, „אגודת ישראל" אין ווייס־רוסלאַנד. אויך איז אונטער דער פיהרערשאַפט פון דעם ליובאַוויטשער רבי'ן, מהרש"ד שניאורסאָן, געגרינדעט געוואָרען די „שלומי אמוני ישראל" אין פעטערבורג.

כדי אַרויסצושטעלען אַ פאַראייניגטען פראָנט פון אַלע אָרטאָדאָקסישע אידען ביי דעם אַלגעמיינעם קאָנגרעס און כדי געמיינשאַפטליך אויסצואַרבייטען אַ פלאַטפאָרמע אין איינקלאַנג מיט'ן טראַדיציאָנעלען גייסט איז אין חדש סיון פון יאָהר תרע"ז פאַררופען געוואָרען אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג אין מאָסקווא פון די פאַרשידענע אָרטאָדאָקסישע אָרגאַניזאַציעס אין אַלע טיילען פון רוסלאַנד. דער חפץ חיים, דער ליובאַוויטשער רבי, ר' איצעלע פאָנעוויעזער זיינען ביי אַזעלכע אסיפות געווען די פיהרענדע גייסטער.

עס איז דאַן געגרינדעט געוואָרען אַן איבער פאַרטייאישער פאַרטיי „אחדות", וועלכע האָט ווירקליך רעפרעזענטירט די גרויסע מאַיאָריטעט פון רוסישען אידענטום.

דער אויפרוף צום פאָלק דאַטירט חדש אייר תרע"ז איז אונטערגעשריבען פון חפץ חיים און פון די חשוב'סטע גדולי הדור, וועלכע האָבען זיך דאַן געפונען אין רוסלאַנד, ווי ר' חיים סאָלאָווייטשיק, בריסק; ר' יצחק ראַבינאָוויץ, פאָנעוויעז; ר' מאיר אטלס, שאוויל; ר' זלמן סנדר כהנא שפירא ר' אלי ברוך, מיר; ר' אליעזר ראבינאָוויץ, מינסק; ר' משה מרדכי עפשטיין, סלאבאָדקע; ר' שלום דוב שניאורסאָן אדמו"ר מלובאוויטש, ר' חיים עוזר גראדענסקי, ווילנע, א. א. וו.

דער אויפרוף לעזט זיך טיילוויז אַזוי:

„אלעמענס הערצער זיינען דורכגענומען מיט אַ שטאַרקען וואונש, אַז די שלומי אמוני ישראל (טראַדיציאָנילע אידען) זאָלען זיך אָרגאַניזירען אין אַן אַלגעמיינע אָרגאַניזאַציע. נאָך מיט צעהן יאָהר צוריק האָבען די גדולי ישראל פאַרשטאַנען די נויטווענדיגקייט פאַר רעליגיעזע אידען צו זיין פאַראייניגט. עס איז דאמאָלט געגרינדעט געוואָרען אַן אָרגאַניזאַציע מיט'ן נאָמען „כנסת ישראל". און אין אויסלאַנד איז נאָכער געשאַפען געוואָרען אַן עהנליכע פאַראייניגונג מיט'ן נאָמען „אגודת ישראל". גרויס איז געווען דער תועלת און דאָס אויפלעבונג וועלכע אַזעלכע באַוועגונגען האָבען פאַראורזאַכט.

ליידער האָט ביי אונז דאמאָלט אַזאַ באַוועגונג זיך ניט געקאָנט ענטוויקלען צוליב די שטערונגען פון דער אכזריות'דיגע רוסישע רעאַקציע.

„אָבער איצט ווען אַלע שוועריגקייטען מצד דער רוסישער רעגירונג זיינען באַזייטיגט געוואָרען אַ דאַנק דער איבערקערעניש און דעם שינוי הסדר, וועלכע די רעוואָלוציע האָט געבראַכט. אין דער ליכט פון פרייהייט אָרגאַני־זירט זיך יעדער פּאַרטיי לויט איהר באַזונדערע איבערצייגונגען און פאַר־לאַנגען.

„עס איז דאריבער פון גרויס וויכטיגקייט פאַר די רעליגיעזע אידען וועלכע זיינען דער רוב מנין פון פאָלק, אַז זיי זאָלען זיין פאַראייניגט פאַר'ן וואהל־זיין פון אונזער פאָלק און תורה. אחדות אין דיזען מאָמענט איז אַ נויט־ווענדיגקייט אַזוי ווי לופט צו אָטעמען. דורך אחדות איז מעגליך צו דער־גרייכען גדלות אין אונזערע שטרעבונגען; צו פאַרזיכערען, אַז מיר זאָלען אונגעשטערט קאָנען אָפּהיטען אונזער גייסטיגע ירושה — די געטליכע תורה וועלכע איז אונזער נשמה, און איהרע הייליגע טראַדיציעס וועלכע זיינען פון דור דורות איבערגעגאַנגען צו אונז".

פון דער פּלאַטפאָרמע האָט ר' איצעלע פּאָנעוויעזער געפאָדערט אין דער ליכט פון איהרע פּרינציפּען צו ענטשיידען די אַלע פאַרשידענע פּראָבלעמען, וועלכע דאָס לעבען בריינגט.

אינטערעסאַנט איז, ווען ס'איז געקומען אויסצואַרבייטען די פּרינציפּען פון דער פּלאַטפאָרמע האָט ר' איצעלע פּאָנעוויעזער דאמאלט געפאָדערט מ'זאָל אויך אריינגעמען די אגראַר־פראַגע און זיך ערקלערען פאַר דאָס רעכט פון דער מלוכה אונטער געוויסע באַדינגונגען אָפּצונעמען די ערד פון די פּריצים און עס צוטיילען צו די פּויערים. ווען אַנדערע רבנים, דעלעגאַטען האָבען געגען דעם פּראָטעסטירט, ווייל די דאָזיגע פראַגע איז אַ ריין רוסישע און האָט קיין שייכות ניט צו אידען, האָט ר' איצעלע באַוויזען, פאַנאַנדערגלי־דערענדיג די פאַרשידענע פּאַרטייאישע פּלאַטפאָרמען אין דיזער פראַגע, אַז עס האָט יאָ אַ שייכות צו אידען צוליב'ן פּרינציפּ פון זעלבסט־אייגענטום. עס דאַרף ווערן פעסטגעשטעלט ווי ווייט די מלוכה האָט דאָס רעכט מבטל צו מאַכען דעם קנין יחידים, 1). ס'איז ענטשטאַנען אַ הייסער וכוח און ר' איצעלע'ס רעוואָלוציאָנערער פאָרשלאַג איז אַראָפּגענומען געוואָרען פון טאָגעס אָרדנונג

1) זעה „גדולים פון אונזער צייט" — יעקב מארק זייטע 134; מ'האט דאַן ר' איצעלע'ן גערופען „דער רעוואלוציאָנערער גאון".

דער חפץ חיים האָט דאַן גענומען אַן אַקטיווען אַנטייל אין אַלע ברענענ־דיגע פראַגען אין דאָס אויפשטעלען פון פראָגראַם האָט ער מדקדק געווען עס זאָל זיך ניט אַריינכאַפּען אַזעלכעס וועלכעס ער האָט באַטראַכט אַלס שעדליך.

זיצענדיג איינמאָל ביי אַ מיטינג צוזאַמען מיט׳ן ליובאַוויטשער רבי׳ן האָט דער חפץ חיים דערהערט, אַז די אויפגאַבע פון מיטינג איז צו נאָמינירען אַן עקזעקיוטיוו קאָמיטע. האָט ער זיך אויפגעהויבען און אַנטשולדיגט, אַז ער קאָן זיך ליידער ניט באַטייליגען אין די באַראַטונגען. ווען ער האָט גע־נומען פאַרלעזען דעם חדר, האָט דער ליובאַוויטשער רבי, אַן איבעראַש־טער זיך אויפגעשטעלט און צוגעשטאַנען צו איהם מיט דער פראַגע פאַרוואָס ער געהט אַוועק, האָט איהם דער חפץ חיים תמימות׳דיג געענטפערט היות ווי מ׳געהט אויסקלייבען מענשען וועט מען דאָך דערמאָנען נעמען און אויף יעדען איינעם זוכען חסרונות, שרעקט ער זיך דאַריבער פאַר לשון הרע . . .

ליידער האָבען די האניג מאָנאַטען פון דער רוסישער רעוואָלוציע לאַנג ניט אָנגעהאַלטען. דער זומער איז אַוועק. די באָלשעוויקעס האָבען פאַר־כאַפּט די מאַכט און ברוטאַל צושטערט אַלע רעליגיעזע באַוועגונגען.

ה.

# אונטער די באָלשעוויקעס

אין סעמיאַטש, אויך אונטער די באָלשעוויקעס האָבען די ישיבה בחורים ניט געליטען קיין הונגער, אַ דאַנק דעם רעספעקט וואָס די מאַכט באַזיצער האָ־בען געהאַט פאַר'ן חפץ חיים. ניט איינמאָל זיינען זיי געקומען צו איהם נאָך אַ ברכה.

ווען דער מלחמה פון די ווייסע קעגען די רויטע רעגירער האָט זיך דער־נעהענטערט קיין סעמיאַטש האָט דער חפץ חיים באַשלאָסען אויסצואוואַנדערן טיפער אין רוסלאַנד. עס איז געווען שבת און דער חפץ חיים האָט בייטאָג געהאַלטען אַ געזעגענונג'ס־דרשה אין שוהל. ער האָט ראשית געבעטען דעם עולם, היות ווי ער האָט מיט זיי געוואוינט אַ לענגערע צייט קאָן דאָך זיין, אַז ער האָט וועמען עס איז באַליידיגט, אָדער פוגע בכבוד געווען זאָל מען איהם דאריבער מוחל זיין. ער האָט אַלעמען אויפגעפאָדערט צו בלייבען מוטהיג און שטאַרק אין זייער אמונה, אָפּהיטען שבת, טהרת המשפחה, חסד און צדקה. דערהויפּט האָט ער געבעטען מען זאָל אַכטונג געבען אויף די אָרימע לייט אין שטאָדט, אַז זיי זאָלען ניט ליידען חלילה קיין הונגער. ער האָט אזוי ווי אַ טאַטע האָט זיך געבעטען, אַז די רייכע קינדער זאָלען אַכטונג געבען אויף די אָרימע. נאָך אַזאַ האַרציגע התעוררות זיינען אלעמענס אויגען פייכט גע־ווען פון די פילע טרעהרען, וועלכע זיי האָבען בעת זיין רעדען פאַרגאָסען. נאָך מנחה ווען דער עולם האָט זיך געוואַשען צו שלש סעודות, איז דער חפץ חיים נאָך אַלץ געבליבען טיעף פאַרזאָרגט.

פלוצלונג האָט ער באַמערקט דורכ'ן פענסטער דורכגעהן דעם אידישען קאָמיסאַר „אָרטשיק". ער האָט איהם געבעטען אַריינקומען אין שוהל. ווען ער איז אַריינגעקומען האָט דער חפץ חיים איהם איינגעלאַדען צו עסען מיט איהם צוזאַמען שלש סעודות. דער קאָמיסאַר האָט, וואַהרשיינליך מורא געהאַט, אַז זיין קאָמוניסטישע כשרות וואָלט דורך אַזאַ טהאט גשטעלט געוואָרען אונטער

אַ חשד, האָט ער דאַריבער זיך אַנטשולדיגט מיט'ן תירוץ, אַז ער איז פאַרנומען און קאָן ניט בלייבען.

דער חפץ חיים האָט איהם דאַן געבעטען, אַז ער זאָל זיך כאָטש צוהערען צו זיינע אַ דבר תורה. אָבער דאָס האָט דעם קאָמוניסט ניט ווינציגער אָפּ־געשראָקען. ער האָט זיך געבעטען: „רבי איך בין דאָך אַ גראָבער יונג, אַ פּראָסטאַק, אַ גוי, טאָ ווי קום איך צו תורה?״

דער חפץ חיים האָט איהם אָבער ניט אָפּגעלאָזען און האָט מיט אַ ליבלי־כען טאָן און גוט־מוטיגען שמייכעל געזאָגט:

„איך וועל אייך זאָגען עפּעס פון חומש, וועלכעס איהר האָט געלערנט אַלס קינד און איהר וועט עס זיכער פאַרשטעהן״. אַרטשיק האָט קיין ברירה ניט געהאַט און האָט זיך צוגעהערט וואָס דער חפץ חיים האָט איהם געזאָגט, נעמליך:

„עס שטעהט אַז „ועץ החיים בתוך הגן״ מאַכט דער תרגום: „באמציעות גינתא״, ד. ה. דער בוים פון לעבען איז געשטאַנען אין מיטען פון גאָרטען, אָדער גן עדן, פאַרוואָס עפּעס דוקא אינמיטען און ניט אָן אַ זייט? דער תירוץ איז, אַז די תורה וויל אונז לערנען מיט דעם אַז צום לעבענס־בוים קאָן מען דערגריי־כען פון אַלע זייטען גלייך. אַנדערע קומען צו זייער גייסטיגע שטרעבונגען דורכ'ן וועג פון תורה, אַנדערע דורך עבודה, אַנדערע דורך צדקה, אָדער חסד.

„וויסען זאָלט איהר, אַז כל זמן איך בין געווען אין שטאָט האָב איך גע־זאָרגט, אַז די אָרימע זאָלען האָבען וואָס צו עסען, יעצט אַז איך פאָהר אַוועק און איהר בלייבט דאָ, בעט איך פון אייך, אַז איהר זאָלט פאַר זיי זאָרגען. אייער מאַכט האָט קאָנפיסקירט די תבואה פון די רייכע. ווען איהר וואָלט מיר גע־פאָלגט וואָלט איך אייך געוויס געהייסען עס צוריקגעבען צו די אייגענטימער, אַזוי ווי דער דין התורה פאָדערט. אָבער דאָס וויים איך, אַז איהר וועט ניט טהאָן. לכן בעט איך אייך אמוועניגסטענס אַכטונג צו געבען, אַז די אָרימעלייט זאָלען כאָטש פון דעם עפּעס געניסען, אַז זיי זאָלען חלילה ניט הונגערען.

„דיזער חסד וועט פאַר אייך זיין, דער וועג דורך וועלכען איהר וועט דער־גרייכען צום עץ החיים, (האָבען עולם הבא)״.

אַרטשיק איז אַזוי באַגייסטערט געוואָרען פון אָט די פשוט'ע ווערטער, אַז ער האָט אַ קלאַפּ טהוענדיג אין טיש אויסגעשריען:

„רבי, איך שווער, אַז איהר זייט עס דער איינציגער אמת'ער גרויסער

קאָמוניסט. מיר ווייסען נאָר ווי אַזוי צונעמען פון די רייכע און פארגעסען צו באַזאָרגען די אָרימע, אָבער איהר דאגה'ט באמת פאַר די אָרימע".

זייענדיג אין סעמיאַטש האָט דער חפץ חיים אַרויסגעגעבען דעם ספר „חובת השמירה" וועלכער באַשטעהט פון 13 פרקים און צום ענדע קומט אַ קונטרס „כבוד שמים" וועלכער האַלט 3 פרקים. דער ספר איז געדרוקט געוואָרען אין פאלטאווע אין יאָהר תרע"ח. אין זיין פתיחה צום קונטרס „כבוד שמים" ערקלערט דער מחבר, אַז ער פיהלט זיך ענטוישט וואָס זיינע ספרים „חפץ חיים", „ושמירת הלשון", וועלכע ער האָט אַרויסגעגעבען אין זיין יוגענד האָבען ניט געבראַכט דעם געהעריגען תיקון בנוגע דאָס אָפּהיטען זיך פון לשון הרע ורכילות, טראָצדעם וואָס זיינע ווערק ווערען פון אַלעמען געריהמט האָבען זיי דאָך ניט אויפגעטהאָן דאָס ערוואַרטעטע. און זיינע באַקאַנטע האָבען איהם דאַריבער געראַטהען צו פאַרפאַסען אַ קיצור פון אַלע פוסקים און מאמרי חז"ל, וועלכע באַריהרען די ענינים . . .

אין דער הקדמה צום ספר „חובת השמירה" ערקלערט דער מחבר, וואָס עס האָט איהם באַוועגען צו קאָנצענטרירען זיין אויפמערקזאַמקייט וועגען דעם מענשען'ס פליכטען אָפּצוהיטען זיין מויל, ווייל די מויל איז פעהיג אַריינצושלעפּען דעם מענשען אין אַ זומפּ פון זינד מעהר ווי אַלע אַנדערע טיילען פון מענשליכען אָרגאַניזם צוזאַמען גענומען — און ער אילוסטרירט ניט אַ משל: אַ מלך האָט איבערגעגעבען צו אַ פאַבריקאַנט 248 וועב־שטולען און אויך אַ סך רייע וואָל מיט לינען. דער קעניג האָט איהם געבעטען, אַז ער זאָל פאַר איהם פאבריצירען שעהנע וואַרע פאַר וועלכעס ער האָט איהם צוגעזאָגט צו באַפרידיגען אויף אַ גוטען אופן אויסער די אויסצייכענונגען וועלכע ערוואַרטען איהם, אויב נאָר די וואַרע וועט זיך אויסצייגען פיינער ווי אַלע אַנדערע. צווישען די אַלע וועב־שטולען איז געווען איין שטול וועלכער האָט געאַרבייט דורך עלעקטריציטעט. זעלבסט־פאַרשטענדליך, אַז דער פאַבריקאַנט האָט קאָנצענטרירט זיין הויפּט אויפמערקזאַמקייט אויף דיזער שנעלער וועב־מאַשין ווייל דורך איהר אַרבייט האָט ער אין איין שטונדע געקאָנט פאַרדינען מעהר ווי אין אַלע אַנדערע 248 וועב־שטולען; דאגעגען דאָס קלענסטע דורכפאַל קאָן איהם פאַראורזאַכען דעם גרעסטען שאָדען...

כך אַזוי, דער מלך מלכי המלכים האָט דעם מענשען געגעבען 248 אברים קעגען די 248 עשה'ן. יעדער אבר האָט זיך זיין ספעציעלע מצוה. צווישען זיי האָט דער אויבערשטער געשאָנקען דעם מענשען אַ מויל וועלכע קאָן איהם

אריינברייננגען די גרעסטע פארדינסטען. אין עטליכע מינוטען קאן דאך דער מענש אפלערנען הונדערטע ווערטער תורה און כידוע איז דאך יעדער ווארט תורה א מצות עשה און פון יעדער מצוה ווערט געשאפען א מלאך מליץ פאר׳ן מענשען . . . ווערהענד אן אונאפגעהיטע מויל קאן אין איין רגע פאראומ־גליקליכען דעם מענשען אויף אייביג . . .

דער חפץ חיים איז מיט זיין ישיבה אוועק קיין סנאווסק, טשערניגאווער גובערניע. לכתחילה האט ער זיך דארטען ווי עס איז איינגעארדענט. צו איהם פערזענליך האבען די באלשעוויקעס זיך באצייגען מיט ליבע און רעס־פעקט.

דארט האט א געוויסע צייט געהערשט אלס קאמיסאר א קריסט מיט׳ן נאמען „קרילאוו״. ער האט לכתחילה פארשאפט אלעמען גרויסע צרות מיט זיינע נייע פאראנדקעס. זאגאר די בני הישיבה האט ער ניט געשוינט. ער פלעגט זיי רופען צו צוואנגס ארבייט, זיי אוועק שיקען הונגעריגע און נאקעטע אין די וועלדער און זיי צווינגען צו טהאן עבודת פרך.

העלפט השי״ת, אז „טאווארישט״ קרילאוו ווערט שטארק קראנק, א נוטה למות. זיינע אידישע חברים זאגען, אז זיי וועלען געהן בעטען ביים חפץ חיים, אז ער זאל געזונט ווערען. ווען ער איז געזונט געווארען האט ער שוין מעהר פון די בני הישיבה ניט גענומען אויף ארבייט. ער פלעגט די בני הישיבה זיך לאזען פריי באוועגען. ער האט פארהייליגט דעם חפץ חיים. קוים פלעגט איהם איהם דערמאנען, אז ער האט עפעס א שייכות מיט׳ן חפץ חיים, האט ער שוין געהאט איינזעהניש מיט איהם. א דאנק איהם פלעגען אלע באלשאוויסטישע מאכט־האבער דעם חפץ חיים באהאנדלען מיט כבוד.

ווען זיי האבען איינמאל געהערט, אז דער חפץ חיים טרינקט טהעע אהן צוקער האבען זיי איהם געבראכט א מתנה צעהן פונט צוקער. צוקער איז דאמאלט געווען א קאסטבארער ארטיקעל, עס איז ממש ניט געווען בנמצא צו קויפען. דער חפץ חיים האט זיך אבער ענטזאגט צו נעמען פון זיי דעם צו־קער, ווייל „מסתמא״ האט ער געזאגט, „האבען זיי דאך עס צו גענומען פון א רייכען . . .״

עס איז ענטשטאנען איין רעוואלוציע נאך דער אנדערער. דער הונגער האט זיך געשטארקט, די רעפערסיעס און מלחמה דרוק האט געשטיקט, מחלות און עפידעמיעס האבען זיך פארשפרייט. ס׳זיינען קראנק געווארען בחורים אין דער ישיבה, אפילו די פאמיליע פון חפץ חיים איז ניט געשוינט

געוואָרען. י״ט חשון תרע״ח שטאַרבט די עלטערע טאָכטער פון ר׳ הירש׳ן וועלכע איז געוועזן אַ כלה פאַר איינעם פון די בעסטע ישיבה בחורים. נאָך דער לויה האָט געשיקט דער חפץ חיים אויסגעפינען ווי זיין טאָכטער שרה׳לע (די מוטער) פיהלט. ווען ער האָט דערהערט אַז זי איז רוהיג האָט דער חפץ חיים אַ צופרידענער באַמערקט „שרה׳לע איז טאַקע אַ בת דעת . . . ״

עס איז וואָס ווייטער געוואָרען אַלץ ערגער און מעהר אונערטרעגליך. דאָך וואָלט אַלעס דער חפץ חיים געדולדיג דורכגעטראָגען אָבער ניט אַ פאַר־זוך מעביר צו זיין על הדת. ער אליין דערצעהלט צווישען אַנדערעס אין אַ בריוו, דאַטירט יום ה׳ דסליחות שנת תרפ״א (ווען ער איז שוין געוועזן צוריק אין זיין היים אין ראדין). בזה הלשון:

„הנה גם אנכי שבעתי נדודים בארץ רוסיא. באלו שש שנים שהייתי עם הישיבה בשלשה מקומות: בסמילאוויץ, בשומיאץ ובסנאווסק, ובה״ה מצאתי חן בעיניהם וכלם החזיקו הישיבה באופן נעלה. אכן לבסוף, הטילו הגדולים עבודה רבה על כל העיר הן בחול, הן בשבת, ואיש לא יפקד מהם ואפילו הבחורים מאנשי בית המדרש היו ג״כ בכלל הזה. ולא יכולתי להצילם, והוסכם אצלנו לצאת ממקום שנתחלל כבוד השי״ת בפרהסיא לעיני הכל ולבא למקום שנוכל לקיים התורה (וגם לפי שיטתם הבזויה אין להזכיר כלל שם ה׳ ולהיפך ממה שכתוב בתורה למען ספר שמו בכל הארץ והם כל עבודתם והשתדלותם לשכח שם ה׳) ובה״ה שמילא רצוננו להוציאנו מארץ רוסיא...

אַלזאָ שפעטער צוליב די גזירות פון די אָרטיגע באָלשעוויקעס וועלכע האָבען געצוואונגען אַלעמען מחלל שבת זיין זאָגאַר די בני הישיבה, האָט ער זעהענדיג, אַז אַלע זיינע באַמיהונגען האָבען ניט געהאָלפען באַשלאָסען צו פאַרלאָזען רוסלאַנד. ער האָט ניט געקאָנט צוקוקען ווי דער כבוד השם ווערט פאַרשוועכט בפרהסיא דורך פאַרדאָרבענע ברואים וועלכע שטאַמען פון אידען און נוצען אויס זייער צופעליגע מאַכט צו פאַגראָמירען די אידישע גייסטיגע אוצרות.

דער חפץ חיים האָט געהאַט פון דעם גרויס יסורים. ער איז זאָגאַר אַליין געגאַנגען צום אידישען קאָמיסאַר און איהם שטרענג געווארנט אויפ׳ן ספע־ציפישען חפץ חיים שטייגער.

עס איז געוועזן שבת אין דער פריה. דער קאָמיסאַר איז געוועזן איבער־ראַשט פלוצלונג צו דערזעהן פאַר איהם דעם חפץ חיים. ער האָט זיך איהם

געבעטען זעצען אָבער דער אַלטיטשקער האָט אין אַן ערנסטען און אין האַלב שטרענגען טאָן גלייך אָנגעפאַנגען איהם דערצעהלען אַ מעשה.

„אין אַ דאָרף באַהענט צו סמילאָוויץ, האָט אַמאָל געוואוינט אַ איד וועלכער האָט געהאַט אַ בראַנפען־ברויז. אַ לאַנגע צייט האָט ער דורכגעשמוגעלט אַ סך בראַנפען אָהן אַן אַפּצאָהל (אַקציז) ביז מ'האָט איהם ענדליך געכאַפּט. ווי דער מנהג איז דאַן געווען אין אַלטען רוסלאַנד האָט מען איהם צוגעשמיד זיינע הענד און פיס אין קלעצער און איהם אַזוי דורכגעפיהרט סמילאָוויץ אויפ'ן וועג צו ווערען פאַרשיקט נאָך סיביר. די גאַנצע שטאָדט האָט סימפּאַטיזירט מיט'ן אַרעסטאַנט און האָבען אויף זיין אומגליק זיך שטאַרק מצער געווען. ווען מען האָט איהם פאַרבייגעפיהרט דעם רב'ס הויז איז דער רב אויך אַרויס־געקומען איהם צו טרייסטען. אָבער דער אומגליקליכער האָט מיט ביטער־קייט אָנגעפאַנגען שרייען: „רבי איהר זייט שולדיג אין מיינע ליידען. איך האָב געוואוינט אין אייער שכנות. איהר האָט געוואוסט פון מיין פרנסה און מיר קיינמאָל ניט געווארנט, זייט איהר דאריבער פאַראַנטוואָרטליך פאַר אַלץ."

דאָ האָט זיך דער חפץ חיים געווענדעט צום קאָמיסאַר און מיט אַ ציטער־דיגע שטימע געזאָגט:

„געדיינקט, אַז קיין פאַרברעכען קאָן ניט פאַרבייגעהן אָהן שטראָף. מען וועט אייך אַמאָל פרעגען (אויפ'ן עולם האמת) פאַרוואָס זענט איהר באַגאַנגען אַזאַ גרויזאַמע רשעות צו אייערע אייגענע ברידער? וועט איהר זיך מסתמא פאַרענטפערען, אַז איהר זענט ניט געווען אין גאנצען שולדיג, ווייל דער חפץ חיים זייענדיג אין שטאָדט און וויסענדיג פון אַלעס האָט אייך ניט געשטערט, איז ער דאריבער מעהר שולדיג פאַר אייך. לכן בין איך אייך געקומען פאַר־אויסזאָגען און וואַרנען, אַז איהר באַגעהט אַ מורא'דיגען פאַרברעכען געגען גאָט און לייט. באַרעכענט זיך אין צייט און ציהט צוריק אייערע רשעות'דיגע גזירות."

צו פאַרגרעבט און נידערטרעכטיג איז אָבער דער רויטער מושל געווען, אַז דעם חפץ חיים'ס הייליגע ווערטער זאָלען דורכדרינגען זיין פאַרשטוינער־טע האַרץ און פאַר'חומר'טע נשמה...

ו.

# ר׳ הירש׳ס פטירה

דעם גרעסטען צער און פארלוסט, וואס דער חפץ חיים האט געליטען במשך די זעקס יאהר פון זיין גלות אין רוסלאנד (תרע״ה־תרפ״א) איז געווען די פטירה פון זיין באליבטען איידים ר׳ הירש לעווינסאן זצ״ל, י״ח שבט תרפ״א אין סנאווסק. (געבוירען אין יאהר תרכ״ג אין וואלאזשין). פאר׳ן חפץ חיים האט עס געמיינט אזוי ווי מ׳וואלט אוועק געריסען פון איהם זיין רעכטע האנד, אדער ווי ער האט זיך אמאל אויסגעדריקט: „מיט זיין פטירה איז מיר אפגעשטארבען א העלפט פון מיר אליין. ער איז געווען מיינער א פלג גופא״.

אין דער ווירקליכקייט איז ר׳ הירש טאקען געווען צו איהם מעהר ווי אן איבערגעגעבענער איידים; ער איז געווען זיין אמת׳ער גרויסער שותף, זיין נאהענטסטער און אינטימסטער פריינד, א טייל פון זיין אייגענע גרויסקייט. ר׳ הירש האט איהם געהאלפען אין אלע זיינע אונטערנעמונגען. אהן זיין ראטה און טהאט האט דער חפץ חיים במשך פון 35 יאהר (תרמ״ה־תרפ״א) ניט געטהאן קיין זאך. ער האט איהם געהאלפען מחבר צו זיין זיינע ספרים און צו פארפאסען זיינע אונצעהליגע מאמרים און קול קורא׳ס. אין זיינע הענד האט ער איבערגעגעבען די פיהרערשאפט פון דער ישיבה גייסטיג און מאטעריעל. און ר׳ הירש מיט זיין געניאליטעט, זיין הייליגע התלהבות און נשמה־ערהאבענקייט, מיט זיין תפארת שבתפארת׳דיגע נשמה, אויסערגעוועהנ־ליכע צדקות, מוטה און אונערשעפליכע ענערגיע, האט די ישיבה דערהויבען צו איהר גרויסע וויכטיגקייט און באריהמטקייט.

א דאנק די איבערנאטירליכע מסירת נפש פון ר׳ הירש׳ן איז די ישיבה בכח געווען איבערצוטראגען איהר שווערסטע תקופה אין גלות. ר׳ הירש איז פערזענליך געווען א „מסתגף בגופו״; אליין האט ער געלעבט א לעבען פון לויטער קדושה וטהרה. אבער בנוגע די תלמידים אין דער ישיבה האט

ער ווי אַ געטרייער פּאַטער זיך שטענדיק באַמיהט, אַז עס זאָל זיי גאָר ניט פעהלען.

אין דער צייט פון דער וועלט־מלחמה, ווען הונגער נויט איז געווען אַ נאַטירליכע ערשיינונג, פלעגט ר׳ הירש — טראָץ זיין אייגענע שוואַכקייט כמעט קיינמאָל אין זיין מויל אַ ביסען ברויט ניט נעמען איידער ער איז גע־ווען זיכער, אַז די תלמידים זיינען פאַרזאָרגט מיט עסען. דאַמאָלט ווען אַ שטיקעל שוואַרצע ברויט איז געווען אַ יקר המציאות, ווען פאַרשידענע מחלות האָבען געבושעוועט, און ס׳זיינען געווען אין דער ישיבה שוואַכע בחורים, וועלכע האָבען זיך גענויטיגט אין אַזעלכע לוקסוסדיגע מאכלים, ווי אַ שטי־קעל ברויט מיט פּוטער, אַן איי, אָדער גאָר אַ שטיקעל פלייש, פלעגט ר׳ הירש ניט רוהען ביז וואַנעט ס׳פלעגט איהם געלונגען עס פאַר זיי צו באַקומען. ער איז געווען דער „קרבן תמיד״ פאַר דער ישיבה. „יענעם׳ס פּוטער איז דאָך נויטיגער ווי מיין ברויט!״ — פלעגט ער זוכען זיך צו פאַרענטפערען פאַר זיין געטרייער פרוי, די צדקנית שרה׳לע, ווען זי פלעגט זיך בעטען ביי איהם, אַז ער זאָל זיך פאַרגינען עסען אַ שטיקעל ברויט צו דער זאַט. קוים פלעגט זי פאַר איהם אַמאָל קאָכען אַ שטיקעל פלייש, האָט זי געמוזט שטעהן און אַכטונג געבען און איהם ניט אָפּלאָזען ביז וואַנעט ער האָט עס אויפגעגעסען, אַנדערש פלעגט ער עס שטילערהייט איינוויקלען כדי אַוועק טראָגען פאַר אַ שוואַכען, אָדער קראַנקען בן הישיבה.

איינמאָל ווען ר׳ הירש איז געווען פאַרנומען אין עניני הנהלה איז זיין פרוי שרה׳לע געקומען איהם בעטען ער זאָל געהן עסען. זעהענדיג, אַז ער איז פאַרטיפט אין זיין ענין האָט זי כדי איהם צו מאַכען אַפּעטיט געזאָגט „איך האָב אָפּגעקאָכט אַזאַ גוטע און געשמאַקע זופּ ס׳ועט דאָך קאַלט ווערען!״ ווען ר׳ הירש האָט דאָס דערהערט האָט ער, אַזוי ווי זי וואָלט גאָר ניט געמיינט איהם, מיט אַ ליכטיגען שמייכעל זיך אָנגערופען: „אַזוי, אַ גוטע און געשמאַקע זופּ. גוט! מ׳דאַרף טאַקע קודם כל זעהן אַוועקטראָגען פאַר׳ן קרעמענטשו־קער!״ (אַ געוויסער בן הישיבה אַ חלש).

ווען ער איז שוין געלייגען אויף זיין טויטען בעט און זיין שוועהר איז אריין איהם מבקר חולה צו זיין, האָט ער איהם געפונען וויינענדיג. אויף דער פראַגע פאַרוואָס ער וויינט, האָט ר׳ הירש כליפּענדיג געענטפערט „ס׳איז שוין באַלד אַ וואָך פאַריבער און די בחורים האָבען נאָך אַ ברעקעל פלייש ניט פאַרזוכט...! — ווי אַזוי קאָנען זיי לערנען ?!״

ניט אומזיסט האָט דער חפץ חיים אין זיין טרויערן אויף איהם באַדויערט:
„ר׳ הירש איז געווען אַ מתחייב בנפשו, ווייל אַ מנהל הישיבה איז אַ מחויב צו באַזאָרגען, אַז די תלמידים זאָלען האָבען אַ געזונדען מנהל״.

דערצעהלען די בני בית, אַז דעם ערב יום הפטירה פון ר׳ הירש׳ן איז דער חפץ חיים עטליכע שטונדען דורכאַנאַנד פאַרבליבען ביי זיך אין חדר אין התבודדות. פאַר אַן אָפענעם ארון קודש האָט ער שעפּטשענדיג תפלות ביי־טער געוויינט. מען האָט איהם נאָכער געהערט זיך ארומדרעהענדיג אין צימער און שטאַמלענדיג מיט אַ טרעהרען־געשטיקטע שטימע, „מ׳ענטפערט ניט! מ׳ענטפערט ניט!״

ווען ר׳ הירש׳ס קינדער זיינען נאָכדעם אַריינגעלאָפען כדי איהם אָנצוזאָ־גען די בשורה, אַז זייער פאָטער פיהלט זיך אַ ביסעל בעסער, אַז ער האָט גע־עפענט די אויגען, גערעדט און זיי דערקאַנט האָט זיך אויף אַלעמענ׳ס פנימ׳ער באַוויזען אַ שטראַהל פון האָפנונג און צופרידענהייט. דער חפץ חיים אַליין איז אָבער געבליבען אומעטיג, אַזוי ווי די ענדערונג האָט גאָר ניט געמיינט פאַר איהם... זיין מאָדנע האַלטונג האָט דאַן אַלעמען איבערראַשט.

אַ צובראָכענער איז יענעם אָוונט דער חפץ חיים אריינגעקומען אין בית המדרש וואו די בני הישיבה האָבען געלערענט. ער האָט זיך געווענדעט צו זיי: „קינדערלאַך, הערט אויף לערנען. זאָלען מיר זאָגען תהלים פאַר ר׳ הירש׳ן, אפשר וועלען מיר איהם אויסבעטען... מ׳האָט זיך אין הימעל איינגע־שפאַרט...״

אַ קורצע צייט נאָכדעם, האָט ר׳ הירש אויסגעהויכט זיין הייליגע נשמה...
„אוי לה לספינה שאבדה קרבניטה!״ (ב״ב צ״א).

ווען אַ שיף פאַרלירט איהר הויפּט־קאַפּיטאַן אינמיט׳ן פון אַ שטורם־ברוי־זענדען ים, זוכען דאמאָלט די פאַרבליבענע מיט אַלע מעגליכקייטען, וואָס שנעלער איהר צוריקברענגען צום האַפען. אזוי האָט דער חפץ חיים ביי זיך באַשטימט ביי דער ערשטער געלעגענהייט, וואָס שנעלער צוריקצו־ברייגען די ישיבה קיין ראדין...

דעם נעקסטען חדש, כ״א אדר תרפ״א האָט דער חפץ חיים פאַרלאָזען סנאָווסק צוזאַמען מיט זיין ישיבה. איבעראַל וואו ער האָט זיך אויפ׳ן וועג אָפּגעשטעלט פלעגט ער קריגען אַ גרויסאַרטיגען קבלת פנים. ספּעציעל איז דער קבלת פנים גראַנדיעז געווען אין מינסק. לכתחילה האָבען זיך די אָרטי־גע קאָמוניסטען דערשראָקען פאַר די גרויסע מאַסען, וועלכע פלעגען זיך

אַרום איהם פאַרזאַמלען „אפשר גאָר אַ קאָונטער־רעוואָלוציע!״ זייערע דע־טעקטיווס פלעגען זיך דאריבער אויסמישען מיט'ן עולם, וועלכער פלעגט באַ־לאַגערען דעם חפץ חיים'ס אכסניה און האָבען נאָכגעשפּיאָנירט זיין יעדע באַ־וועגונג.

דער חפץ חיים איז געצוואונגען געווען צו פאַרבלייבען אַ לייגגערע צייט אין מינסק, ווייל די מאַכט האָט נאָך דאַן ניט געהאַט ערלויבט קיין וואגאָנעס פאַר היימלאָזע פון פוילין זיך צוריקצוקערען אהיים. טאָג איין טאָג אויס פלעגען אידען פון אַרומיגע שטעדט און שטעדטלאך קומען צו איהם יעדער איינער מיט זיין בקשה. יעדער איינער האָט געזוכט צו הערען פון צדיק הדור אַ וואָרט פון טרייסט און שטאַרקייט כדי צו קאָנען ווי עס איז איבערטראָגען די שווערע און ביטערע נסיונות, וואָס דער באָלשעוויזם האָט געבראַכט אין זיינע גרויזאַמע פליגלען. מיט אַ צוועהטאָגט האַרץ פלעגט דער חפץ חיים אָלעמען אויסהערען און בעת מעשה פאַרגיסען טייכען טרערען אויף דעם אידישען עלענד און פיין.

ווען די רבנים האָבען זיך באַקלאָגט, אַז זיי זעהן ניט איין ווי אַזוי זיי קאָ־נען עפּעס אויפטהאָן אונטער אַזעלכע טרויעריגע באַדינגונגען, ווען די יוגענד ווערט מאַסענווייז אַוועקגעריסען פון אידענטום. האָט דער חפץ חיים גע־ענטפערט:

„אויב מ'קאָן ניט מאָבילִיזירען יונגע צו לערנען תורה דאַרף מען זיך אָנשטריינגען צו מאַכען, אַז די אַלטע זאָלען כאָטש לערנען. מיר דאַרפען זיך אָפּלערנען פון די אומות העולם, וועלכע האָבען אין צייט פון דער מלחמה, ווען די יוגענד איז אויסגע'הרג'עט געוואָרען אויפ'ן פראָנט — מאָביליזירט די עלטערע. אמת די אַלטע סאָלדאַטען זיינען אומפעהיג געווען צו אַטאַקי־רען דעם שונא. זיינען זיי אָבער אימשטאַנד געווען ווי עס איז אָפּצוהאַלטען דעם אַטאַקירענדען פיינד ביז וואַנעט די יונגע זיינען אונטערגעוואַקסען גרייט צו פאַרנעמען זייערע פּאָזיציעס...״

זעהר פיעל האָט זיך דער חפץ חיים אָנגעליטען אויף זיין וועג צוריק אַהיים. די צרות הכלל האָבען איהם אַזוי צובראָכען, אַז ער איז קראַנק גע־וואָרען. די בני בית האָבען דאמאָלט געזוכט צו ווירקען אויף איהם, אַז ער זאָל צושטימען צו די בקשות פון די אָרטיגע אידען צו בלייבען אין מינסק. ער אַליין האָט אָבער פון דעם ניט געוואָלט הערן „אויב מ'קאָן מיט'ן באַהן ניט פאָהרען זאָל זיין מיט אַ פוהר!״ אַזוי ענטשלאָסען איז ער געווען צו פאָה־

רען אהיים קיין ראדין. האט מען געדונגען פוהרען, אבער ווען אלעס איז שוין געווען איינגעפאקט און אנגעלאדען אויף די פוהרען און דער חפץ חיים איז שוין גרייט געווען אפצופאהרען, איז פלוצלונג א מיטגליעד פון דער משפחה קראנק געווארען. ער האט דאמאלט שוין געמוזט פארבלייבען לייגער אין מינסק ביז חדש סיון תרפ״א. די רעגירונג האט זיי דאן געגעבען א וואגאן און דער חפץ חיים און זיינע באגלייטער זיינען אנגעקומען דעם זעלבען טאג מיט׳ן צוג קיין פוילין. אין בעראנאוויץ האט זיך דער חפץ חיים אפגעשטעלט כדי זיך אפצורוהען. דארט איז ער פארבליבען צעהן טעג. אידען פון ווייט און נאהענט זיינען געקומען צו איהם. יעדער איינער האט זיך געשטופט איהם מקבל פנים צו זיין.

פיהלענדיג זיך איין טאג זעהר שוואך און צובראכען, האט ער זיך דאמאלט געבעטען מ׳זאל איהם צו רוה לאזען. ער האט זיך פערזענליך פאר זיי אנטשולדיגט:

„אידען איך בין היינט פטור פון גמילות חסדים, איך בין א חולה זייט מיר מוחל!״

כ״ה סיון אין דער פריה האבען די בעלי בתים און די פארבליבענע בני הישיבה אין ראדין צוזאמען מיט׳ן ראש ישיבה הגאון ר׳ משה לאנדינסקי אפ־געווארט דעם חפץ חיים ביי דער באהן סטאנציע אין באסטון. פון דארט איז ער געפאהרען אהיים מיט א פוהר. ביי פינף קילאמעטער פון ראדין האבען איהם באגעגענט די גאנצע שטאדט קינד און קייט. טראץ זיין שטארקען פראטעסט, האבען זיי אויסגעשפאנט די פערד פון זיין וואגען און איהם דעם גאנצען וועג אליין געפיהרט ביז קיין ראדין.

די שמחה איז דאן ביי אלעמען געווען זייער גרויס, ענדליך האבען זיי זוכה געווען צו זעהן זייער באליבטען רבי׳ן צוריק מיט זיי.

חרוב און פארלאזען האט דער חפץ חיים געפונען דעם בנין פון דער ישיבה. די דייטשע אקופירער האבען דעם בנין הישיבה רעקווירירט פאר זייער געברויך און די תלמידים זיינען דאן געצוואונגען געווען צו לערנען אינ׳ם ארטיגען בית המדרש.

האט דאריבער דער חפץ חיים קודם כל באשטימט, אז דער זוהן (הרב ר׳ יהושע ליב לעווינסאן) און דער אידים (הרב ר׳ אליעזר זאב קאפלאן) פון ר׳ הירש׳ן זאלען איבערנעמען די פיהרערשאפט פון דער ישיבה. מיט זייער הילף צוזאמען מיט די פון די ראשי ישיבה הגאון ר׳ משה לאנדינסקי און הגאון

ר׳ נפתלי צבי טראפ זצ״ל האט זיך דער חפץ חיים געווידמעט צוריק אויפצו־בויען און ריארגאניזירען זיין ישיבה.

כדי אלעס צו ברייגגען אין ארדנונג האט זיך געפאדערט תומ״י א באַ־דייטענדע סומע, וועלכעס דער חפץ חיים האט ניט געקאנט ערווארטען צו שאפען פון די פארארימטע אידען אין זיין געגענד. האט ער זיך דאריבער גע־ווענדעט דורך א קייבעל צום „סענטראל רעליעף״ אין נויארק, וועלכע האט איהם טעלעגראפיש ארויסגעשיקט א חשוב׳ע סומע. אין זיינעם א בריוו צום „סענטראל רעליעף״, האט ער דאן געשריבען טיילוויז אזוי:

„ראשית וויל איך אויסדריקען מיין הארציגען דאנק צו אייער קאמיטע, וועלכע האט מיר געשיקט פיער מיליאן מארק (לויט דאמאלסדיגע וואליוטע אין פוילין), כדי מתקן צו זיין דעם רואינירטען בנין פון דער ישיבה, וועלכער איז צושטערט געווארען דורך די פארשידענע ארמייען, וועלכע האבען זיך אין פארלויף פון קריעג אפגעשטעלט אין ראדין. אויך צו שפייזען די תלמידים זיי זאלען חס ושלום ניט אויסגעהן פון הונגער, און זיי באקליידען מיט די נויטיגע מלבושים...

„וואויל איז אייך, טייערע ברידער, אז איהר האט זוכה געווען צו דער־האלטען דעם כבוד ה׳ אין דער וועלט...

„ב״ה, דער אויבערשטער האט מיר געהאלפען איך זאל זיך ארויסראטע־ווען פון רוסלאנד, וואו דער כבוד פון השם יתברך איז נתחלל געווארען בפרהסיה, און האט מיר געבראכט צוריק אין מיין היים אין ראדין, וואו עס איז ב״ה ערלויבט מקיים צו זיין די תורה״ . . .

עס איז באזונדערס אינטערעסאנט ווי דער חפץ חיים שילדערט אין דיזען בריוו דעם מצב היהדות לויט זיין אויפפאסונג:

„ליידער אבער האב איך געפונען, אז במשך פון די יאהרען וואס איך בין געווען נע ונד אוועק פון דאנעט האט זיך אלעס געביטען צום שלעכטען. איך האב זיך מתבונן געווען וועגען אידישען לעבען אין אלע שטעדט אין ווילנער געגענד. א גרויסער חורבן הערשט איבעראל סיי אין עניני הגוף, סיי אין עניני הנפש. פילע ישיבות זיינען חרוב געווארען, תלמוד תורות זיינען רואי־נירט, אמאליגע בעלי בתים זיינען פארארימט געווארען. א נייע ארדנונג איז געשאפען געווארען מיט דער הילף פון יצר הרע און זיינע שלוחים, וועלכע גראבען אונטער די הייליגע יסודות פון רעליגיעזען אידישען לעבען. א געץ

פון פרייע שוהלעס איז פאַרשפּרייט געוואָרען וועמעס פיהרער זוכען אויסצו־וואָרצלען אלעס וואָס איז הייליג און טייער צו יעדער פרומען אידען...

צום ערשטען יאָהרצייט פון ר׳ הירש׳ן איז פאַראַנשטאַלטעט געוואָרען אַ גרויסער הספד אין דער ישיבה. נאָכדעם ווי דער חפץ חיים האָט אין ריה־רענדע ווערטער געשילדערט די הייליגע פערזענליכקייט פון דעם גרויסען נפטר, האָט איהם מספיד געווען דער ראש ישיבה הגאון ר׳ נפתלי. דאָס פאָל־גענדע איז אַן אויסצוג פון זיין הספד: —

שילדערינג דעם טרויער אויפ׳ן חורבן בית המקדש זאָגט דער נביא ישעיהו: „ואנו ואבלו פתחיה״, זאָגט אויף דעם דער מדרש — אנינות מבפנים ואבלות מבחוץ (ילקוט ישעי׳ ג׳). אנינות, ווייסען מיר באַציהט זיך אויף דעם יום המיתה ביז דער קבורה, ווען „מתו מוטל לפניו״. אבלות פאַנגט זיך אָן נאָך דער קבורה. וועהרענד לויט׳ן אויבענדערמאָנטען מאמר קומט גאָר אויס אז אין דער זעלבער צייט וואָס עס איז דאָ אבלות מבחוץ איז אויך דאָ אנינות מבפנים?

„ווי אזוי איז עס מעגליך? מען קאָן עס פאַרשטעהן דורך פאָלגענדען משל. אַ בוים כאָטש ער איז אָפּגעהאַקט פון זיינע ווארצלען דויערט נאָך פונדעסט־וועגען זיין חיות, די פרישקייט איז נאָך ניט אויסגעטריקענט, די צווייגען זע־גען נאָך לעבעדיג, די בלעטער זיינען נאָך גרין. עס נעמט צייט ביז דער בוים ווערט אינגאַנצען טויט. דאָס זעלבע איז אויך מיט׳ן ביהמ״ק, אָבוואָהל עס איז שוין אַריבער אַ לאַנגע צייט זייט ער איז צושטערט געוואָרען, פיהלען נאָך די פרומע און עהרליכע אידען דעם חורבן פריש אַזוי ווי עס וואָלט היינט גע־שעהן. אָט פאַר די העכערע סאָרט מענשען, וועלכע שטעהן מיט זייערע הערצער און נשמות „בפנים״ פאַר זיי איז דער חורבן ביהמ״ק אַ לאַנגע אנינות, ווייל זיי פיהלען דעם אומגליק, זיי פאַרשטעהן און באַגרייפען, אַז דער טראַגישער גלות איז אַ רעזולטאַט פון דעם חורבן בית המקדש. כל זמן דער ביהמ״ק האָט עקזיסטירט האָבען זיך אידען געפיהלט נאָהנט צום פאָטער אין הימעל, און היינט זיינען זיי פארלאָזען און דערווייטערט...

„מיתת צדיקים — זאָגען די חז״ל — איז כשריפת ביהמ״ק. אויך ווערט אין דער תורה אַ צדיק געגליכען צו אַ בוים („היש בה עץ״)...

„ווען אונזער גרויסער נפטר דער צדיק ר׳ הירש ז״ל, איז פון אונז אויעק־געריסען געוואָרען און די גאַנצע אויסערליכע לומדישע וועלט האָט געטרוי־

ערט אויף איהם, האָבען זיינע תלמידים אינערהאַלב דער ישיבה נאָך אַלץ גע־פיהלט די גרויסע השפּעה פון זיין לעבען, פאַר אונז איז געווען דער גאנצער יאָהר בבחינת אנינות מיר האָבען זיך נאָך אלץ ניט געקאָנט פאָרשטעלען, אַז ר׳ הירש איז שוין אין קבר, ווען אַלע זענען שוין געוואָרען אבלים זענען מיר נאָך אַלץ געווען אוננים, יעצט אָבער פאַנגט זיך ערשט אָן אונזער אבילות... ווייל ניט ביי אַלעמען פאַראורזאַכט דער טויט פון אַ צדיק די זעלבע מאָס טרויער. די מקורבים ליידען און פיהלען דעם צער און פאַרלוסט פיעל מעהר און פיעל לענגער...״

ניין ר׳ הירש איז ניט טויט! ר׳ הירש לעבט! ער לעבט אין זיין ישיבה. ער לעבט אין דער גרויסער וועלט צווישען זיינע טויזענדער תלמידים, וועלכע האָבען געהאַט די זכיה זיך צו וואַרעמען אין דעם הייליגען פייער פון זיין תורה ועבודה.

## תלמידים פון חפץ חיים

## בויער און פירער פון ישיבות



הרב ר׳ יוסף כהנמאן,
רב און ראש ישיבה — פאנעוויעז



הרב ר׳ איסר זלמן מעלצער,
געוו. רב און ראש ישיבה — סלוצק, איצט
פון ישיבת „עץ חיים" אין ירושלים



הרב ר׳ אלחנן בונם וואסערמאן,
ראש ישיבת „אהל תורה" — באראנאווין



הרב ר׳ אליעזר יודיל פינקעל,
ראש ישיבה — מיר



הרב ר׳ דוד טביל דיינאווסקי,
געוו. רב און ראש ישיבה — מעלטש, איצט
אין פיאנטניצע



הרב ר׳ פסח פרוסקין,
רב און ראש ישיבה — קאברין

ז.

# דער סענטראַל רעליעף

י"ג חשון אין יאָהר תרפ"ג (אָקט. 23, 1923) האָט איהם דער סענטראַל רעליעף דורך קייבעל געבעטען אָנצונעמען די איינלאַדונג צו קומען נאָך אַמע־ריקא צוזאַמען מיט די רבנים גאונים ר' מאיר שמחה דווינסקער, ר' חיים עוזר, ר' אברהם יצחק הכהן קוק, און ר' יחזקאל ליבשיץ כדי צו אָרגאַניזירען אַ תורה פאָנד פאַר די ישיבות פון אייראָפּא און ארץ ישראל. ער האָט אָבער געענטפערט אויף דעם מיט אַ בריף דאַטירט כ"ז מרחשון.

„כאָטש עס איז אַזאַ ענין קדוש ונחוץ מאד טהוט מיר אָבער זעהר לייד אַז איך קאָן דאָס ניט ממלא זיין, ווייל איך פיל זיך ניט ביי די כחות. איך בין זעהר שוואך אין געזונד און פאָהר צו דאָקטוירים".

אין אַ בריף פון כ"ה אדר תרפ"ז דריקט ער אויס זיין אנערקענונג צום סענטראַל רעליעף פאַר זיינע לייסטונגען צו ראַטעווען די תורה. און שרייבט צווישען אַנדערעס, אַז די השגחה האָט בכיון איבערגעלאָזען לפליטה די אידען אין אַמעריקא, מיט זייערע רבנים און גדולים, אַלס רעזערוואַר צו ראַטעווען די תורה פון פאַרגעסען ווערען.

נאָך אין יאָהר תרפ"א, האָט ער אין אַ בריף געפאָדערט, אַז דער סענט־ראַל רעליעף זאָל שיקען אַ קאָמיטע פון צוויי כדי זיי זאָלען זיך איבערצייגען אויפ'ן אָרט אין דעם גרויסען חורבן, וואָס די מלחמה האָט פאַראורזאַכט אין אידישען לעבען בכלל און אין די מוסדות התורה בפרט.

אין יאָהר תרפ"ט ווען דער סענטראַל רעליעף האָט אָנגעפאַנגען צו פאַר־קלענערען זיין טהעטיקייט און טיילוויז זיך צו ליקווידירען שרייבט דאָן דער חפץ חיים אַ פייערדיגען אויפרוף (דאַטירט כ"ח תשרי תרפ"ט) צו די פיהרער. מיט פשוט'ע חפץ חיים'דיגע אַרגומענטען זוכט ער זיי איבערצייגען אין דעם אַז דער קיום פון דער וועלט איז אָפּהענגיג אין דער תורה, אַז אָהן תורה איז ניטאָ קיין לעבען. אַפילו תחית המתים וועט נאָר קומען בזכות התורה. האָ־בענדיג אַזאַ טייערען זכות פון אויפהאַלטען דעם למוד התורה אין דער וועלט,

ווי אזוי קאָנען זיי זיך ערלויבען עס צו פאַרלירען? דער חפץ חיים וואונ־דערט זיך און קאָן דאָס ניט פאַרשטעהן. ווי אַזוי אידען זאָלען פאַרנאַכלעסי־גען אַזאַ גליק. אַרויסלאָזען פון די הענד אַזאַ וויכטיגען עסק.

אַלס אילוסטראַציע דערצעהלט ער אַ מעשה שהיה. איינמאָל האָט איינער פון די רוסישע קעניגע זיך געגרייט אַנטייל צו נעמען אין גרויסע מאַנעווורעס, וועלכע ער האָט באַפעהלען צו אָרגאַניזירען אין די הייסע טעג פון זומער. עס זיינען געווען פאַרזאמעלט די גרעסטע גענעראלען מיט זייערע ארמייען. אלע זיינען זיי געווען געקליידעט אין נייע שווערע און וואַרימע מונדירען מיט די הויכע קאָלנערס. די זון האָט געברענט, אָבער זיי זיינען געשטאַנען אויפ׳ן פרייען פעלד באדענדיג זיך אין שוויס און אזוי געוואַרט אוין געוואַרט אויפ׳ן קייזער.

איין גענעראָל האָט זיך געהאַלטען פאַר אַ חכם. דיינקענדיג, היות עס איז שוין אַריבער אַזאַ צייט און דער קייזער איז נאָך אַלץ ניט געקומען, מסתמא וועט ער שוין אַזוי גיך ניט קומען. ער איז דאריבער אַרויס פון זיין שורה און אַוועק אין נאָהענטסטען וועלדעל זיך אַביסעל אָפּצוקיהלען. בינו לבינו איז דער קייזער מיט זיין סוויטע אָנגעקומען. ער האָט אַלעמען באַגריסט און באַדאַנקט. ער האָט אויך אויסגעטהיילט אויסצייכנונגען צו אַלע גענעראַלען און האָט זיי איינגעלאַדען אַלע צו קומען אין אָוועגד צו אַ באַל. און דער גענעראַל, וועלכער האָט פריהער ניט געהאַט קיין געדולד צו בלייבען אין דער שורה האָט זיך שיעור אויפגעגעסען אַ לעבעדיגער פון גרויס צער. אין אָוועגד האָט מען איהם צום קייזערליכען באַל ניט אַריינגעלאָזען. ער האָט דערצו אויך באַקומען אַן אויסרייד פון קייזער אַליין. מען קאָן זיך לייכט פאַרשטעלען זיינע ליידען און חרפה!

כך רעדט דער חפץ חיים צו די פיהרער פון רעליגיע. עס איז נאָהנט די צייט ווען דער כבוד ה׳ וועט נתגלה ווערען אין דער וועלט. עס איז דאָך „עיקבתא דמשיחא״ עס וועט דאָך שוין לאַנג ניט נעמען און דער „לעתיד לבא״ וועט ווערען אַ געגענוואַרט, עולם הבא וועט ווערען אַ ווירקליכקייט און דער רבש״ע מיט זיין פמליא של מעלה וועט ערשיינען אויסצוטיילען כבוד און אויסצייכענונגען צו די אלע וועלכע האָבען מאביליזירט זייערע כחות פאַר החזקת התורה און מצוות, אַזוי ווי די חז״ל זאָגען אויפ׳ן פסוק, „ולישראל מה פעל אל, שעתידה בת קול להיות מפוצצת בראשי הרים ואומרת מי שפעל עם אל יבא ויטל שכרו״.

„טאָ, ברידער, איהר וועלכע זיינט געשטאַנען מיט מסירת נפש אזוי פיל יאָהרען אין די שווערסטע צייטען און אין די ערשטע רייהען, איהר וואָס זענט געוואָרען לשם ולתפארת און אונזער וועלט, איהר זאָלט פלוצלונג פאַרלאָזען אייערע שורות!" אזוי איינפאַך רעדט דער חפץ חיים מיט זיינע רייכע ברידער מעבר לים. און פאַרשטעהט ניט ווי אַזוי אַזעלכע פארזיכטיגע און פעהיגע ביזנעס לייטע זאָלען ניט פאראויס זעהן די קאַטאַסטראָפאַלע רעזולטאַטען פון אַזאַ שריט, אין דער וועלט פון זייערע גייסטיגע מסחרים!

קאָן נאָך זיין אַ גרעסערער שכר ווי העלפען אָרימע בני תורה? עס איז דאָך אַ דאָפּעלטער שכר פאַר העלפען תורה און טהאָן צדקה מיט אָרימע. יאָ, אמת, אַלעס איז טאַקי פשוט, ווי עס ווייזט אָבער אויס דאַרף מען זיין אַ חפץ חיים כדי צו קאָנען פיהלען און באַגרייפען אַזאַ פשטות.

ח.

# צו דער „כנסיה הגדולה״ אין וויען

די פלאָם־פייערדיגע ליבע, וועלכע דער חפץ חיים האָט געפיהלט פאר׳ן כלל ישראל האָט איהם דערהויבען הויך איבער אלע פאַרטייען מיט זייערע איינג־הערציגע פּראָגראַמען און עגאָיסטישע לאָזונגען. ער האָט באַלאַנגט צו אַלעמען. אויף יעדער איינעם האָט ער געהאַט אַ זכות. פאַר אלעמען איז ער געווען דער גרויסער מליץ יושר. זיין אהבת ישראל האָט פון קיין גרע־ניצען ניט געוואָלט וויסען פאַר אַלעמען האָט ער זיך איינגעשטעלט. אָבער ווי ס׳שוין דעם לעזער באַקאַנט, איז דער חפץ חיים געווען טיעף איבערצייגט, אַז דער פונדאמענטאלער פרינציפּ אין דער עקזיסטענץ פון דער בריאה איז די תורה און אַז אָהן תורה וואָלט די וועלט געווען אין אַ מצב פון „תהו ובהו״, האָט ער דאריבער אימער געהאָפט און געשטרעבט צו זעהן ווי די תורה מיט איהרע טראדיציעס וועט ווידער ווערען די דאמינירענדע קראַפט אין אידישען לעבען.

די אגודת ישראל וועלכע איז אַרויסגעקומען מיט אַזאַ לאָזונג האָט גע־קראָגען די שטיצע און מיטווירקונג פון חפץ חיים. ווי ס׳שוין איינמאָל דער־מאָנט געוואָרען האָט דער חפץ חיים אין יאָהר תרע״ג גלייך נאָך דער ענט־שטעהונג פון דער אגודת ישראל פאַרעפענטליכט אַ בריוו אויפפאָדערינג די רעליגיעזע אידען זיך אָנצושליסען אָן דיזער באַוועגונג, כדי מיט אָרגאַניזירטע און געמיינשאַפטליכע כחות צו פאַרשטאַרקען אידישקייט. אין זומער פון יאָהר תרע״ד ווען איבעראַל האָט מען זיך געגרייט צו דער ערשטע גרויסע אספה פון אגודת ישראל, וועלכע האָט געזאָלט פאָרקומען אין קאַטאוויץ, האָ־בען זיך דאָן צום חפץ חיים געווענדעט די גאוני הדור ר׳ חיים סאָלאָוויי־טשיק, ר׳ איצעל פאָנעוויעזער, א. א. וו., מיט אַ דרינגליכע בקשה אז ער זאָל באַ־עהרען די אספה מיט זיין באַטייליגונג טראָץ זיין שוואַכקייט. דער אויסברוך פון דער וועלט־מלחמה האָט אָבער אַלעס צושטערט.

אונטער דער צאַריסטישער אָרדנונג איז בכלל זעהר שווער געווען עפּעס אויפצוטהאָן, זי האָט קיינמאָל ניט דערלאָזט, אַז אידען זאָלען זיך אָרגאַני־זירען, אָבער נאָכדעם ווי די מלכות הרשעה איז באַזייטיגט געוואָרען, האָט זיך די אגודת ישראל באַוועגונג צואוואָקסען. פריהער אין פוילען אונטערן איינ־פלוס פון דער דייטשע־אָרטאָדאָקסיע, נאָכהער אין רוסלאַנד אין דער צייט פון דער קערענסקי הערשאַפט. צוזאַמען מיט די דאַמאָלסדיגע גדולי הדור, וועלכע זיינען פאַרוואָגעלט געוואָרען אין רוסלאַנד האָט דער חפץ חיים אין חדש אייר תרע"ז אַרויסגעלאָזט אַן אויפרוף צו די אָרטיגע אידען זיך אָנצו־שליסען אָן דער אגודת ישראל, ווייל זי שטרעבט צו לעזען די אידיש־געז־זעלשאַפטליכע פּראָבלעמען אין דער ליכט פון דער תורה, אָבער די באָלשע־וויסטישע איבערקערעניש האָט צושטערט אַלע זיסע חלומות און אידעאַלען פאַר'ן רוסישען אידענטום. צוריקקערענדיג זיך אַהיים קיין ראדין האָט דער חפץ חיים צוזאַמען מיט'ן גאון הדור ר' חיים עוזר גראָדזענסקי און אַנדערע גדולים פיעל געהאָלפען די אגודת ישראל באַוועגונג צו פאַרשפּרייטען.

ווען די אַלוועלטליכע אגודת ישראל האָט אין זומער פון יאָהר תרפ"ג פאַררופען די ערשטע אַזוי גערופענע „כנסיה הגדולה" אין וויען האָט דער חפץ חיים צוגעשטימט אין דיזער פאַרזאַמלונג זיך פערזענליך צו באַטייליגען.

הונדערטע דעלעגאַטען פון דער גאַנצער וועלט זיינען געקומען אַנטייל צו נעמען אין דיזער גרויסע פאַרזאַמלונג. טויזענדער אידען פון ארבע פינות העולם זיינען דאָרט געווען. די גרעסטע רבנים פון דער וועלט אויך די באַ־ריהמטע אדמורי"ם פון פוילין, גאַליציע, רומעניע און אונגארען, זיינען זיך דאָרט צוזאמענגעקומען. יעדער רבי איז זיך געקומען מיט זיינע חסידים און אייגענע פאַרעהרער און נאָכפאָלגער. אָבוואָהל דער חפץ חיים איז ערשינען אָהן שום אויסערליכע פראכט און גלאַנץ, איז ער דאָך געוועזען די צענטראלע פיגור, וועלכע האָט אַלעמען באַצויבערט. זיין מאַגנעטישע פערזענליכקייט האָט פאַרכאַפּט אַלעמענס הערצער אָהן אויסנאַם.

צו דער אספה איז דער חפץ חיים געפאָהרען מיט דער באַהן, וואו ס'זיינען געפאָהרען צוזאַמען מיט אייניגע באַריהמטע רבנים אויך די רביים פון גער און סאקאלאוו. דער חפץ חיים איז אָבער ניט געפאָהרען מיט זיי אויף דער צווייטער קלאַס, נאָר אויף דער דריטער קלאַס, ווייל ראשית האָט ער פאָהרען אויף אַ צווייטע קלאַס באַטראַכט אַלס לוקסוס, צווייטענס, זיינען אין דער

צווייטער קלאס די ביינק געווען אויסגעבעט מיט אזא שטאף אויף וועלכע ער איז נזהר געווען פון צו זיצען אויף זיי צוליב'ן חשש פון שעטנז.

אומעטום וואו די באהן האט זיך אפגעשטעלט זיינען טויזנדער אידען ארויסגעקומען מקבל פנים צו זיין די געהויבענע געסט. פלעגען דאריבער ביי יעדער סטאציע די רביים מיט זייערע באגלייטער ארויסגעהן צו באגריסען דעם עולם. דער איינציגער, וועלכער האט טראץ די דרינגליכע פאדערונגען פון די פארזאמעלטע זיך ענטזאגט ארויסצוגעהן, איז געווען דער חפץ חיים.

דער אסטראווער רב הגאון ר' מאיר דן פלאצקי, וועלכער האט אויפ'ן פארלאנג פון גערער רבי'ן און אין זיין נאמען צוזאמען מיט'ן ווארשעווער אלטען רב פערלמוטער זצ"ל באגלייט דעם חפץ חיים, האט דיזען שרייבער איבערגעגעבען צווישען אנדערעס:

אויף איינע פון די סטאנציעס אין פוילין, האבען זיך פארזאמעלט א גרויסער עולם, וועלכער האט דורכאויס געפאדערט, אז דער חפץ חיים זאל זיך צו זיי באווייזען. זיי האבען געשיקט א קאמיטע פון רבנים מיט חשוב'ע בעלי בתים איהם בעטען ער זאל צו זיי ארויסקומען. דער חפץ חיים האט זיך אבער ענט־זאגט עס צו ערפיהלען. איז ר' מאיר דן צוגעשטאנען צו איהם, ער זאל איהם זאגען פארוואס ער וויל ניט ארויסגעהן צום עולם. האט איהם דער חפץ חיים ערקלערט, אז היות ער איז כל ימיו אנטלאפען פון כבוד טא ווי קאן מען פון איהם פארלאנגען, אז ער זאל געהן זוכען כבוד. כבוד האט ער איהם ער־קלערט איז דאך זעהר א ריזיקאלישע ערפאהרונג. און ער האט דאביי צי־טירט פון ר' יהודא החסיד, אז פאר אלע גשמיות'דיגע פארגניגענס וועלכע דער מענש געניסט אויף דער וועלט רעכנט מען איהם ניט אפ פון זיין חלק לעולם הבא, ווערענד פאר כבוד וועלכעס איז א רוחניות'דיגע תענוג רעכנט מען יא אראפ.

הרב פלאצקי האט דאן באמערקט צום חפץ חיים: „ערשטענס דיינק איך רבי, אז ס'איז זאגאר כדאי צו פארלירען א ביסעל עולם הבא אבי צופריי־דענצושטעלען די בקשה פון אזויפיל אידען (כ"י), צווייטענס צווייפעל איך בכלל צו מ'קאן צוליב דעם פארלירען עולם הבא?"

האט דער חפץ חיים איהם ניט געלאזט אויספיהרען „גענוג מ'דארף ניט מעהר, פאר מיר איז גענוג דער ערשטער טעם", און דער חפץ חיים איז צוגע־גאנגען צום פענצטער זיך צו באווייזען פאר'ן עולם.

ווען דער עולם האָט איהם דערזעהן האָבען זיך אַלע אָנגעפאַנגען צו שטו־פּען כדי איהם צו געבען „שלום עליכם". פאַר׳ן שוואַכינקען חפץ חיים האָט עס געמיינט ממש סכנת נפשות. האָט ער אויפּגעהויבען זיין האַנד און אַלע־מען באַגריסט מיט די ווערטער „שלום עליכם אידען", דאבייַ באַמערקענדיג ס׳שטעהט, „שלום שלום לרחוק ולקרוב" — ווייזט דאָך אויס, אַז מ׳קאָן זאָגען שלום עליכם אויך פון דערווייטענס. מ׳מוז ניט דוקא געבען די האַנד.

ווען ער איז דורכגעפאָהרען די סטאַנציע טשענסטאכאוו איז ער שוין גע־ווען זעהר אויסגעמאַטערט. האָט ער באַשלאָסען מעהר ניט אַרויסצוגעהן צום עולם. ער האָט געבעטען מען זאָל פאַרמאַכען די טהיר און די פענצטער כדי איהם געבען אַ מעגליכקייט זיך אָפּצורוהען, פלוצלונג אָבער איז דער קאָנ־דוקטאָר אַריינגעלאָפען מיט אַ באַפעהל אַלע זאָלען אַרויסגעהן פון דעם וואַ־גאָן אין אַן אנדערען, ווייל אין איין זייט האָט זיך אָנגעצונדען אַן אקס פון אַ ראָד.

ווען דער חפץ חיים האָט עס דערהערט, אַז מען מוז פאָרט אַרויסגעהן פון וואַגאָן האָט ער באַמערקט „מען זעהט דעם כח פון אַ רבים" — מען מוז ארויס־געהן".

דער חפץ חיים איז געווען דער ערשטער וועלכער איז געבעטען געוואָרען צו ערעפענען די פאַרזאַמלונג. ער האָט דאָן אָנגעפאַנגען מיט אומגעפעהר דיזע התנצלות: ס׳זענען פאַראַן צווישען די פאַרזאַמעלטע גרויסע גאונים וצדיקים — טאָ ווי קום איך צו רעדען צו אייך בכלל און נאָך זיין דער ערשטער רעד־נער דערצו? די תורה זאָגט דאָך אונז אן „לא תעלה במעלות על מזבחי אשר לא תגלה ערותך עליו". זוך זיך נישט צו דערהויבען צו אַ צו־הויכען אָרט, וועלען דאמאָלט נישט אויפגעדעקט ווערען דיינע חסרונות. איך פיהל זיך אָבער באַרוהיגט וויסענדיג, אַז איך בין אַ כהן, און ב"ה אַ זקן אויך. אַזאַ מין כבוד האָט דאָך נישט צו טהאָן מיט ערווארבענע מעלות וועלכע אַ מענש דאַרף פאַרדינען. כ׳בין דאריבער בערעכטיגט, אַלס עלטסטער כהן, צו בענט־שען אַלע אַנוועזענדע מיט דער ברכת כהנים...

במשך פון די פיעלע זיצונגען האָט דער חפץ חיים מעהרערע מאָל אַד־רעסירט די פאַרזאַמעלטע. אין איינע פון זיינע רעדעס האָט ער זיך געווענ־דעט מיט אַ רוף צו די רבנים און פאָרשטעהער פון אידענטום: „הבו לד׳ כבוד ועוז" גיט אַוועק דעם רבונו של עולם זיין געהעריגען כבוד! ווען אַ קעֿ־ניג קומט באַזוכען זיינס אַ לאַנד איז דער שטייגער, אַז ס׳געהן אַרויס איהם

מקבל פנים צו זיין און צו צוטיילען איהם כבוד דער גובערנאטאר (גאווער־נאר) און זיין סוויטע. ווען ער קומט אין שטאט געהט ארויס דער מעיאר (בירגערמייסטער) און ער נעמט איבער די פאראנטוואָרטליכקייט פאר׳ן קע־ניג׳ס זיכערקייט און כבוד. וואו נאר דער קעניג באווייזט זיך, ווארטען אויף איהם יעדער הויפט־בעאמטער פון דעם דיסטריקט גרייט צו ערפיהלען זיינע פליכטען. דער פאליסמאן פון דער קלענסטער געסעל איז אזוי פיל פאראנט־וואָרטליך פאר דער עהרע פון מלך, אזוי ווי דער גובערנאטאר פון דער גו־בערניע.

„כך אזוי״, האט דער חפץ חיים פארגעזעצט מיט התלהבות: דער רבונו של עולם דער מלך מלכי המלכים איז ערשינען צו די אבות, האבען די לעצטע איהם אפגעגעבען דעם געהעריגען כבוד שמים. זיי האבען ענטדעקט זיין גרויסקייט איבער גאר דער וועלט. נאכהער האט ער זיך ענטפלעקט צו די נביאים און זיי האבען באקאנט געמאכט זיין גלארדייכקייט צו דער מענשהייט. דערנאך די תנאים, די אמוראים און שפעטער די גאונים, די ראשונים און צדיקים האבען יעדער איינער אין זיין דור ערפיהלט זיין פליכט אפהיטענדיג און פראקלאמירענדיג זיין גרויסקייט און כבוד שמים. מיר אין דיזען דור זיינען אזוי ווי פראסטע פאליסלייט לגבי די גדולים פון די פריהערדיגע דורות. אונזער פליכט אפצוהיטען דעם כבוד שמים איז אבער ניט קלענער פון יענע גרויסע אין די פריהערדיגע דורות.

א כאראקטעריסטישע בילד וועגען דעם חפץ חיים אויף דער וויענער אספה ווערט געשילדערט פון פערזענליכע בעאבאכטער אין דער אידישער פרעסע פון נויארק. כדי די בילד זאל זיין פולשטענדיג ווילען מיר פאר׳ן לע־זער ציטירען פון צוויי געגענגעזעצטע צייטונגען פון אן ארטאדאקסישע, און פון אן עקסטרים ראדיקאלע.

דער באוואוסטער זשורנאליסט, רעדאקטאר פון אידישען טאגעבלאט, מר. גדלי׳ בובליק, נאכדעם ווי ער באטאנט, אז דער גרעסטער זיעג פון דער אגודת ישראל איז געווען די אנוועזענהייט פון חפץ חיים באריכטעט ער אין זיין צייטונג פון ד׳ תשרי תרפ״ד.

„עס איז ניטא יעצט אזא פערזאן זאל אזוי פארהייליגט זיין און געהאלטען ווערען פאר אזא קדוש ווי דער חפץ חיים. דער עולם זעהט אין איהם דעם גרויסען צדיק הדור, נאך מעהר ווי דעם גאון...

„ווען מען גיט א געשריי־דער חפץ חיים קומט! — ברעכט אויס א פאניק

אין זאַל. אַלע שפּרינגען אויף פון זייערע פּלעצער און אַלעמענס בליקען זיי־נען געריכטעט אויף איין פּונקט...

„ער אַליין פון קליינעם געוואוקס, אַלט און שוואַך, זיין שטימע נידעריג אָבער יוגענדליך פריש. אויף זיין פּנים שפּילט שטענדיג אַ פריידליכער און גוטער שמייכעל. זיינע אויגען לאַכען גוטמוטהיג. עס שיינט, אַז דער אַלטער צדיק איז אין זיין גאַנצען לעבען קיינמאָל אין כעס ניט געווען. זיין יעדער וואָרט, זיין יעדער תנועה אטעמט מיט אומבאַגרענצטע גוטסקייט און מיט עניוות אָהן אַ שיעור. עס איז ניטאָ אין איהם קיין מינדסטער סימן פון קנאות. ער איז דער פאַרקערפּערונג פון שלום. ניין! דער חפץ חיים האָט קיינמאָל ניט געוואָלט זיין קיין פּיהרער און וויל עס יעצט אויך ניט. ער האָט זיך נאָר געבעטען כל ימיו — אידען, זייט גוטע, שטילע, פרומע און עהרליכע אידען. ער איז ווייט פון אלע פּאָליטיק פון די פּאַרטייען, און ווען מען האָט דעם צדיק געזאָגט, אַז זיין קומען וועט העלפען פאַרשטאַרקע דעם דת, איז ער געקומען...

ער רעדט שטיל, אַז קוים די ערשטע רייהען פון די דעלעגאַטען קאָנען הערען אָבער דאָך טהוט קיינער ניט אַ ריהר מיט אַ גליד אפילו אין די ווייט־סטע ווינקלאַך פון זאַל. דער עולם הערט ניט, נאָר שלינגט פון דער ווייטענס די תנועות פון דעם חפץ חיים. זיי דאַרפען ניט הערן די ווערטער, זיי הערן אין זייער נשמה, וואָס ער וויל פון זיי און זיי גיסען זיך צוזאַמען מיט איהם אין זייערע געפיהלען. און ער שטעהט און זאָגט:

„פאַלט ביי זיך ניט אראָפּ. אויב איינער פון אייערע קינדער איז שוין אַוועק פון ריכטיגען וועג, זעהט אַז די אַנדערע זאָלען זיין גוטע אידען. זיינען די אַנדערע אַוועק איז נאָך דאָ אפשר איינער פון זיי וואָס קאָן אַ גוטער איד זיין. זיינען חלילה שוין אַלע ווייט, העלפט אַנדערע זאָלען בלייבען אידען. מען דאַרף איבערהויפּט ניט פאַרלירען קיין מוטה. מען טאָר אין קיין יאוש ניט אריינפאַלען אפילו אויב מ'זעהט אין אַ גאַנצע מדינה האָבען זיך אידען חס ושלום דערווייטערט פון דער תורה, דאַרף מען אויך ניט ווערען פאַרצוויי־פעלט, ווייל עס זיינען דאָך געבליבען אַנדערע לענדער. אַזוי האָט דאָך שוין כמה מאָל פּאַסירט ווען אידישקייט איז אונטערגעגאַנגען אין איין מדינה, איז עס אויפגעוואָקסען אין אַן אנדערע.

„פאַרגעסט ניט אָן אייערע קינדער. ווארום, אַז משיח וועט קומען און מיר וועלן איהם אַנטקעגען געהן וועט ער זיך ניט פרעהן מיט די רבנים, מיט די

צדיקים און מיט די שעהנע עלטערע אידען נאָר ער וועט די ערשטע זאַך אַ פרעג טהאָן, — וואו זיינען אייערע קינדער? —

אין ניו־יאָרקער „פאָרווערטס" פון סעפטעמבער 23טען, 1923, באַשרייבט איהם אַ געוויסער ה' מאַסקוף:

„דער סאקאלאווער רבי, וועלכער האַלט אין מיטען רעדען ווערט פלוצלונג שטיל, זיין האַנט בלייבט אויסגעשטרעקט און אזוי ווי פאַרגליווערט. דער עולם, דאָס פּרעזידיום, די זשורנאַליסטען, די געסט אויף די גאַלעריעס טהוען זיך אלע אַ שטעל אויף. אויך רבנים, צדיקים און פרומע אידען הויבען זיך אויף פון די פלעצער. עס ווערט אַ שטומער איינגעהאַלטענער גערודער, אַ געטומעל פון עהרפורכט און רעספעקט, עס דערהערן זיך שטריינגע אויס־געשרעהן פון עטליכע שמשים — מאַכט פלאַץ!... מאַכט אַ וואַרע! — מען מאַכט. מען שטופּט זיך קאָפּ אויף קאָפּ מיט איינגעהאַלטענע אָטעמס, מיט אַ ציטער אין הארצען. מען טרעט אָפּ אויף אונטערוויילעכץ; עס ווערן צוויי רייהען פון מענשען אין מיט'ן זאַל, צווי רייהען פון דעלעגירטע רבנים אין גלאַנציגע בעקעשעס מיט לאַנגע ווייסע בערד און צווישען די דאָזיגע צוויי רייהען רבנים פיהרען עטליכע רבנים — וואָס זאָג איך פיהרען — זיי טראָגען אויף די הענד אַ קליינינקען שוואַכען זקן, אַן אוראַלטען איינגעבויגענעם מענ־שעל מיט אַ קליין ווייס באָרד אין אַ פשוט'ען אָרימען שוואַרצען ראָק, אַ שוואַרץ אָרים שאַלכעל אויפ'ן האַלדז...

„אַז איהר זעהט צום ערשטען מאָהל דעם ניינציג יאָהריגען קליינעם זקן מאַכט עס אויף אייך אַ מאָדנעם איינדרוק איהר דערפיהלט אַ ציטערניש פון עהרפורכט און ליבע, אַ געוואַלדיגען רעספעקט און דרך ארץ, וואָס האָט ניט קיין גרענעץ. ווען איהר קוקט זיך צו נעהענטער זעהט איהר אַ פנים פון אַ מלאך, פון אַ דינער פון גאָט, די שכינה רוהט אויפ'ן דאָזיגען פנים און איהר מוזט צומאַכען די אויגען פון גרויס ליכטיגקייט, וואָס שטראַהלט פון די קליינע גרויע קלוגע אויגען. ווען ער שטעהט אויף דער בימה און רעדט האַלטען איהם צוויי רבנים אונטער די אָרעמס. דער גאַנצער צוזאַמענפאָהר הערט אויס זיין רעדע שטעהענדיג. זיין קול איז שוואַך, אָבער קלאָר. ער רופט אידען צו אחדות און שלום צו גוטסקייט, צו פרומקייט, צו ליבע און צו מעשים. זיין קליינע איינגעבויגענע געשטאַלט ציטערט ביים רעדען. דאָס קליינע ווייסע בערדעל לייכט זיך פון דערוויטענס, ווי פריש געפאַלענע שנעע. פון די אויגען שיינט די גאַנצע וועלט מיט חכמה און גוטסקייט...

„אזוי, שטעל איך מיר פאָר, האָט געמוזט אויסזעהן הלל הזקן דער תנא פון דער גמרא.

„אַרויס פון האָל געהט ער צווישען די רייהען שטעהענדיגע רבנים. ער געהט גיך, דריבניטשקע, איינגעבויגען דעם ווייסען קאָפּ צו דער ערד...

„און ווען מען הויבט איהם אויף און מען זעצט איהם אַריין אין אָטאָמאָביל, איז די גאַנצע גאַס שוואַרץ פון מענשען. מען שטופּט זיך קאָפּ אויף קאָפּ צו זעהן דעם חפץ חיים. קריסטען טהוען אויס די היט פון זייערע קעפּ פאַר גרויס רעספּעקט. אידען דראַפּען זיך אויפ'ן אָטאָמאָביל, אויף די רעדער, אויפ'ן מאָטאָר. איטליכער וויל זעהן דעם חפץ חיים אָנריהרען דעם זוים פון זיין אָרימע קאַפּאָטע. די גאָר נאָהענטע שטופּען די ציטערדיגע הענד אין אָטאָמאָביל אַריין. דער חפץ חיים גיט שלום, ער באַריהרט מיט זיינע אײדעלע צאַרטע פינגער די ציטערדיגע גראָבע הענד: שלום. ס'טהוט זיך אָפּ חושך... די פּאָליסלייט זיינען אָהנמעכטיג. זיי קאָנען ניט מאַכען קיין אָרדענונג. זיי שטופּען זיך אַליין אויך און קוקען פאַרגאַפּט און מיט רעספּעקט אויפ'ן מאָדנעם קליינעם אַלטיטשקען מיט'ן סאמעטענעם קאשקעט אויפ'ן ווייסען קאָפּ...

„אויך די וויענער דייטשע צייטונגען האָבען געשריבען פיעלע באַגייסטערטע אַרטיקלען וועגען חפץ חיים..."

זייענדיג אין וויען איז דער חפץ חיים געווען דער גאַסט פון ר' עקיבא שרייבער, אַן איייניקעל פון „חתם סופר". ער האָט לכתחילה ניט געוואָלט אָננעמען די איינלאַדונג איינצושטעהן ביי מר. שרייבער'ן ביז וואַנעט דער לעצטער האָט איינגעשטימט איהם לאָזען עסען זיין אייגענע, אָדער על מנת כן ער זאָל נעמען באַצאָהלט פאַר די הוצאות. זעלבסט־פאַרשטענדליך, אַז די הויז איז אין פאַרלויף פון דער גאַנצער צייט, וואָס דער חפץ חיים האָט זיך דאָרט אויפגעהאַלטען געווען באַלאַגערט מיט מענשען.

אַ באַקאַנטער לאָנדאָנער איד ר' אברהם פּנחס לאנדאו, גבאי פון מחזיקי הדת און פיהרער פון אַ תלמוד תורה און אַנדערע אינסטיטוציעס, ביי וועמען די עסקים זיינען לעצטענס ניט געגאַנגען ווי געוואונשען האָט געהאַט פיעל אויסצושטעהן פון זיינע בני בית. די לעצטע האָבען באַשולדיגט, אַז זיין גבאות און האַרציגע איבערגעבענהייט צו טהאָן גוטס און חסד מיט מענשען זיינען שולדיג אין זיינע שלעכטע ביזנעס, און האָבען דאריבער געפּאָדערט, אַז ער זאָל זיך צוריקציהען פון זיין וואהלטהעטיגקייט. פאָהרענדיג קיין וויען האָט ר' אברהם פּנחס באַשלאָסען זיך שואל עצה זיין מיט'ן גערער רבי'ן (וועמעס

אָנהייבנגער ער איז געווען) און מיט'ן חפץ חיים וואָס צו טהאָן. פון איין זייט אַ פראַגע פון שלום בית, און פון דער אַנדערער זייט איז איהם שווער געווען זיך צושיידען מיט זיין צדקה וחסד.

האָט דער גערער רבי כמעט מסכים געווען, אַז ער זאָל זיך רעכנען מיט די פאָדערונגען פון זיינע בני בית. איז אָבער, לא נתקררה דעתו. קומענדיג צום חפץ חיים האָט ער געפונען אַ געפּאַקטען חדר מיט מענשען. עס איז אונמעגליך געווען פאַר איהם זיך דורכצושלאָגען צום רבי'ן.

דער חפץ חיים האָט גראָד פאַרענדיגט זיין מאָהלצייט. און ווי זיין שטייגער איז געווען פלעגט ער זאָגען אַ דבר תורה פאַר'ן בענטשען, נאָכדעם ווי ער פלעגט ענדיגען דעם „מזמור לדוד ה' רעי לא אחסר". דאָס וואָס ער האָט דאמאָלט געזאָגט איז געווען:

„אך טוב וחסד ירדפוני כל ימי חיי". — אַ טשיקאַווע מעשה: מענשען קומט אַמאָל אויס צו ליידען פאַר טהאָן גוטס. עס פּאַסירט מאַנכעס מאָל, אַז אַ מענש האָט זאָגאַר רדיפות פאַר טהאָן טוב וחסד. דער אמת איז אָבער, אַז יעדער מענש מוז במילא דורכמאַכען רדיפות — דאריבער איז שוין בעסער אַז די רדיפות זאָלען קומען צוליב טהאָן חסד. אָט דאָס איז דער פשט פון פסוק: „מ'בעט ביים רבש"ע, אַז טוב וחסד זאָלען זיין מיינע רודפים מיין גאַנצען לעבען".

ווען דער לאָנדאָנער איד האָט עס דערהערט, איז ער פאַרציטערט געוואָרען. איצט האָט ער שוין מעהר ניט וואָס צו פרעגען — דער חפץ חיים האָט איהם צוגעטראָפען אין ריכטיגען פּינטעלע אַריין.

אין חדש אלול פון יאָהר תר"ץ איז אין ווין פאָרגעקומען די צווייטע גרויסע פאַרזאַמלונג פון אגודת ישראל. אין זאַל האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז דער חפץ חיים איז געקומען. ס'איז געוואָרען אַ טומעל. די קאָרעספּאָנדענטען זיינען שנעל געלאָפען צו טעלעפאָנירען די נייעס צו זייערע צייטונגען אין דער גאַנצער וועלט. צוריקקערענדיג האָבען זיי אָבער אויסגעפונען, אַז עס איז געווען אַ טעות. געקומען איז גאָר דעם חפץ חיים'ס איידים. דער חפץ חיים אַליין האָט זיך שוין ניט געפיהלט אימשטאַנד אונטערצונעמען אַזאַ ווייטע רייזע. ער האָט צוגעשיקט אַ בריוו, וועלכע איז געלעזען געוואָרען פון דער פלאַטפאָרם פון פאָרזיצענדען. נאָכדעם ווי ער בענטשט די אספה מיט ברכת כהן מאַכט ער אויפמערקזאַם די פאַרזאַמעלטע אויף געוויסע

פּראָבלעמען וועלכע דארפען געענוי באַהאַנדעלט ווערען. ער פּיהלט זיך באַוונ־דערס צובראָכען איבער די בלוטיגע געשעהנישען אין ארץ ישראל מיט אַ יאָהר־פריהער און פאָדערט אַ פאַרשטאַרקטע און מוטיגע טהעטיגקייט לטובת ישוב ובנין הארץ. אַן אינטענסיווע און פיל פאַרצווייגטע אַקציע פאַר תורה, פאַר ישיבות, פאַר שבת, טהרת המשפחה, עניני החסד, א. א. וו.

דער בריוו איז געלעזען געוואָרען פון הרב צירלסאָן אונטער שטורמישע אפּלאָדיסמענטען און ארויסרופונגען — „זאָל לאנג לעבען דער רבי!״

ט.

# אויף משיח׳ן

אין זיין גלויבען און האָפען אויף משיח׳ן האָט דער חפץ חיים דוכט זיך ניט געהאַט קיין גלייכען צו זיך צווישען די צדיקים פון פיעלע דורות. ער פלעגט פאַרגיסען פיעל טרעהרען אין זיינע תפילות אויף משיח׳ן. עס איז דאָך בכלל אַ מצוה צו האָפען אויף זיין קומען. די חז״ל זאָגען דאָך, אַז ביים יום הדין וועט מען פרעגען יעדער אידען „צפית לישועה״ צו ער האָט ער־וואַרטעט די גאולה. דער חפץ חיים האָט טאַקע אונטער דעם זעלבען טיטול פאַרפאַסט אַ ספּעציעלען קונטרס וואו ער צייגט אויף די באַדייטונג פון האָפען אויף אַ ישועה, אויף משיח׳ן.

ווען מען האָט אים געהערט רעדען וועגען משיח׳ן, און ווען האָט ער דען ניט גערעדט מכח דעם? — האָט זיך אויסגעדוכט, אַז אָט, אָט הערט מען שוין דאָס קומען פון זיינע טריט. ער פלעגט רעדען מיט אַזאַ טיעפע ערנסטקייט, מיט אַזאַ טאָן פון זיכערקייט, אַז ער האָט קיינעם ניט געלאָזט צווייפלען אויף אַ האָר, אַז מען דאַרף זיך ריכטען גאָר אין גיכען צו באַגריסען דעם אידישען גואל. „אפילו אַ בלינדער״, פלעגט ער זאָגען, קאָן אויך זעהן, אַז מיר זענען שוין בעקבתא דמשיחא אַלע צייכענס צייגען דאָך אויף דעם. עס איז שוין גאָרניט ווייט. אָט נאָך אַ קליינע ווײַלע. אַדורך געשוואומען אַזאַ ברויזיגען און שטורמדיגען ים (דעם גלות) און מיר זענען שוין גאָר נאָהנט צום ברעג. מיר דאַרפען זיין מוכן ומזומן. „אעפ״י שיתמהמה אחכה לו״. ביי אורחים וועל־כע פלעגען איהם בעזוכען האָט ער זיך פיעלע מאָל נאָכגעפרעגט צו מען רעדט ביי זיי אין שטאָדט וועגען משיח׳ן. ער האָט זיך זאָגאָר געמאַכט אַ ספּעציעלע שבת׳דיגע קאַפּאָטע מקבל פנים צו זיין משיח׳ן. און פלעגט זיך פון צייט צו צייט איהר אָנטהאָן און זיך אוועקזעצען וואַרטען אויף איהם.

שבת איז געווען דער איינציגער טאָג ווען ער פלעגט אויף משיח׳ן ניט וואַרטען, ווייל ער פלעגט זיך פרעהען מיט׳ן שבת. און וואָס איז שבת אויב ניט אַ משיח׳ס טאָג. דער שבת איז דאָך אַ מעין עולם הבא. ער פלעגט דאַ־

ריבער וועלען, אַז שבת זאָל אויביג אָנהאַלטען. ס׳זאָל זיין אַ יום שכולו שבת וקדושה ומנוחה לחיי העולמים...

מיט אַ פאַרבענקטע שטימע האָט ער איינמאָל ביי קבלת שבת זאָגענדיג: „ה׳ מלך תגל הארץ ישמחו איים רבים״, — באַמערקט, — „ווען אַ מלך בשר ודם זיעגט, פרעהען זיך ניט אַלע מלוכות, די אונטערוואָרפענע, פאַריאָכטע און שוואַכע מדינות וויינען. אָבער ווען כביכול וועט קעניגען, וועט די גאַנצע וועלט אָהן אויסנאהם זיך פרעהען. „ישמחו איים רבים״, אפילו די קלענסטע אינזעלעך וועלען זיך פרעהען״.

אַ זעהר אינטערעסאַנטער בריוו, וואָס כאַראַקטעריזירט דעם חפץ חיים׳ס אונגעהוירע בענקשאַפט און שטאַרקע אמונה אויף דאָס שנעלע קומען פון משיח׳ן געפינט זיך אָפּגעדרוקט אין ספר „יד רמה״, געשריבען צום מחבר הרב הגאון הגדול וכו׳ מוהר״ר רפאל מרדכי הלוי סאלאווי, הגאב״ד דקלעשצעל. דער בריעף איז דאַטירט יום ה׳ מו״מ תרפ״ג און לעזט זיך אין זיין אידישע איבערזעצונג טיילווייז אזוי:

„איך האָב ערהאַלטען זיין טייערען ספר „יד רמה״, וועלכער איז פול מיט חריפות און בקיאות... ביי דיזער געלעגענהייט וויל איך אָבער כת״ר אויפ־מערקזאם מאַכען, היות די אַלע סימנים וועלכע די חז״ל האָבען פאַראויס גע־געבען פאַר ביאת המשיח זיינען מקוים געוואָרען, ווי: געלט וועט פאַרלירען די ווערדע, הונגער וועט הערשען, קיין שלום וועט ניט זיין, שנאה וועט זיין פאַרשפרייט, און נאָך און נאָך (סנהדרין צ״ז). אַלעס איז פאַר אונזערע אוי־גען געוואָרען אַ פאַקט. איז דאָך קיין צווייפעל ניט, אַז מיר שטעהן יעצט ערב דאָס קומען פון משיח׳ן. דאריבער ווען די גדולי ישראל בזמננו, אַזוי ווי כבודו, וועלכער איז דערצו אויך אַ לוי וואָלטען זיך צו מיר צוגעהערט וואָלט איך זיי גע׳עצה׳ט צו ווידמענען זייערע לומד׳ישע כחות צו שאַפען חבורים פאַר׳ן פאָלק אין אַזעלכע ענינים וועלכע האָבען צו טהאָן מיט קודש ומקדש.

„משיח וועט דאָך זיכער אין גיכען קומען וועלען זיך דאָך געפינען טוי־זענדער כהנים און לויים וועלכע וועלען גאָר קיין אהנונג ניט האָבען אין די ענינים פון עבודה...

„איז דאָך עס אַ פליכט אויף די כהנים און לויים, וועלכע זיינען תלמידי חכמים בזמננו זיך צופאַרפאָלקאָמען אין די ענינים און עס צו מאַכען לערנען צו די אונוויסענדע...״

מ׳דערצעהלט, אַז דער חפץ חיים האָט איינמאָל טעלעגראַפיש צו זיך אַרויסגערופען דעם באַוואוסטען אַלטען גאון ר׳ שמעון שקאָפּ, גראָדנער ראש הישיבה, וועלכער איז אַליין אַ כהן און געהאַט מיט איהם אַ לענגערען שמועס מכח פאַרשפרייטען דעם למוד הקדשים צווישען די בני הישיבה.

איינע פון זיינע הויפט ארגומענטען אויף צו לערנען קדשים בזמננו איז גע־ווען: „צו טהאָן די עבודה אין בית המקדש פלעגט באַטראַכט ווערען אַלס גרעסטער כבוד און תענוג. עס ווערט אין תנ״ך דערצעהלט, אַז דעם מלך עוזיהו, וועלכער איז אַליין ניט געווען קיין כהן האָט זיך פאַרגלוסט צו טהאָן די עבודה פון קטורת איז ער דערפאַר נענש געוואָרען מיט צרעת. נמצא, אַז ווען דער בית המקדש האָט עקזיסטירט האָבען דאָן נאָר די כהנים געמעגט טהאָן די עבודה, ווערהענד היינטיגע צייטען קאָנען דאָך אלע, אפילו אַ ישראל, טהאָן די עבודה פון כהן גדול לפני ולפנים, ווייל, זאָגען די חז״ל, השי״ת האָט פאַרזיכערט צו אברהם אבינו, אז ווען דער בית המקדש וועט זיין חרוב וועט דאָס לערנען די תורה פון קרבנות פאַררעכענט ווערען אַזוי ווי דאָס מקריב זיין קרבנות בפועל ממש. דאָס איז נאָר מעגליך יעצט, אָבער ניט שפּע־טער ווען דער בית המקדש וועט שוין זיין בבנינו.

„שטודירען דען ניט די פאַרשידענע געלערנטע צווישען די אומות העולם די אַלטע אָפּגעלעבטע ציוויליזאַציאָנען פון אַמאָל? ארכעאָלאָגען גראָבען אויס טיעף פון דער ערד די איבערבלייבענישען פון די אַלטע פאַרשטאָרבענע וועל־טען על אחת כמה וכמה אונזער תורה, וועלכע איז אַן אייביג לעבעדיגער קוואַל, דאַרף מען דאָך געוויס טרינקען מיט דורשט איהרע מים חיים! „דרוש וקבל שכר״ זאָגען די חכמים, ד. ה. עס איז אַ מצוה זיך צו פאַרטיעפען אין יעדען ענין פון דער תורה אויב אַפילו עס איז ניט נוגע גלייך הלכה למעשה. פאַרוואָס זאָל מען באַליידיגען אַ חלק תורה? עס איז דאָך נאָך, אדרבה, מעהר מצוה צו לערנען אַזאַ מסכת, וועלכע איז פאַרלאָזען און פאַרנאַכלעסיגט פון אַלעמען״.

ס׳איז אינטערעסאַנט וואָס דער חפץ חיים פלעגט זאָגען, אַז צו דעם גע־דאַנק מחבר צו זיין דעם ביאור אויפ׳ן „תורת כהנים״ איז ער צוגעקומען צו־ליב׳ן מאמר אין מדרש (משלי יוד) אַז אויפ׳ן עולם האמת וועט מען פרעגען יעדען למדן וועלכער האָט אנדערע זאַכען געלערענט, — בני, תורת כהנים למה לא שנית? — מיין קינד, דו האָסט אנדערע זאַכען געלערענט, טאַ, פאַרוואָס האָסטו קיין תורה ניט געלערענט? (זעה הקדמה צום „תורת כהנים״).

דער זכות פון למוד הקדשים איז בכח צו דערנעהנטערען די גאולה. אַלס אַן אילוסטראַציע פלעגט דער חפץ חיים זיך באַנוצען מיט דעם פאַקט, וואָס ביי אַ חתונה קומט אַן שווער צוציאָגען די מחותנים און חתן כלה צו דער חופה. קוים אָבער שטעהט שוין דער חתן אונטער דער חופה, לאָזט מען איהם שוין לאַנג ניט וואַרטען און מען ברענגט גלייך די כלה. דאָס זעלבע מיט אונז — זאָל נאָר אקארשט דער חתן (דאָס פאָלק ישראל) זיין גרייט צו דער חופה, וועט שוין דאַן השי״ת ניט לאָזען לאַנג וואַרטען אויף דער כלה (אויף משיח׳ן).

ער פלעגט אָפט באַטאָנען:

„נאָכמעהר ווי מיר ווילען, אַז ער זאָל קומען וויל ער קומען. ער וועט אָבער ניט קומען סיידען אַלע אידען וועלען וואַרטען און האָפען אויף איהם״.

מען דערצעהלט, אַז דער חפץ חיים איז אנוועזענד געווען אין ווארשא, ווען די פאָרשטעהער פון דער אידישער קהלה אין בריסק דליטא זענען געקומען צום באַריהמטען גאון ר׳ יאשע בער סאלאוויטשיק מיט אַ כתב רבנות און איהם געבעטען ער זאָל ווערען זייער רב. ר׳ יאשע בער האָט זיך לכתחילה ענט־זאָגט, ווייל נאָכדעם ווי ער האָט פאַרלאָזען סלוצק האָט ער געהאַט ביי זיך בעשלאָסען ניט אָנצונעהמען מעהר קיינע רבנות־שטעלע. האָט זיך דאַן איינער פון די פאָרשטעהער געווענדעט צו איהם מיט די ווערטער: „רבי, ווי קאָנט איהר אונז אָפזאָגען? עס וואַרטען דאָך 25,000 אידען אויף אייך! רבי יאשע בער איז פון די פשוט׳ע ווערטער גערידהרט געוואָרען. ער איז גלייך אריינגעלאָפען צו דער רביצין און האָט מיט התלהבות אויסגעשריען: „זיי אַזוי גוט, גיב מיר וואָס שנעלער מיין קאַפּאָטע און מיין שטריימעל. איך מוז געהן. 25,000 אידען וואַרטען אויף מיר. איך טאָר אַזאַ עדה אידען ניט לאָזען אויף מיר וואַרטען״.

ווען דער חפץ חיים האָט געהערט פון דעם עפּיזאָד האָט ער אַ טיעפען קרעכץ געטהאָן און דערביי באַמערקט:

„אויב ר׳יאשע בער האָט זיך אַזוי צוגעהיילט, ווייל ער האָט ניט געקאָנט דערלאָזען, אַז 25,000 אידען זאָלען אויף איהם וואַרטען, שטעלט זיך פאָר ווען משיח וויס, אַז דער כלל ישראל וואַרט אויף זיין קומען וואָלט ער דאָך שנעל געכאַפּט זיין גאַרטעל און קאַפּאָטע און געקומען צולויפען; ער וואָלט זיכער דעם כלל ישראל ניט געלאָזט וואַרטען.

דער אומגליק איז אָבער, וואָס דער כלל ישראל וואַרט ניט אויף איהם.

„מ׳זאָגט מעהר ניט מיט׳ן מויל — כי מחכים אנחנו לך, — אָבער באמת האָפט מען גאָרניט! איי מ׳וואַרט ניט אויף איהם!” פלעגט ער גיסענדיג מיט טרעהרען טיעף אָפזיפצען.

פון דער אנדערער זייט פלעגט ער טענה׳ן צו די יעניגע וועלכע האָבען זיך געפיהלט מיואש׳דיג הלמאי ס׳דויערט אזוי לאנג:

„אידען האָבען שוין ניט קיין כח צו וואַרטען אויף משיח׳ן. זיי קוקען שוין אויס אויף זיינע טריט באַלד צוויי טויזענד יאָהר. דאָך ווען ער וועט שוין זיין וועט דאָך אין משיח׳ס צייטען דער שכר פון אַ מצוה זיין זעהר קליין און ס׳וועט זיין צו שפּעט מתקן צו זיין פריהערדיגע פעהלערן. אַזוי ווי די חז״ל זאָגען אויפ׳ן פסוק: „והגיעו שנים אשר תאמר אין לי בהם חפץ — אלו ימי המשיח שאין בהם לא זכות ולא חובה” (ילקוט, קהלת י״ב).

„אלעס איז פאַר אונזער טובה — משיח מוז קומען און וועט קומען. עס ווענדעט זיך אָבער אַלעס אין אונז אַלעמען אַזוי ווי די חז״ל זאָגען: כלו כל הקיצין ואין הדבר תלוי אלא בתשובה! דער כח היצר איז אָבער אַזוי גרויס און מעכטיג, אַז ער דערלאָזט ניט מען זאָל ביי זיך פועל׳ן צו ווערען אַ בעל תשובה... ער רעדט אין דעם מענשען, אַז תשובה איז פונקט אַזוי שווער ווי צו שפּרינגען פון אַ דאַך. ער וויל מאַכען דעם מענשען צו גלויבען, אַז תשובה איז אונמעגליך. דער אמת איז אָבער — שמע ישראל ה׳ אלקינו ה׳ אחד — און מען קאָן תשובה טהאָן אין איין רגע... און משיח וועט זיכער קומען”.

י.

# דירעקט צום רבונו של עולם

פשטות איז שטענדיג געווען דער הויפט־שטריך אין דער מערקווירדיגע הנהגה פון חפץ חיים. אויף אן איינפאַכען אופן פלעגט ער זיך אוסרעדען מיט יעדען איינעם פון זיינע באַזוכער, אַלעס אין אַ ריינעם פאַרשטענדליכען אידיש, אין מאַמע לשון. מ׳פלעגט קומען צו איהם נאָך ברכות פון דער גאַנצער וועלט. אויסהערענדיג יעדערן׳ס ליידען און צרות פלעגט ער זיפצענדיג און מיט רחמנות זאָגען: „וואָס קאָן איך אַ פשוט׳ער איד אייך העלפען. דער בורא יתברך מיט זיין גרויסען חסד זאָל אייך העלפען”. אָדער: צו וואָס קומען בעטען פון מיר וואָס וויל ניט און קאָן גאָר ניט טהאָן, געהט גלייך צו איהם (צום רבש״ע) וואָס וויל און קאָן אייך העלפען!”

איטליכען האָט ער געזוכט צו טרייסטען און מחזק זיין ניט צו פאַרלירען קיין מוטה און האָפענונג און האָבען בטחון אין רבונו של עולם.

„ווען איינער פיהלט שלעכט — פלעגט ער זאָגען — זאָל ער אין התבודדות אַוועקגעהן אין אַ ווינקעל” און איינער אַליין דורך ווערטער וועלכע קומען טיף פון האַרצען זיך אויסרעדען מיט השם יתברך, אַזוי ווי אַ קינד מיט אַ פאָטער, און אין פשוט׳ע ווערטער זאָל ער בעטען פון אויבערשטען חסד און רחמנות און דער רבונו של עולם וועט זיך געוויס צוהערען צו זיין בקשה”.

ווען דער חפץ חיים איז אין חדש אלול פון יאָהר תרפ״ד געווען אין גראָד־נא איז אזוי ווי איבעראַל זיין אכסניה באַלאַגערט געוואָרען פון טויזענדער מענשען, וועלכע האָבען זיך פאַרזאַמעלט פון נאָהענט און ווייט כדי צו כאַ־פען אַ קוק אויפ׳ן רבן של כל ישראל און איהם בעטען, אַז ער זאָל מתפלל זיין פאַר זיי. האָט זיך דער צדיק דאמאלט געווענדעט צו זיינע באַזוכער מיט אומגעפעהר דיזע ווערטער:

„קינדער וואָס דאַרפט איהר מיר האָבען, אז איך זאָל פאַר אייך בעטען ביים טאַטען (השי״ת)? איהר ווייסט דאָך, אַז אַ פאָטער איז ניט צופרידען, אַז איין קינד זאָל קומען בעטען אַ טובה פאַר דאָס אַנדערע. נאָר וויל, אַז

יעדער קינד זאָל קומען פערזענליך צו איהם מיט זיין בקשה. אַזוי איז דאָך אויך מיט אונזער פאָטער אין הימעל. דער רבונו של עולם וויל, אַז יעדער איד זאָל אַליין קומען צו איהם מיט זיינע תפלות ובקשות, אלא נאָר וואָס דען אנדערע פון אונז פיהלען זיך אפשר, אַז דער טאַטע איז אַ ביסעל ברוגז׳לאָך אויף זיי, קאָן איך אייך פאַרזיכערען, אַז ער (השי״ת) גארט זעהר און זעהר זיך איבערצובעטען מיט אונז נאָך מעהר ווי מיר מיט איהם. ער וואַרט נאָר מיר זאָלען צו איהם קומען! אַליין, טייערע ברידער! פריהער פון אַלעס דאַרף מען אַליין תפלה טהאָן!״

צום עולם וועלכע זיינען געקומען נאָך ברכות האָט ער באַמערקט: „מ׳זוכט ריק ברכות דורך משונה׳דיגע וועגען. ווען אַ תלמיד חכם קומט אין אַ שטאָדט קומען דאָן אַלע צו איהם בעטען ברכות. אנדערע זיינען אַפילו גרייט צו באַצאָהלען אבי צו קריגען אַ ברכה פון אַ צדיק. מען פאַרגעסט אָבער, אַז די גרעסטע ברכות גיט השי״ת פאַר החזקת התורה. — ברוך אשר יקים את דברי התורה הזאת, — איז געזאָגט געוואָרען אין דער געגענוואַרט פון כלל ישראל, כהנים לויים, זקנים און נביאים צוזאַמען מיט׳ן ארון ברית ה׳ אין צענטער.

„קאָן דען מעגליך זיין אַ גרעסערע און מעהרווירקזאַמע ברכה?״

מר. ש. ה. פון ווארשא, היינט אין ניו־יאָרק האָט דעם שרייבער דערצעהלט דעם פאָלגענדען אינצידענט:

עס זיינען פאַריבער פיל יאָהרען נאָך זיין חתונה און ער האָט קיין קינדער ניט געבוירען. איז ער אַוועק צום אַ געוויסען בעל מופת, וועלכער איז דאמאלט גראד געווען אין ווארשא נאָך אַ ברכה. אויסהערענדיג זיין שווער הארץ האָט דער בעל מופת פון איהם פאַרלאַנגט 52 רובעל כמנין „בן״ אַלס פדיון כדי ער זאָל איהם געבען זיין ברכה פאַר אַ בן זכר. ש. ה. איז אָבער געווען אָרים און ניט פאַרמאָגט אַזאַ סומע האָט דער רבי געפאָדערט זיין גאָלדענעם זייגער אַלס משכון, אַז ער וועט איהם ביסלעכווייז אויסצאָהלען די סומע. אָבער היות ווי דער זייגער איז געווען אַ מתנה וועלכע ער האָט באַקומען אלס חתן פון זיין פרוי, האָט ער זיך צוריקגעהאַלטען עס אוועקצוגעבען אָהן איהר וויסען. איז ער דאריבער געגאנגען איהר פרעגען, צו זי איז איינשטימינג.

דורכגעהענדיג פראַנציסקאַנער גאַס, האָט ער אין הויף פון נו. 11 דערזעהן אַ גרויסע מאַסע מענשען, צווישען זיי איז געווען אַ קליינער אידעלע צו וועמען

אַלע האָבען זיך געשטופּט צו געבען שלום. ווען ער האָט דערהערט, אַז אָט דער אידעלע איז דער חפץ חיים איז ער אויך צוגעגאַנגען אין אַלעמען איבער־וואַרטענדיג האָט ער פאַר איהם אויסגעגאָסען זיין ביטער האַרץ.

דערהערענדיג דעם אינצידענט האָט דער חפץ חיים אַן איבערראַשטער צו ש. ה. געזאָגט: „חלילה, איהר זאָלט ניט געבען קיין געלט, איהר האָט דאָך ניט? בעט אַליין ביים רבונו של עולם ער וועט אייך העלפען!" און דער חפץ חיים האָט איהם צוגעוואונשען, אַז די תפלות זאָלען אָנגענומען ווערען".

כך הוה, דערזעלבען יאָהר האָט ש. ה.׳ס פרוי געבוירען אַ בן זכר. „היינט האָב איך ב"ה אַ היבשע משפּחה באַשטעהענד פון פיל קינדער", האָט ער זיין ספּור המעשה פאַרענדיגט.

מערקווירדיג זיינען ווירקליך געווען די דרכים פון חפץ חיים אין זיינע באַמיהונגען צו העלפען אַ ליידענדען. ער האָט דאַן קיין צייט און מיה גע־שפּאָרט. מיט ווערטער און מעשים, מיט האַרץ און נשמה, מיט געפיהל און פאַרשטאַנד פלעגען זיין דורכגעדרונגען אַלע זיינע אנשטרענגונגען צו בריינ־גען טרייסט, מוטה און האָפענונג צו דעם נידערגעשלאָגענעם און פאַרצוויי־פעלטען. ער האָט געפיהלט דעם צער השכינה אין יעדען אידישען זיפץ...

צו אַן אָרימען אידען, וועלכער האָט איהם מיט אַ צובראָכען האַרץ דער־צעהלט זיינע ליידען האָט דער חפץ חיים צווישען אַנדערע טרייסט ווערטער אין דברי חזוק איהם פאַרטייטשט דעם פּסוק, „כי יעמוד לימין אביון להושיע משופטי נפשו", (תהלים) דורך דער פאָלגענדער אילוסטראַציע:

עס זיינען אַמאָל געווען צוויי פריינד ראובן און שמעון, וועמעס פאַרמעגען די רעגירונג האָט קאָנפיסקירט, אַלס קנס פאַר ניט צאָהלען קיין צינזען. ראובן האָט געהאַט אלס פאַרטיידיגער זיינעם אַ גוטען פריינד דעם גרעסטען אדוואָ־קאַט פון לאַנד.

די צוויי פריינד, זיצענדיג אין תפיסה האָבען איינער פאַר דעם אַנדערען אויסדערצעהלט זייערע צרות. האָט שמעון אַ זאָג געטהאָן צו ראובן׳ען, „וואָס זאָרגסטו זיך? דו האָסט דאָך אַלס פאַרטיידיגער דעם גרעסטען אַדוואָקאַט, איהם וועט דאָך געוויס געלינגען דיך צו באַפרייען. שלעכט איז מיר, וויל איך האָב ניט אַזעלכע איינפלוסרייכע פריינד, און קיין געלד מיט וואָס צו דינ־גען גוטע פאַרטיידיגער האָב איך אויך ניט, בין איך דאָך אַ פאַרלוירענער!"

„שטעלט זיך פאַר", האָט דער חפץ חיים געזאָגט צום אורח. „ווען איהר וואָלט געווען זיכער, אַז אויפ׳ן עולם האמת וועט דער רמב"ם זיין אייער פאַר־

טיידיגער פאר'ן בית דין של מעלה, וואלט איהר זיך דאך געשעצט גליקליך. ווער רעדט נאך אויב איהר וואלט געוואוסט, אז אביי, אדער רבא, רבי עקיבא אדער ר' יוחנן בן זכאי וועט זיין אייער מליץ, קיינער וואלט זיך דאך צו אייך אין צופרידענהייט ניט געקאנט גלייכען, א פשיטא שוין ווען איהר וואלט גע־ ווען בטוח, אז די נביאים, אדער משה רבנו בכבודו ובעצמו אדער גאר די אבות הקדושים וועלען ערשיינען פאר'ן הימלישען געריכט אייך צו פארטיי־ דיגען וואלט דאך דאמאלט אייער נחת רוח געווען אונפארגלייכבאר!

„די חז"ל זאגען אונז, אז ווען א איד טהוט א מצוה ווערט פון איהר באשא־ פען א מלאך מליץ, וואס קאן איהם ראטעווען פון גיהנם. וועגען אן ארימאן ווערט אבער געזאגט, אז דער רבונו של עולם אליין איז זיין פארטיידיגער, אז ער שטעהט ביי זיין רעכטע האנד אזוי ווי אן אדוואקאט און זוכט איהם ארויס־ צוראטעוועו פון די יעניגע וועלכע משפט'ען זיין נפש (משופטי נפשו)".

אין זומער פון יאהר תרפ"ב איז געקומען צו איהם א אומגליקליכער איד א יורד און האט פאר איהם מיט ביטערע טרערען דערצעהלט זיין אומגליק־ ליכע לאגע. ער איז געווען א בכבוד'יגער בעל הבית אין זיין שטאדט. און איז ליידער געווארען א מחוסר לחם. האבען זיך גוטע פריינד צוזאמענגע־ לעגט און איהם אויסגעבארגט א סומע. איז ער געפאהרען קיין ווארשא קויפען סחורה, פאהרענדיג צוריק, זיינען אויפ'ן באהן איהם באפאלען פוילי־ שע זעלנער. איהם געצופט די בארד, געשלאגען און געפייניגט, אזוי שנעל ווי די באהן איז צוגעקומען צו א סטאנציע האבען די רשעים אוועקגעריסען פון איהם זיין ווארע און דערמיט אנטלאפען. ער איז געבליבען ביי גארניט. ער האט איבערגעפיהרט יתומים'שע געלט פון ארימע כלות און אלמנות! אהיים קאן ער צוריק ניט פאהרען. ער איז אומגליקליך, האט ער מיט פאר־ בראכענע הענט געכליפעט.

דער חפץ חיים האט איהם מיט אלע מיטלען געזוכט צו בארוהיגען. ער האט פארבראכט מיט איהם צוויי שטונדען צייט. ציטירענדיג פילע פסוקים אין מאמרים און מיט ריהרענדע אילוסטראציעס האט ער איהם געזוכט צו טרייס־ טען און שטארקען. ער האט איהם אויך איינגעלאדען צו זיין זיין אורח.

נאכדעם ווי דער איד האט זיך שוין געפיהלט בארוהיגט האט דער חפץ חיים געשיקט רופען די ראשי הישיבה, הגאון ר' ר' נפתלי זצ"ל און יל"ח, הגאון ר' משה לאנדינסקי און זיי געבעטען ארויסצוגעהן איבער'ן שטעטעל. זיי האבען דאמאלט צונויפגעזאמעלט הונדערט דאלאר.

**דער חפץ חיים האָט דעם אורח דערלאַנגט די סומע און איהם צוגעוואונ־שען ער זאָל מהיום והלאה האָבען הצלחה. געזעגענדיג זיך מיט איהם האָט ער באַמערקט: „איך האָב פאַרבראַכט מיט אייך צוויי שטונדען. איך האָף ס'וועט ניט זיין אומזיסט נאָר ס'וועט אייך פיל העלפען... פאָהרט לחיים ולשלום". מיט פיעל מוטה און האָפנונג האָט דער אורח פאַרלאָזען ראדין.**

יא.

# דער „ועד הישיבות״

דער למוד התורה אין פוילין אין די לעצטע דורות איז קאָנצענטרירט געוואָרען אין דער אַזוי גערופענער „פוילישע ליטא״, וועלכע פאַרמאָגט עד היום די באַריהמסטע וועלט ישיבות ווי וואָלאָזשין, מיר, לאָמזע, באַראַנאָוויץ, גראָדנע, קאָמעניץ, ראדין, א. א. וו. אין די יאָהרען בעפאָר דער מלחמה איז דאָס רוסישע אידענטום געווען דער הויפּט קוואַל פון וואַנעט די ישיבות פלעגען ציהען יניקה. די וועלט מלחמה האָט אָבער צושטערט דעם אַמאָליגען גרויסען אידישען צענטער, וועלכער האָט פאַרמאָגט דעם רוב מנין ורוב בנין פון אידישען פאָלק. ס'זיינען אויסגעוואָקסען נייע לענדער, נייע רעגירונגען, נייע גרעניצען און נייע גזירות. די אידישע באַפעלקערונג איז שרעקליך פאַראָרימט געוואָרען. אַלץ וואָס אידען האָבען געשאַפען אין פאַרלויף פון הונדערט יאָהרען מיט פיעל מיה און קרבנות איז צושטערט געוואָרען. דער „צענטראל רעליעף״, אין אמעריקא האָט אין די מלחמה יאָהרען מיט אַ ברייטע האַנד געשטיצט די ישיבות. יעדער ישיבה פלעגט אויך האָבען פריוואַטע קוואַלען אין די פאַרשידענע שטעדט און שטעדטלאַך פון וועלכע זיי פלעגען קריגען ביישטייערונגען.

האָט דער חפץ חיים ווי אַ „חכם עדיף מנביא״ פאַרשטאַנען, אַז אַלץ איז בלויז פון אַ צייטווייליגען כאַראַקטער. זיין מיינונג פלעגט בכלל זיין, אַז אין אַזעלכע ענינים טאָר מען זיך ניט פאַרלאָזען אויף אַנדערע, אַז קיין איד אונטער אַ וואָסערע אומשטענדען ער זאָל זיך ניט געפינען טאָר זיך ניט באַפרייען פון „עול התורה״. אויך קאָן מען זיך ניט פאַרלאָזען אויף משולחים אין אַ צייט ווען די אידישע לאַגע אין דער וועלט איז אַזוי קריטיש און אַבנאָרמאַל.

דער חפץ חיים האָט דאריבער ניט גערוהט. ער האָט כסדר געקלערט און געזוכט עצות ווי אזוי אַוועקצושטעלען דעם מצב הישיבות אויף אַ מעהר געזונדען יסוד.

כידוע איז דעם חפץ חיים׳ס שיטה אימער געווען, אַז דער קיום התורה אין גלות פאָדערט, אַז יעדער ישיבה זאָל פאַר זיך אַליין זוכען די נויטיגע קוואַלען פון הכנסה און ניט זיין אָפּהענגיג אָן אַ צענטראַליזירטע קערפּער־שאַפט. אמת, אַזאַ יסוד איז ווייט ניט אין איינקלאַנג מיט די מאָדערנע שיטות און באַגריפען פון עקאָנאָמיע און פילאַנטראָפּיע. פלעגט אָבער דער חפץ חיים אויפווייזען, אַז די איינריכטונגען וועלכע די מאָדערנע ציוויליזאַציע האָט געבראַכט איז אויך ניט אָהן חסרונות און אַז די אַלט־מאָדישע סיסטעמען זיי־נען אויך ניט אָהן מעלות. נעמט למשל, עלעקטרישע לאָמפּען. די באַלייכ־טונג פון אונזערע הייזער איז היינטיגע צייטען כמעט איבעראַל אָפּהענגיג אויף אַ צענטראַלע קראַפט־סטאַנציע. ווערט עפּעס קאַליע אין דער צענטראַלע בלייבען אַלע הייזער פינצטער. וועהרענד די תקופה פון קעראָסין (נאַפט) לאָמפּען אָדער גאָר חלב׳נע ליכט האָט יעדער הויז געמאַכט אונאָפּהענגיג איינע פון דער אַנדערער. ווען ס׳איז אַפילו געוואָרען אומעטום פינצטער האָט איי־נער געקאָנט האָבען ביי זיך ליכטיג.

כך אזוי, פלעגט דער חפץ חיים ארגומענטירען, איז מיט די ישיבות. יעדער תורה אינסטיטוציע דאַרף זוכען צו זיין וואָס מעהר זעלבסטשטענדיג כדי איהר קיום זאָל גיכער זיין געזיכערט. צייטען האָבען זיך אָבער געביטען, אַלס רעזולטאַט פון דער וועלט־מלחמה, אַז כדי צו ראַטעווען די עקזיסטענץ פון די תורה־אַנשטאַלטען האָט זיך געפאָדערט אַ געמיינזאַמע גרויסע אַקציע.

אויף דער איניציאַטיווע פון חפץ חיים מיט דער מיטווירקונג פון הגאון ר׳ חיים עוזר גראָדזענסקי איז פאַר תמוז תרפ״ד פאַררופען געוואָרען אַ גרוי־סע אספה אין ווילנע, די ירושלים דליטא. אין דיזער פאַרזאַמלונג האָבען זיך באַטייליגען הונדערטע רבנים און ראשי ישיבה. אויפ׳ן פאָרשלאַג פון חפץ חיים איז דאַן געגרינדעט געוואָרען דער „וועד הישיבות".

דער חפץ חיים האָט דאַן צוזאַמען מיט הגאון ר׳ חיים עוזר׳ן פאַרעפענט־ליכט אַן אויפרוף אין וועלכען זיי פאָדערען יעדער אידען זיך מתחייב צו זיין צו צאָהלען לכל הפחות בערך 18 זלאָטעס, אָדער צוויי דאָלאַר אַ יאָהר צום „וועד הישיבות;" יעדער קהלה זאָל גרינדען אַ לאָקאַלען ועד מיט דער באַ־טייליגונג פון אָרטיגען רב, זאַמלען די געלד און עס איבערשיקען צו דעם צענטראַלען קאָמיטעט אין ווילנע, וועלכער דאַרף צוטיילען די הכנסה פּראָ־פּאָרציאָנעל צו אַלע ישיבות.

אבוואהל דער חפץ חיים איז געווען דער הויפט איניציאטאר אין דער גרינדונג פונ׳ם „ועד הישיבות״, דאך ווען די קאנפערענץ האט באשלאסען אפיציעל צו עפענען דעם „ועד הישיבות״ דורך א מאסען פארזאמלונג אין דער ווילנער שטאדט שוהל און געבעטען דעם חפץ חיים צו האלטען דעם „נאום הפתיחה״ האט ער לכתחילה פראטעסטירט; „ווי קום איך דערצו? ווי אזוי קאנט איהר עס פון מיר גאר פארלאנגען. ווען איך האב מיט בערך 60 יאהר צוריק, זייענדיג בלויז 28 יאהר אלט געשריבען מיין ערשטען ספר, האב איך מיין נאמען ניט געוואלט שרייבען כדי אויסצומיידען פרסום. איצט אויף דער עלטער ווילט איהר איך זאל זוכען כבוד!״ — ווען מ׳האט איהם אבער אויפמערקזאם געמאכט, אז זיין רעדען וועט זיין א תועלת פאר׳ן קיום הישיבות האט ער זיך מיט צופרידענהייט אונטערגעגעבען.

ער האט דאן אין ווילנע גערעדט וועגען החזקת התורה אומגעפעהר אזוי: דער רבש״ע אין זיין חסד האט צוגעזאגט דעם מחזיק א גלייכען חלק מיט׳ן לומד התורה. ער האט אבער נישט געקאנט פארלאנגען, אז דער וואס שטיצט די תורה זאל שטעהן אויף דער זעלביגער גייסטיגער און מאראלישער הויך פון דעם וואס לערנט די תורה. דאס קאן מען פארשטעהן פון חומש ווי עס שטעהט, אז דער „ארון ברית ד׳ ״ וואס האט ענטהאלטען אין זיך די לוחות האט געדארפט זיין „מצופה זהב טהור״, באדעקט מיט ריינעם גאלד, כידוע איז דער ארון מרמז אויפ׳ן לומד התורה, דאגעגען די „בדי הארון״ די שטאנגען דורך וועלכע דער ארון האט זיך געטראגען האבען בעדארפט זיין בלויז באַ־דעקט „זהב״ מיט גאלד, אבער נישט מיט קיין „זהב טהור״, ווייל די שטאנגען סימבאליזירען דעם מחזיק התורה און פון דעם לעצטען האט די תורה נישט געקאנט פאדערען אזא רוחניות׳דיגע מדריגה ווי פון דעם תלמיד חכם.

די תורה זאגט אויך אן „בטבעות הארון יהיו הבדים... לא יסורו ממנו הבדים.״

די שטאנגען דארפען קיינמאל נישט אוועקגענומען ווערען פונ׳ם ארון אפילו ווען דער ארון איז געשטאנען אין קדשי־הקדשים האבען אויך די בדי הארון געמוזט זיין צוזאמען מיט׳ן ארון. דאס איז א רמז, אז דער מחזיק התורה טאר קיינמאל נישט אויפהערען צו שטיצען דעם תלמיד חכם. און בזכות זיין החזקה צום לומד התורה אויף דער וועלט, וועט דער מחזיק זיין אויפ׳ן עולם העליון צוזאמען מיט׳ן ערשטען, ווי אין פסוק שטעהט „שמח זבולן בצאתך וישׂשכר באהליך״, וועלכעס מיינט לויט׳ן פשט פון רז״ל, פרעה זיך זבולון

ווען דו וועסט אַוועק געהן פון דער וועלט, ווייל ישׂשכר וועט זיין בעולם הבא צוזאַמען מיט דיר אין דיין געצעלט.

די חז"ל זאָגע אויך:

„כל המטיל מלאי לכיס תלמידי חכמים זוכה ויושב בישיבה של מעלה שנאמר, „כי בצל החכמה בצל הכסף" (פסחים נ"ג). פון דעם קאָנען מיר אויך דרינגען, אַז דער מחזיק התורה וועט אויפ'ן עולם העליון קריגען ידיעות התורה, ווייל אויב נישט, וואָס איז דאָס פאַר אַ זכות פאַר איהם צו זיצען צו־זאַמען מיט'ן לומד התורה אין דער ישיבה של מעלה. קוים פערבלייבט ער אונוויסענד וואָלט דאָך עס געווען נישט קיין שכר פאַר איהם, נאָר אַן אַפּקו־מעניש אָדער גאָר אַן עונש.

ווען עס זיצט אַ גאַנץ געוועהנליכער מענש לעבען גרויסע לומדים בעת זיי זיינען זיך מפלפל אין לערנען און ער קאָן נישט אנטייל נעמען און איז ווי אַ שטומער וואָס קאָן קיין מויל נישט עפענען, איז דאָך עס דער גרעסטער צער און בזיון אַפילו אַזוי צו זיצען אַ קורצע צייט. ובפרט אויף דער אייביגער וועלט צו זיצען לעבען תלמידי חכמים און נישט פאַרשטעהן אַ וואָרט וואָלט עס דאָך פאַרשאַפט אונגעהויערע ליידען.

אזוי געפינען מיר אין דער גמרא, אַז משה רבנו האָט מתפלל געווען אויף יהודה'ן ער זאָל קאָנען פאַרשטעהן אין עולם הבא „מאי דקאמרי רבנן".

עס ווערט טאַקע געבראַכט, אַז בעת עס איז אָנגעגאַנגען אַ מחלוקת צווישען די גדולי הדור וועגען אַן ענין שעטנז, האָט דער גאון ר' חיים וואלאזשינער, זצ"ל געזעהן אַ מענשען אין חלום, וועלכען ער האָט געקאָנט ביים לעבען אַלס אַ פּשוט'ן אידען. האָט ער איהם געפרעגט ווי מען האַלט מכח דעם „בישיבה של מעלה" האָט דער פאַרשטאָרבענער איהם געענטפערט דעם דין מיט אַלע מקורים.

עס איז דאריבער פשוט, אַז די מחזיקי התורה זיינען אויפ'ן עולם העליון טאַקע זוכה ממש צו פאַרשטעהן די תורה אזוי ווי זיי וואָלטען אליין איהר געלערענט.

דער נאָמען פון מחזיק תורה ווערט אויך פאַראייניגט צוזאַמען מיט'ן נאָ־מען פון לומד תורה, ווי אין תלמוד ווערט שמעון דערמאָנט אַלס „אחי עזריה" שטענדיג צוזאַמען, ווייל עזריה האָט דורך זיין שטיצע מעגליך געמאַכט, אַז שמעון זאָל קאָנען לערנען.

אבוואהל דער חפץ חיים איז געווען דער הויפט איניציאטאר פון „ועד הישיבות" און כמעט אלע טהעטיגקייטען פלעגען הויפטזעכליך זיין געשטיצט אויף זיין אויטאריטעט, האט ער פערזענליך שטענדיג געזוכט אויסצומיידען צו ערשיינען אלס פיהרער.

אפטמאל פלעגט זיינע מקורבים קאסטען פיעל מיה און אנשטריינגונג צו ווירקען אויף איהם, אז ער זאל זיין פרינציפ פארבויגען. קוים אבער פלעגט מען איהם זאגען, אז עס קאן העלפען פאר'ן קיום התורה, איז עס געווען דער ווירקזאמסטער ארגומענט.

דערווידער און פארהאסט איז כבוד געווען ביים חפץ חיים. זאגאר אין די שפעטערדיגע יאהרען, ווען ער האט שוין אזוי פיעל ניט געזוכט צו אנטלויפען פון כבוד, ער איז שוין גארניט נתפעל געווארען פון דעם. ער פלעגט גאר באטראכטען כבוד אלס גרעסטען בזיון און אלס אונערטרעגליכע אפקומעניש פאר איהם, ווייל אויב מענשען וועלכע ווייסען ניט גיבען איהם אפ כבוד אומפארדינט איז דאך עס גאר א צער און א באליידיגונג. משל למה הדבר דומה? צו א פרינץ, וועלכער איז פארקראכען אין תאוות און זיין פאטער דער קעניג האט איהם באשטראפט צונעמענדיג פון איהם זיינע טיטולען און איהם פארטריבען אין א ווייטע מדינה. דארטען האבען די מענשען ניט וויסענדיג פון זיין ירידה איהם צוגעטיילט כבוד מלכים. ס'איז זיך לייכט פארצושטעלען ס'א יסורים און הארץ וועהטאג אזא כבוד האט פארשאפט דעם פרינץ, וועלכער האט ביי זיך געפיהלט זיין ערנידעריגטען מצב. כך אזוי פלעגט דער חפץ חיים זאגען:

„ווי אזוי קאן זיך א מענש גרויסהאלטען צוליב דעם כבוד, וואס אנדערע טיילען איהם צו, ווען באמת ביי זיך פיהלט ער זיין גייסטיגע ארימקייט און קלייניקייט? דעם מאנטעל פון פיהרערשאפט האט ער געהאלטען צו גרויס פאר זיין פערזאן. ער פלעגט באהויפטען: אז דער מנהיג הדור מוז פארדינען דעם צוגעטיילטען כבוד. די חז"ל זאגען „יפתח בדורו כשמואל בדורו" (ר"ה, כ"ה), אבוואהל דער שופט יפתח איז ניט געווען אזא יחסן און אזוי גרויס ווי זיין פארגענגענער שמואל הנביא, דאך אין זיין דור איז ער געווען אזוי חשוב ווי שמואל אין זיינעם. ד. ה. יעדער דור איז מחויב צו רעספעקטירען זיין פיהרער, און ניט זאגען, אז ווייל ער איז ניט אזא גדול ווי יענע אין די פריהערדיגע דורות דארף מען איהם ניט מכבד זיין. אמת, אבער אז כדי א מנהיג זאל פארדינען דעם כבוד פון זיין דור, מוז ער אבער, אזוי ווי יפתח,

זיין באמת גרייט זיך מוסר נפש צו זיין פאַר כבוד שמים און פאַר דעם וואויל זייך פון פאָלק. און פון אזעלכע מדרגות האָט ער זיך באַטראַכט ווייט.

דעם חפץ חיים האָט שוין זאָגאַר דער גרעסטער כבוד ניט געשאַדט. ער איז אימער געבליבען אין זיין פאלקאמענהייט. אומעטום אין אלע באַדינ־גונגען און אונטער אלע צושטאַנדען איז ער געווען דער זעלבער, אין זעלבען שעור קומה. אין בית מדרש, אין ישיבה, אין קראַם, אין גאַס און אויף די אלערליי קאָנפערענצען און אוידיענצען און אויך דאַן ווען ער איז געשטאַנען לפני מלכים, אומעטום און אַלעמאָל איז ער געווען דער זעלבער ריינער און הייליגער „חפץ חיים".

דערצעהלט דער איישישאָקער רב, הרב ר' שמעון ראזובסקי: דער חפץ חיים איז אין יאָהר תרפ"ה, ווען ער האָט געדיינקט צו פאָהרען נאָך ארץ ישראל, געקומען אין איישישאָק, וואו ער האָט מיט אַכציג יאָהר צוריק גע־לערנט, כדי זיך צו געזעגעגען מיט דער שטאָדט. די גאַנצע שטאָדט, אַלט און יונג, זיינען דאַן ארויס איהם מקבל פנים זיין. ווען דער חפץ חיים האָט דערזעהן דעם רב, האָט ער איהם געבעטען זיך זעצען לעבען איהם אין זיין וואָגען. ווי ערשטוינט איז דער איישישאָקער רב געוואָרען זעהענדיג ווי דער חפץ חיים וויינט מיט הייסע טרעהרען. אויף זיין פראַגע: „רבי, פאַרוואָס וויינט איהר?" האָט דער צדיק געענטפערט: „צוליעב דעם גרויסען כבוד, וואָס מען טהיילט מיר צו, וועלכעס איך פארדיען ניט". און האָט דאַן דערמאָנט דעם ירושלמי וועלכער זאָגט, אַז אויב מען גיט איינעם כבוד פאַר וויסען צוויי מסכתות און ער וויסט מעהר נישט ווי איינע, דאַרף ער זאָגען דעם אמת, אַז ער באַזיצט ניט מעהר ווי איין מסכת. דער איישישאָקער רב איז אַליין גע־ריהרט געוואָרען ביז טרעהרען פון אַזעלכע הייליגע און ערנסטע געפיהלען. זוכענדיג צו באַרוהיגען דעם רבי'ן, האָט ער געזאָגט צו איהם: „אין ראש חודש בענשען בעטען מיר אויף אַ חיים של עושר וכבוד, איז דאָך אין פלוג אַ וואונדער, פון כבוד דאַרף מען דאָך גאָר אַנטלויפען, טאָ ווי אַזוי בעטען מיר ביי אַ השי"ת אויף אַ לעבען פון כבוד? דער תירוץ איז, אַז מיר זאָגען בכיוון גלייך חיים שתהא בנו אהבת תורה ויראת שמים. דיזע תפלה איז אַ פירוש אויף די פריהערדיגע, נעמליך דאָס וואָס מיר בעטען ביי השי"ת אויף אַ לעבען פון כבוד ווילען מיר עס כדי צו פאַרמעהרען די ליעבע פון תורה מיט יראת שמים, אַזוי ווי דער ירושלמי זאָגט אין קדושין, אַז דורכ'ן כבוד, וואָס מען

טיילט צו אַ תלמיד חכם ווערט פאַרמעהרט אהבת תורה מיט יראת שמים. דאַ־ריבער דאַרפט איהר, רבי, זיך פרעהען און נישט וויינען, ווייל דורך דעם וועט ביים פאָלק פאַרגרעסערט ווערען די ליעבע צו תורה און יראת שמים״.
דאָס האָט איהם באַרוהיגט און אַ שטראַהל פון שמחה האָט זיך באַוויזען אויף זיין שעהנעם פנים.

יב.

# טהרת המשפחה

אַ זעהר וויכטיגער עפּיזאָד וועלכער כאַראַקטעריזירט אַמשעהנסטען די תמימות און פשטות פון חפץ חיים איז זיין דרשה פאַר די ווילנער אידישע פרויען וועגען „טהרת המשפחה״.

אין יאָהר תרפ״ה האָט ער זיך דערוואוסט, אַז די מקוה אין ווילנא איז אַלט און אָפּגעלאָזען איז ער איינמאָל ספּעציעל צוליב דעם אַהין געפאָהרען. אַריינקומענדיג צום גאון ר׳ חיים עוזר גראדזענסקי האָט ער איהם געקושט און מיט ליבע און אויפריכטיגקייט צו איהם געזאָגט: „מיין טייערער ברודער און אמת׳ער ידיד לאָמיר זיך שטאַרקען און ארבייטען צוזאמען פאַר דער הייליגער מצוה צו בויען דאָ אַ נייע מאָדערנע מקוה.״ דער חפץ חיים האָט ניט גערוהט ביז עס איז אויפגעבויט געוואָרען אַ נייע מקוה.

עס איז כדאי צו דערמאָנען, אַז כדי דאַן צו שאַפען די געלד צו בויען די מקוה האָבען די ווילנער רבנים און בעלי בתים געוואָלט פאַרקויפען אַ צאָל ספרי תורה אָבער דער חפץ חיים האָט צו דעם ניט דערלאָזט. „עס וואָלט געווען די גרעסטע חרפה און בזיון פאַר ווילנא עס צו טהאָן אָבוואָהל על פי דין מעג מען עס״, האָט ער געזאָגט. ער האָט אַליין געגעבען 500 דאָלאַר די ערשטע נדבה פאַר דיזען צוועק. דאָס האָט געווירקט און די נויטיגע סומע איז געשאַפען געוואָרען.

אין ווינטער פון יאָהר תרצ״א, האָט דער חפץ חיים איין פריהמאָרגען באַשלאָסען ביי זיך צו פאָהרען פערזענליך אין ווילנא און דאָרטען רעדען פאַר די אידישע פרויען מכח טהרת המשפחה. אַלע באַמיהונגען פון זיינע מקורבים איהם צוריק צוהאַלטען פון ריזיקירען זיין שוואַכען געזונד און איינשטעלען זיין לעבען מאַכענדיג אַ נסיעה אין אַזאַ קאַלטען און פראָסטיגען וועטער האָבען ניט געהאָלפען. ער האָט זיך געהאַלטען ביי זיינס. ער טאָר ניט אָפּלייגען. כל זמן השי״ת גיט איהם לעבען דאַרף ער טהאָן מיט אַלע כחות פאַר׳ן כבוד השם. גראַדע האָט זיך געמאַכט, אַז דער איינציגער אָטאָמאָביל, וואָס מען

האָט געקאָנט קריגען אין שטעדטעל צו מאַכען די רייזע איז ניט געווען אין אָרדנונג. די היץ האָט ניט געאַרבייט. האָט ער געהייסען אַריין שטעלען אַ קויל אייוועלע, און מען האָט איהם אויסגעבעט מיט קישענס און פּערענעס און ער איז אַזוי געפאָהרען קיין ווילנא.

קומענדיג קיין ווילנא האָט ער גלייך פאררופען צו זיך אַלע אָרטיגע רבנים און האָט אין זיינע רייד דערמאָהנט זיי דעם מאמר חז״ל (שבת נ״ה.) אַז גאָט האָט לכתחילה באַפעהלען דעם מלאך גבריאל צו פאַרצייכענען צום לעבען די צדיקים גמורים, וועלכע האָבען מקיים געווען די תורה פון א׳ ביז ת׳ טראָץ דעם וואָס זיי האָבען ניט פּראָטעסטירט אָדער געשטראָפט די רשעים, ווייל צו השי״ת איז געווען באַוואוסט, אַז די לעצטע וואלטען ניט צוגעהערט צו זייערע שטראָף־רייד. האָט אָבער די מדת הדין גע׳טענה׳ט: „אמת רבש״ע, פאַר דיר איז באַוואוסט געווען, אַז די רשעים וואָלטען זיך צו זיי ניט צוגעהערט, אָבער צו די צדיקים איז דאָך ניט געווען ידוע, האָבען זיי דאריבער בעדאַרפט טהאָן זייערס און זיי שטראָפען.״ דער רבש״ע האָט דאַן געמוזט צוגעבען די גע־רעכטיגקייט פון דער טענה. ביי די ווערטער, איז דער חפץ חיים אַריין אין אַ ברענענדיגע התלהבות און האָט געזאָגט:

„אויב אויף אַזעלכע צדיקים האָט געקאָנט שולט זיין די מדת הדין, כאָטש דער רבש״ע אַליין האָט עדות געזאָגט, אַז קיין מוסר וואָלט אויף זיי ניט גע־האָט די קלענסטע ווירקונג, טאָ וואָס זאָלען מיר שוין רעדען! ווי קאָנען מיר זיך פּטר׳ן מיט דער טענה, אַז מען וועט זיך צו אונז ניט צוהערען און מען וועט אונז סיי ווי סיי ניט פאָלגען? מיר, דאַרפען טהאָן אונזער פליכט צום פאָלק, כדי מען זאָל נאָכער פון אונז ניט מאָהנען.

ספּעציעלע באַקאַנטמאַכונגען זענען אויסגעקלעפּט געוואָרען, וועלכע האָ־בען זיך געלעזען ווי פאָלגט:

„היינט, דינסטאג פ׳ וישלח, י״ב כסלו, 7 אוהר אָווענד פּינקטליך, וועט אין דער שטאָדט־שוהל רעדען דער גאון און צדיק בעל „החפץ חיים״, ספּעציעל פאַר פרויען. מענער ווערען געבעטען ניט קומען. פאַר מענער וועט באַ־שטימט ווערען אַ באַזונדער צייט ווען דער חפץ חיים וועט רעדען״.

מיט אַ האַלבע שטונדע פאַר דער צייט איז שוין די שוהל געווען אָנגע־פּיהלט מיט פרויען פון פאַרשידענע שיכטען. אלע זיינען געווען געקליידעט באַ־שיידען אידישלאַך ווי עס האָט געפּאַסט פאַר דעם אָרט, און פאַר אַזאַ רעדנער. ביי דער טהיר איז געשטאַנען אַ ספּעציעלע וואַך, וועלכע האָט ניט אריינגע־



הרב ר׳ ארי׳ ליב פופקא, חפץ חיים׳ס זוהן,
איצט רב און נשיא הישיבה פון ראדין



הרב ר׳ מנחם מנדיל יוסף זאקס,
איידים פון חפץ חיים, ראש ישיבה דראדין



הרב ר׳ יהושע לעווינסאן,
מנהל הישיבה דראדין
אייניקעל פון חפץ חיים



הרב ר׳ אליעזר זאב קאפלאן,
מנהל הישיבה דראדין
אייניקעל פון חפץ חיים

געגענווערטיגע פיהרער פון „ישיבת חפץ חיים״

לאָזט אין שוהל קיינע מענער. די לעצטע האָבען דאריבער פאַרנומען די עזרת נשים. הינטער'ן באַריער וואו דער כאָר געפינט זיך שטענדיג איז אָפּגעזונדערט געוואָרען פאַר רבנים. איבעראַל איז געווען געפּאַקט. אויך אויפ'ן שוהל הויף זענען פאַרזאַמעלט געווען מאַסען מענשען, וועלכע האָבען געוואָלט לפּחות כאַפּען אַ קוק אויפ'ן חפץ חיים. מען האָט דעם אַלטען (צוליב זיין אַלטקייט און שוואַכקייט) אַריינגעטראָגען אין שוהל אויף אַ שטול און איהם אַוועקגעזעצט לעבען ארון קודש. אַרום איהם זיינען געזעסען זיינע אייניקלאַך, די מנהלי הישיבה הרב ר' יהושע לעווינסאָן, הרב ר' אליעזר קאַפּלאַן און דער ראש הישיבה הרב ר' משה לאנדינסקי.

ער האָט גערעדט זעהר שטיל און זיינע ווערטער זענען איבערגעזאָגט געוואָרען פאַר די פאַרזאמעלטע פון זיין אייניקעל הרב קאַפּלאַן און פון לאמזער רב הרב שאצקעס.

זיין דרשה האָט געדויערט בערך אַ שטונדע צייט. ער האָט צווישען אַנדערעס געזאָגט:

„קדושים תהיו — די הייליגע תורה האָט אונז פאַרזאָגט מיר זאָלען זיין הייליג, ווייל דער רבש"ע איז הייליג און מיר זיינען זיין פאָלק.

„אונזער חז"ל זאָגען, אַז אַ מענש איז זיך מקדש אַ ביסעל העלפט מען איהם זיך מקדש צו זיין פיעל, אַז מען איז זיך מקדש דאָ אויף דער וועלט איז מען איהם מקדש דאָרטען למעלה. דער כלל איז, אַז מען העלפט אונז צו זיין הייליג.

„איך געדיינק ווילנא מיט 70 יאָהר צוריק. אַ הייליגע שטאָדט געווען, אַ שטאָדט פון תורה און יראת שמים, און איצט איז זי אין גאַנצען אַנדערש געוואָרען. ס'איז ניט מעהר די ירושלים דליטא. די דורות ווערען אַלץ קלענער און קלענער. דור הולך ודור בא, נאָר די הייליגע תורה בלייבט אַלעמאָל אין דער זעלבער מדריגה. תורה ה' תמימה, דעם רבש"ע'ס תורה איז שטענדיג אַ גאַנצע און אין אַלע דורות דאַרפען מיר אָפּהיטען איהר גאַנצקייט, כדי מיר זאָלען בלייבען דער זעלבער עם קדוש.

„ווען די דורות ווערען קלענער און שלאַפער דאַרפען מיר זיך דאַן נאָך מעהר שטאַרקען און מען וועט אונז געוויס העלפען פון אויבען. הבא לטהר מסייעין אותו!

בדרך כלל זיינען מיר אַן עם קדוש, בנים אתם, מיר זיינען קינדער און אָפּגעטיילט פון אלע פעלקער, אָבער עס זיינען פאַראַן ביי אונז מסיתים

ומדיחים, וועלכע פאַרפיהרען דעם עם קדוש אין בלאָטע, דאַרפען מיר זיך שטאַרקען אַרויספיהרען זיי אויפ'ן גלייכען וועג.

„טבילה אין אַ מקוה איז אַ מצות עשה פון דער תורה. די מצוה איז ניט גלייך צום איסור פון עסען חזיר, נבלה וטרפה. דאָרטען איז אַ לאו, און דאָ איז כרת. דאָס איז איינע פון די עברות, וואָס מען איז מחויב זיך צו לאָזען הרג'ענען אויב מען נויט אונז אויף דעם עובר צו זיין, און דאָ נעמט מען מיט'ן אייגענעם ווילען און מען קריכט אליין אין פייער און מען פיהרט אהין דעם מאַן מיט די קינדער?

„ווען עס ברעכט אויס אַ פייער אין אַ שטוב, וואו אַלע שלאָפען און איי־נער איז וואַך, מוז ער שרייען און וועקען אלעמען. איך זעה ווי דער עולם שלאָפט און דער פייער האָט אַרומגענומען פילע אידישע הייזער בין איך גע־קומען אַהער צו שרייען און וועקען. עס איז מיר זעהר שווער געווען דער פאָהרען, אָבער אַז עס איז נוגע אין לעבען אַ גרויסען טייל אידען, קאָן מען ניט זיצען אין שטוב. יעדער איז מחויב צו וועקען דעם אַנדערען און אַרויס־ראַטעווען איהם פון פייער. מען זינדיגט ניט במזיד, נאָר פשוט צוליב אומ־וויסען.

„דער תנא זאָגט, — כלו כל הקיצין ואין הדבר תלוי אלה בתשובה. איצט אַז מיר וואַרטען פון טאָג צו טאָג אויף דער גאולה, איז ניטאָ קיין אַנדער עצה ווי תשובה. מיר האָבען דעם גאַנצען ש"ס, די משניות'ן און די שלחן ערוך'ס, אלץ פאַרטיג, און דאָך אָהן תשובה קאָן ניט זיין קיין גאולה.

„דער כלל איז אין קורצען צוריק צו דער קדושה. מיר דאַרפען ארויס־קריכען פון דער בלאָטע און אנטאָן ווידער אונזערע בגדי מלכות, קדושה און טהרה. יעדע פרוי דאַרף זיך באַקאַנען מיט די דינים פון טהרת המשפחה.

האָט רחמנות אויף זיך און אייערע קינדער. עס איז שוין ניט פיעל גע־בליבען צו וואַרטען ביז דער גאולה. לאָמיר לכל הפחות די לעצטע ביסעל צייט זיך אויפפיהרען ווי עס דאַרף צו זיין כדי מיר זאָלען ניט פאַרשעהמט ווע־רען חלילה."

דרך אגב האָט ער אויך דערמאָהנט, אַז שוין 500 יאָהר זייט די ווילנער שוהל עקזיסטירט און עס איז דאָס ערשטע מאָל, אַז זי זאָל אָנגעפילט ווערען בלויז פון פרויען, און ספּעציעל פאַר זיי זאָל מען האַלטען אַ דרשה, דאַרף עס פאַרשריבען ווערען אין פּנקס.

צום סוף פון זיין דרשה האָט ער געעפענט דעם ארון קודש און ביי אַ

טויטער שטילקייט האָט ער געבענטש מיט ברכות כהנים אַלע אנוועזענדע פרויען און זיי געוואונשען פרנסה, געזונד און שלום.

נאָכדעם האָט מען דעם חפץ חיים אַרויסגעטראָגען אויף די הענד פון שוהל און אַריינגעזעצט אין אַ טעקסי. דער געדראַנג איז געווען אין לשער. דער אַלטער האָט זיך געפיהלט זעהר שוואַך. ווען ער האָט זיך אָבער דערמאָנט, אַז ער האָט עס אַלעס געטהאָן לכבוד לשם איז ער געוואָרען מונטער און לעבעדיג. און צו זיינע מקורבים האָט ער געזאָגט אויפ׳ן וועג:

„וואָס רעכענט איהר, אַז איך ווייס ניט, אַז עס וועלען זיך געפינען אַזעלכע וועלכע וועלען לצנות מאַכען פון מיר און זאָגען, אַז אויף די עלטערע יאָהרען בין איך געוואָרען אַ ווייבערשער מגיד? אָבער מיר אַרט דאָס ניט. אויב עס זאָל אפילו זיין אַ בזיון איז עס דאָך לכבוד שמים און אַזאַ בזיון איז אַ ענין גדול, עס איז דער גרעסטער כבוד. אַזוי ווי דוד המלך האָט געענטפערט מיכל בת שאול וועלכע האָט איהם אויסגערעדט פאַרוואָס ער האָט זיך מבזה געווען און געשפּרונגען און געטאַנצט פאַר׳ן ארון קודש אין געגענוואַרט פון זיינע דינסטען און קנעכט, האָט ער איהר געענטפערט: „ועם האמהות אשר אמרת עמם אכבדה!“ — אַז פאַר איהם איז דאָס דער גרעסטער כבוד.

יג.

# ביי דער אספה אין גראָדנע

כדי צו פאַרשטאַרקען די טהעטיגקייט און אויסאַרבייטען ברייטע פלענער פאַר׳ן „ועד הישיבות״, אויך כדי צו באַהאַנדלען אַנדערע נויטיגע פּראָבלעמען לטובת הכלל איז פאַררופען געוואָרען אַ גרויסע קאָנפערענץ ט״ו אלול, תרפ״ד, אין דער שטאָדט גראָדנע.

זעהר וויכטיגע תקנות זיינען דאַן אָנגענומען געוואָרען. דער חפץ חיים איז אַזוי ווי אימער געווען דער רוח החיים פון דער גאַנצער אספה. קיין זאַך איז ניט געטהאָן געוואָרען אָהן זיין צושטימונג.

אַדרעסירענדיג די פאַרזאַמעלטע רבנים, ראשי ישיבה און בעלי בתים חובבי תורה האָט דער חפץ חיים צווישען אַנדערעס געזאָגט: —

„לא יהי׳ לכהנים הלוים כל שבט לוי חלק ונחלה״ (שופטים י״ח), זאָגט די תורה, און דאריבער איז געווען דער חוב צו געבען זיי תרומות ומעשרות. זייער חלק האָט מען אוועקגעגעבען צו אלע אידען און די אידען זיינען מחויב געווען אָפּצוגעבען זיי דעם חלק צוריק. און היינט דאַרף מען אויך געבען אָט דעם זעלבען חלק די לומדי תורה, ווייל זיי זיינען אויפ׳ן אָרט פון די כהנים ולוים, כדי זיי זאָלען קאָנען זיצען רוהיג און לערנען די תורה, ווייל אָהן אַ תורה זיינען מיר נישט קיין פאָלק.

„אַ מגיד האָט אַמאָל געפרעגט דעם ווילנער גאון זצ״ל, וועגען וואָס זאָל ער זאָגען אויפ׳ן בימה פאַר׳ן עולם, האָט ער איהם געענטפערט, אַז ער זאָל רעדען נאָר וועגען החזקת התורה, וואָרום נאָר דאָס איז נוגע אלעמען.

„די תורה איז אין אַ סכנה מיר זיינען אלע מחויב זי צו ראַטעווען. אין אַ פּולע ערטער האַלט דאָך שוין בעוה״ר ביי דעם, אַז מען מיינט דאָס נאָר יאָהר־צייט אָפּהיטען איז אַ חוב און אַלע אַנדערע זאַכען איז מעהר ניט ווי א מנהג. די תורה האַלט חלילה ביי פאַרגעסען ווערען. מיר זיינען דאָך אלע ערבים איינער פאַר׳ן אַנדערן. עס איז אבער גוט צו זיין אַן ערב אויף אַ קליינע סומע, אָבער ווען מען באָרגט אויף אונזערע ערבות גרויסע סומען, ווען די שטרי

חובות זיינען גרויסע און מען וועט מאָנען ביי אונז, דאַרף מען זעהן, אַז מען זאָל קאָנען צאָהלען. „הנה יום בא בוער כתנור", זאָגען די חז"ל, אַז דאָס מיינט מען דעם טאָג ווען דער בורא עולם וועט מאָהנען דעם עלבון התורה, פאַר וואָס האָט מען איהר ניט געלערענט, פאַרוואָס האָט מען איהר נישט מחזיק געווען? זאָלען מיר דאריבער מאָביליזירען אונזערע כחות פאַר'ן כבוד התורה...

— בנתה ביתה, זו התורה ללמדך שכל מי שקנה לו דברי תורה קנה לו בית לעולם הבא (מדרש משלי). —

„עס ווערט נישט געזאָגט, אַז דער וואָס לערענט תורה קויפט זיך איין הויז אויף יענער וועלט, נור עס ווערט געזאָגט, אַז דער וואָס קויפט דברי תורה, איז דאָ דאריבער איינגעוויקעלט די פאָלגענדע כונה: אין דער וועלט פון נשמיות זענען פאַראַן צווייערליי בעלי בתים! איין מין בעלי בתים זיינען בויער, זיי האָבען מיט די אייגענע הענד אויפגעבויט פאַר זיך הייזער, פאַראַן אָבער אַ צווייטער מין בעלי בתים, וואָס ווייסען ניט אַ פלעקעל פון אַ סוכה אַריינצושלאָגען און דאָך האָבען זיי גרויסע פאַלאַצען, ווייל זיי האָבען געהאַט געלד, האָבען זיי באַצאָהלט אנדערע בוי קינסטלער, אַז יענע זאָלען פאַר זיי די פאַלאַצען אויסבויען.

„כך, אזוי איז דער פאַל מיט תורה. די תלמידי חכמים וואָס זיצען כסדר און לערנען בויען פאַר זיך אויף היכלות דורך זייער אייגענעם לערנען. אָבער די וואָס שטיצען די לומדי תורה זיינען קונים דברי תורה, קויפען זיך איין הייזער אויף יענער וועלט מיט דער דאָזיגער שטיצע, און די דאָזיגע הייזער בלייבען אויף אייביג זייערע, קיינער קאָן עס פון זיי קיינמאָל נישט אָבנעהמען, און דאָס ווערטה פון אַזעלכע הייזער קען קיינמאָל ניט פאַלען (אויף אמערקאנער לשון הייסט עס: אפילו נישט אין דעם גרעסטען „ריעל עסטייט קריזיס...".

ביי דיזער אספה איז אויך באַריהרט געוואָרען די פראַגע, ווי די רבנים האָבען זיך צו פאַרהאַלטען מיט מוסר־זאָגען פאַר דעם עולם.

אַ טייל פון די רבנים האָבען געהאַלטען, אַז די מוסר־מאמרים ווירקען איצט נישט, דער המון וויל נישט הערען מוסר־זאָגען, און „כשם שמצוה לומר דבר הנשמע, כך מצוה שלא לומר דבר שאינו נשמע" — אַזוי ווי עס איז פליכט צו זאָגען אַ וואָרט, וואָס מ'הערט זיך צו, אזוי איז אויך אַ מצוה נישט צו זאָגען דאָס וואָרט אין אַ פאַל, ווען מ'ווייסט, אַז דאָס וואָרט וועט נישט געהערט ווערען.

נאָך אַ לענגער דיסקוסיע פון די פאַרזאַמעלטע רבנים, איז אויפגעשטאַנען דער חפץ חיים זצ״ל, און ווענדענדיג זיך צו אַלע אנוועזענדע רבנים, האָט ער געזאָגט:

— איך דערמאָן זיך פון אנומעלט, מיט אַ 50 יאָהר צוריק, בין איך געקו־מען אין קיעוו אין אַ זעהר קאַלטען ווינטער־ טאָג. דער פראָסט האָט געשני־טען, און אויף דער גאַס איז געשטאַנען אַן אָרימע אַלטיטשקע אידישע פרוי מיט אַ קאָרב געטריקענטע באַרנעס אויף די הענד צו פאַרקויפען. זי האָט גע־רופען די דורכגעהער און אויסגעשריגען: „באַרנעס געטריקענטע, 3 קאָפּע־קעס א פונט! אַ פונט 3 קאָפּעקעס! קויפט אידען! קויפט! אַ פונט באַרנעס 3 קאָפּעקעס״! כ'האָב זיך צוגעקוקט, ווי די פרוי שרייט און רופט אַ לאַנגע צייט, און קיין איינציגער מענש פון די פאַרבייגעהענדע קויפט נישט איהרע באַרנעס. עס איז מיר פשוט געוועזן אַ רחמנות ווי אַ אידישע זקנה פריהרט אויף דער גאַס, ניט פאַרקויפט אַפילו פאַר אַ פרוטה. האָב איך אָפּגעוואַרט אַביסעל צייט, און צום סוף בין איך צו איהר צוגעגאַנגען און האָב געפרעגט ביי דער אָרימער פרוי: „זאָגט מיר איך בעט אייך, וואָס נוצט דען אייער רו־פען, איהר פאַרקויפט דאָך סיי־ווי־סיי ניט, טאָ צו וואָס טויג אייך דאָ אומ־זיסט געפרוירען צו ווערען? גייט, ליבערשט אהיים, וועט איהר לכל־הפחות ניט פריהרען״. — מיין ליבער איד, האָט מיר די זקנה געענטפערט, ווי איהר זעהט מיך, שטעה איך שוין אָט דאָ אויף דעם דאָזיגען פּלאַץ אַ היבש ביסעל יאָהרען, שוין פערציג יאָהר ווי איך שריי און רוף אַלע טעג די קונים און דוכט זיך, אַז זיי קויפען קיינמאָל נישט. דאָך ווען איך קום אהיים ביינאַכט און צעהל איבער מיין געלט, ווייס איך, אַז איך האָב תמיד אַ שפּאר ביסעל ריוח. און אָט טאַקי פון דעם שרייען ציה איך מיין חיונה אַלע יאָהרען...

„כשופר הרם קולך״ — האָט פאַרענדיגט דער זקן שבכהונה זצ״ל — איהר רבנים טהוט אייער פליכט, שרייט, רופט, און זאָגט מוסר. אייער רעדען וועט, בעזרת השי״ת, מלהיב־לבבות זיין, און ווען איהר וועט אַמאָל איבערצעהלען, וועט איהר געפינען, זיכער, אַ ריוח...״

יד.

# ביי דער אספה אין ביאַליסטאָק

אין יאָהר תרפ״ה, צעהן טעג אין חדש כסלו האָט דער חפץ חיים צוזאַמען מיט די גדולי הרבנים וראשי הישיבות זיך פאַרזאַמעלט אין ביאַליסטאָק. ווען דער חפץ חיים איז אָנגעקומען אין שטאָדט זיינען אַלט און יונג אַרויס איהם מקבל פנים צו זיין ביים וואָקזאַל. די אָרטיגע ציווילע מאַכט (דער גאָווערנאַר) האָט אויך געשיקט לכבודו אַ עהרען וואַך פון רייטער פאָליציי איהם צו באַגלייטען ביז׳ן האָטעל. מען האָט איהם ממש צוגעטהיילט כבוד מלכים.

עס איז אינטערעסאַנט, אַז ביים חפץ חיים איז דאָס פאָהרען פאַר תורה געווען אַ ענין פון מסירת נפש. „מ׳זאָל מיר צוזאָגען טויזענד מצוות וואָלט איך ניט געפאָהרען, איך בין דאָך אַ קראַנקער, קאָן ניט, און דאַרף ניט פאָהרען. ווען ס׳איז אָבער נוגע דעם קיום התורה, דער עקזיסטענץ פון ישיבות האָב איך זיך מיט קיין זאַך ניט גערעכענט איך בין געפאָהרען״.

אייניגע אָרטיגע פיהרערס צווישען וועלכע ס׳זיינען געווען זאָגאַר עטליכע מורי הוראה האָבען דאַן דורכאויס געפאָדערט פון די פאַרזאַמעלטע, אַז דער „תחכמני״ זאָל איינגעשלאָסען ווערען צווישען די ישיבות וועלכע זיינען אָרגאַניזירט אונטערען „ועד הישיבות״, אויב ניט האָבען זיי געשטעלט אַן אולטימאַטום, וועלען זיי זיך ניט באַטייליגען אין דער אלגעמיינער אַקציע לטובת די ישיבות. די טענה פון די פיהרער פון „ועד הישיבות״ איז אָבער געווען, אַז דער „תחכמני״ איז אַ לעהר אנשטאלט וואו עס ווערט אַ גרויסער טייל פון טאָג אוועקגעגעבען פאר למודי חול און קומט דאריבער ניט נאָך די סטאַטוטען וועלכע זיינען אָנגענומען געוואָרען בנוגע דער צייט וועלכע יעדער אינסטיטוציע מיטגליד דאַרף געבען פאר למודי קודש. עס האָבען ניט געהאָלפען קיינע בקשות, עס האָט געהאַלטען, אַז די גאַנצע אספה זאָל בטל ווערען. ווען די אָרגאַניזאַטאָרען האָבען דערזעהן, אַז זיי קאָנען צו קיין טאָלק ניט קומען האָבען זיי דערצעהלט דעם חפץ חיים מכח די פאָדערונג, האָט דער חפץ חיים אַ

רוהיגער געענטפערט בלויז די עטליכע ווערטער, וועלכע האָבען געמאַכט אַן ענדע צו די שטרייטיגקייטען:

„נו, מיר זיינען געקומען אַהער, מיר קאָנען פאָהרען צוריק, וועט ניט זיין קיין אספה". קעגען חפץ חיים'ס פסק הלכה האָט שוין קיינער ניט געוואָגט זיך אַנטקעגען צושטעלען. אַזוי הייליג און טייער איז ביים חפץ חיים געווען דער „ועד הישיבות".

אין אבענד האָט דער חפץ חיים גערעדט פאַר אַ גרויסע פאַרזאַמלונג פון סוחרים און פאַבריקאַנטען וועגען כבוד התורה. ער האָט געפאָדערט פון די אנוועזענדע זיך ניט אָפצושטעלען פאַר קיין זאַך, נאָר מיט מסירת נפש העלפען די תורה און איהרע לערנער. ער האָט זיי געגעבען אַ ביישפיל פון זיך זעלבסט.

אָט זעהט, אויף מיינע עלטערע יאָהרען בין איך געקומען צו אייך און זיך אויף אזוי פיעל געלאָזט מבזה זיין. עס איז דאָך ממש ביזוי בזיונות פאַר אַזאַ אלטען מאַן ווי איך אזעלכע פאַראַדען מיט אזא כבוד! אלא, נאָר וואָס דען, מען האָט מיר געזאָגט, אַז עס קאָן אַרויסקומען אַ טובה פאַר דער תורה. היינט אויב ביי אַזאַ אַלטען און שוואַכען מאַן איז רעכט געווען זיך צולאָזען אזויפיעל מבזה זיין פאַר דער תורה, דאַרפט איהר דאָך געוויס טהאָן אלץ וואָס ס'איז נאָר מעגליך און פאַסיג פאַר'ן כבוד און קיום פון דער תורה.

פאַר די פאַרזאַמעלטע רבנים, ראשי ישיבה און בעלי בתים חובבי תורה האָט ער געזאָגט:

„בנוהג שבעולם, אַז מ'וויל קויפען אַ סחורה אויף וועלכע מ'איז ניט אַזאַ גרויסער מבין פרעגט מען זיך ביי גרעסערע מבינים. ובפרט, אַז מ'זעהט אַז אַ גרויסער מבין יאָגט זיך נאָך די סחורה און וויל דאָס באמת קויפען, דאַמאָלט איז מען געוויס זיכער, אַז די סחורה איז אַ ראַיעלע און איז ווערט דעם מקח.

„ביי דער תורה הקדושה שטהעט, אַז מלאכים האָבען געוואָלט נעמען די תורה. „תנה הודך על השמים!" האָבען זיי גע'טענה'ט גיב אונז די תורה. פאַרשטעהט זיך, אַז באַלד די תורה איז כולה רוחניות זיינען די מלאכים באַשטעהענד פון כולו רוח — „עושה מלאכיו רוחות". געווען די גרעסטע מבינים אויף דער תורה. היינט ווי גרויס דאַרף זיין די שמחה ווען משה רבנו האָט בייגעקומען די מלאכים און ער האָט באַקומען די תורה פאַר אונז.

„מצוות איז געוויס אַ גרויסער ענין, אַ פעולה קדושה, אָבער צו תורה איז קיין מצוה ניט גלייך. „כל המצוות אינן שוות אפילו לדבר אחד מן התורה",

ווייל אַ מצוה איז אזוי ווי אַ ליכט און די תורה איז אַזוי ווי די זון. „כי נר מצוה ותורה אור". די גרעסטע עלעקטרישע לאָמפּען זיינען אנטקעגען דער זון גאָר ניט.

„די תורה איז אונזער לעבען „כי היא חייכם". זי איז אויך דער לעבען פון אונזערע קינדער אַזוי ווי עס שטעהט; „לנו ולבנינו עד עולם" אויפ'ן „ולבנינו" זיינען פאַראַן פינטלאַך, אויף וואָס באַווייזט עס ?

„דאָס איז אזוי ווי איינער שרייבט צום אנדערען אַ בריוול און שטרייכט איהם אונטער עטליכע ווערטער, אום צו ווייזען, אַז דאָס איז דער עיקר, אַז דאָס דאַרף מען גערדיינקען בעסער. מ'דאַרף מדריך זיין די קינדער זיי זאָלען געהן בדרך התורה, ווייל די תורה דאַרף זיך האַלטען עד עולם אויף אייביג. און ניט אַ טייל פון דער תורה, נאָר די „גאַנצע תורה", ווי מיר האָבען איהר מקבל געווען — „את כל דברי התורה", דאָס איז אונזער געווער אין דער גרויסער מלחמה.

„אונזערע שונאים ווילען אָבער ביי אונז צונעמען דוקא אָט די געווער, ווייל זיי ווייסען, אַז דאַן פאַרלירען מיר אונזער כח און זיי וועלען אונז קאָנען בייקומען. דאריבער דאַרפען מיר זיך מחזק זיין ניט אַרויסצולאָזען אָט די געווער פון אונזערע הענט.

„איצטער לאָמיר זעהן ביי וועמען אין די הענט ליגט עס צו פאַרהיטען ? די תורה איז אַ שותפות'דיגער עסק פאַר'ן גאַנצען כלל ישראל. אַלע זיינען איהר מחויב צו לערנען יום ולילה. אַזוי אָבער ווי ניט אַלע זיינען ביכולת צו לערנען שטענדיג, איינער צוליב פרנסה, דער אנדערער צוליב אנדערע ענינים איז פאַראַן אַן עצה מחזיק צו זיין דעם וואָס לערנט. דורך דעם וואָס איינער האַלט אויס אַ למדן, קריגט ער אַ חלק אין יענעמס תורה. דער מחזיק מאַכט דערמיט אַ בעסערען געשעפט, ווי דער לומד, ווייל דורך זיין ביסעל געלד, וואָס ער גיט, באַקומט ער אַ חלק אין דער תורה, וואָס דאָס איז נצחיות'־דיגע ענינים.

„דער לומד קאָן דאָך אַליין ניט פאַרדינען, און דער מחזיק קאָן דאָך אַליין ניט לערנען דאַריבער מאַכען זיי שותפות, פונקט אַזוי ווי צוויי מענשען: איינער איז אַ גרויסער סוחר, האָט אָבער ניט קיין געלט, דער אַנדערער האָט יאָ געלט איז ער אָבער ניט באַהאַוועגט אין עניני מסחר, קומען זיי ביידע צו־זאַמען און מאַכען אַ געמיינזאַמען עסק.

„אַזוי איז אויך ביים גוף מיט'ן נפש. דער גוף איז מפרנס דעם נפש און

דער נפש איז מחיה דעם גוף צוליב דעם מזון חומרי פון גוף קאָן די נשמה קונה שלמות זיין אין תורה. דערפאַר וועט דער גוף אויפשטעהן תחית המתים, צוליב דעם אור התורה פון דער נשמה. כדי אויפצושטעהן תחית המתים מוז מען אָנקומען צו דער תורה. מצוות קאָנען מעהר ניט העלפען ווי מחיה זיין די נשמה — דעם נפש; אָבער לעבעדיג צו מאַכען דעם גוף מוז מען האָבען תורה — „כל מי שיש בו אור תורה, אור תורה מחייהו”. אָהן תורה בלייבט דער גוף ליגען ווי אַ שטיין.

„אַז מען איז מחזיק לומדי תורה טהוט מען דערמיט ביידע זאַכען: אי תורה, אי חסד, וויל בעוונותינו הרבים, גביר׳ישע קינדער לערנען גאַנץ ווייניג אין די ישיבות. ווען דער רבונו של עולם זעהט, אַז אידען טהוען תורה מיט חסד, זאָגט ער, — מה דאַך די אידען, וואָס זיי אליין נויטיגען זיך אין חסד פון דעסט־וועגען טהוען זיי חסד מיט אנדערע, דאַרף איך, דער מקור החסד, געוויס טהאָן מיט זיי חסד. — ווערט דורכדעם נתעורר דער חסד למעלה. הערען אויף די צרות מיט די גזרות מיט די אַלע נייע אַנשיקעניש, וואָס מאַכען חרוב דעם אידישען לעבען.

„ס׳איז נאָך ווייניג, אַז אַ מענש היט זיך ניט צו טהאָן קיין עבירה, עס איז אויך ניט גענוג, אַז ער לויפט אפילו טהאָן אַ מצוה, דער עיקר איז זעהן קונה זיין תורה פאַר דעם נפש דורך אַליין לערנען, אָדער דורך העלפען אַנדערע צו קאָנען לערנען. אַ מענש דאַרף זעהן אויסצונוצען דאָס ביסעל צייט אויף דער וועלט נאָר אויף תורה.

„אין פסוק שטעהט: „מי יעלה בהר ה׳ — אשר לא נשא לשוא נפשי”. למשל איינער אַ יורד, לא עלינו, האָט באַקומען פון איינעם אַ הלואה פינף הונדערט רובל, כדי זיך דערמיט אויפצובויען און שטעלען זיך אויף די פיס. ס׳איז אוועק אַ יאָהר איז דער מלוה געקומען מאָנען זיין חוב, געהט דער לוה צו צום קאַמאָד און נעהמט ארויס דעם זעלבען פינף־הונדערטער, וואָס יענער האָט איהם געליהען און גיט איהם אָפּ: נאַ דיר דיין געלד, איך האָב זיך אַפילו ניט צו געריהרט צו דעם, אָט אַזוי ווי דו האָסט מיר געגעבען, אַזוי ליגט עס ביי מיר די גאַנצע צייט — טענה׳ט דאָך מלוה, „סטייטש, אויף דעם האָב איך דיר געגעבען אַזאַ קאַפּיטאַל געלד, אויף אַוועקצולייגען אין אלמער? איך האָב דאָך דיר געגעבען דו זאָלסט זיך אויפבליען און ניט אויף צו האַלטען אין קאַ־מאָד”.

„אָט דאָס איז דער פשט פון פסוק, אַ מענש וועט קומען אַהין און וועט

אָפּברייינגען צוריק זיין נשמה, זאָל שוין אַפילו זיין טאָקע אַ ריינע, גלייך ווי ער האָט איהר באַקומען אָהן קיינע פלעקען וועט מען איהם אויך מאָנען, היתכן, מ׳האָט דיר געגעבען אַ נשמה צו האַלטען זיך מיט איהר אויף דער וועלט אָהן קיינע נוצען? דער עיקר איז דאָך צו קויפען תורה און ווערען אַ שטיקעל מענש און דו האָסט עס ניט געטהאָן. „אשר לא נשא לשוא״ — דער וואָס האָט ניט געטראָגען אומזיסט זיין נפש. „לשוא״ איז ניט נאָר דער טייטש פאַלש, נאָר אויך אומזיסט.

„דער מחזיק דאַרף זעהן צו שטיצען דעם תלמיד חכם מיט וואָס נאָר ער קאָן, זיין איבערגעגעבען פאַר תורה, אַזוי ווי אין זיינעם אַן אייגענעם עסק...״

דעם טאָג וואָס דער חפץ חיים האָט געדיינקט צו פאַרלאָזען ביאַליסטאָק, האָט זיך דער וואיעוואָדע (גאָווערנאָר) טעלעפאָניש אָנגעפרעגט, וועלכע צייט דער חפץ חיים דיינקט אָפּצופאָהרען. האָט אויף דעם דער חפץ חיים געהייסען ענטפערען, אַז ער האָט נאָך ניט באַשטימט ריכטיג די צייט. וועלענדיג פאַר־מיידען פרסום און כבוד, איז ער אָפּגעפאָהרען צוויי אוהר פאַרטאָג. פון אחינו בני ישראל האָט ער זיך אָבער ניט געקאָנט אויסבעהאַלטען. פילע הונדערטער אידען זיינען דאָך אַרויסגעקומען דאמאָלט צום באַהן זיך מיט איהם צו געזע־גענען.

מיט׳ן חפץ חיים זיינען דאַן מיטגעפאָהרען אויסער די רבי׳צין און אייניק־לאָך באַגלייטער אויך די באַוואוסטע רבנים ר׳ שמואל גריינימאַן און ר׳ ישראל יעקב לובצאנסקי.

צו פאָהרען פון ביאַליסטאָק קיין ראַדין דאַרף מען אין וואָלקאָוויסק איבער־שטייגען פון דער פאַלעסער באַהן, וועלכע געהט פון ביאַליסטאָק קיין באַראַ־נאָוויטש, אויף דער באַהן וועלכע געהט פון שעדליץ קיין מאלאדעצנע דורך ווילנא. פון איין ליניע איבערצוגעהן אויף דער אנדערער דאַרף נעמען אַ היבש ביסעל צייט. וועהרענד די שעדליצער באַהן וואַרט אויף דער ביאַליס־טאָקער אַ גאַר קליינע ווײלע.

דעם חפץ חיים האָט מען אויסגעבעטען און ער האָט זיך צוגעלעגט צו כאַ־פען אַ דרעמעל. די באַגלייטער אָבער האָבען זיך געזאָרגט דעם גאַנצען וועג קוים וועט זיי ניט געלונגען איבער צו טראָגען דעם רבי׳ן (געהן אליין האָט ער שוין דאַן ניט געקאָנט) אין אַזאַ קורצער צייט, וועלען זיי דאַרפען זיצען און וואַרטען אין וואָלקאָוויסק ביז אויפצומאָרגענס אין אָווענד אויף אַן אַנדער באַהן.

קומענדיג אַ וויאָרסט פאַר וואָלקאָוויסק האָט זיך די באַהן אָפּגעשטעלט, זי האָט נאָכהער ווייטער אָנגעפאַנגען צו קריכען, ביז זי האָט זיך צום ענדע אָפּגעשטעלט. האָבען די באַגלייטער זעהר שנעל געכאַפּט דעם חפץ חיים און אַראָפּ געגאַנגען ווי אימער אויף דער רעכטע זייט און געוואָלט זיך נעמען געהן דורכ'ן וואָקזאַל צו דער אַנדערער ליניע, אָבער אין דער פינצטער האָבען זיי קיין סימן פון אַ וואָקזאַל ניט געזעהן, נאָר עטליכע טריט ווייטער אַ באַהן, וועלכע דער קאָנדוקטאָר האָט זיי געציינט, אַז דאָס איז די שעדליץ־מאלאדעטשנער באַהן.

ווי זיי האָבען זיך נאָכער ערקונדיגט פון קאָנדוקטאָר איז ער שוין אויף דער ליניע פילע יאָהרען און יענעם אבענד האָט עס צום ערשטען מאָהל פּאַסירט, אַז אַ טאָוואַרנער וואַגאָן (באַגאַזש באַהן) איז על פי טעות פריהער פאַרפאָהרען אויף דער ביאַליסטאָקער באראנאָוויטשער ליניע, און דורכדעם געשטערט די שפּעטער אָנקומענדע פּאַסאַזשיר באַהן פון ביאַליסטאָק צו פאַרפאָהרען אויף איהר געוועהנליכע ליניע, און האָט איהר געצוואונגען זיך צו פאַרנעמען אויף אן אנדער ליניע אין שכנות פון דער שעדליצער באַהן.

אָט אַזוי פלעגט דער חפץ חיים פאָהרען — אָדער בעסער געזאָגט, אַזוי פלעגט מען איהם פיהרען . . . מן השמים . . .

כדי צו פאַרגרעסערען און מעהר פאַרשפּרייטען די טהעטיגקייט פון „ועד הישיבות" אין וואָהלינער געגענד, האָט דער חפץ חיים דאַן מסכים געווען אָפּצולייגען זיין געפּלאַנטע רייזע קיין אר ץישראל פאַר פסח פון יאָהר תרפ"ה. עס איז פאָרגעקומען די באַריהמטע אספה אין ראוונע אין וועלכע ער האָט זיך דאַמאָלט באַטייליגט, י"א סיון תרפ"ה.

טו.

## ביי דער אספה אין ראוונע

אדרעסירענדיג די פאַרזאַמלונג האָט דאַן דער חפץ חיים גערעדט וועגען די אפקורס׳ישע ספרי למוד אין די מאָדערנע שוהלעס און האָט אומגעפעהר געזאָגט אזוי:

„איך האָב דאָ נישט לאַנג געזעהן אַ ביכעל פון היסטאָריע וואָס מען לערענט מיט די קינדער האָב איך געמיינט אַז דאָס איז מסתמא אַ היסטאָריע פון אפריקא אָדער אַמעריקא, ערשט איך עפען אויף זעה איך אַז עס איז כולו אפיקורסות.

אָט נעמט דעם ספור התורה וועגען די עקידה:

מיר וויסען אַלע דעם ענין: איינמאָהל געקומען אַ מלאך, נאָכאַמאָהל אַ מלאך און נישט דערלאָזען אברהם אבינו מקריב זיין יצחק׳ן פאר אַן עולה, אָבער זיי זיינען מעתיק אַז דאָס האָרץ האָט איהם נישט געלאָזען, — נישטאָ קיין מלאך וואָס האָט נישט געלאָזען, נישטאָ קיין מלאך וואָס האָט איהם מבטיח געווען „הרבה ארבה את זרעך״, איהר פאַרשטעהט אַן עסק, מען האָט זיך פאַרנומען אויסצואוואָרצלען פון די קינדער די גאנצע אמונה.

די גאַנצע תורה מאַכען זיי אויף דעם שטייגער. אַלע וויסען ווי אזוי דער רבש״ע האָט ארויסגענומען די אידען פון מצרים, ער האָט געשפאָלטען דעם ים, דורכגעפיהרט די אידען אין דער טריקעניש און די מצריים האָט ער דער־טרונקען אין ים, אָבער זיי זיינען גאָר מעתיק אַז די מצרים האָבען נאָכגעיאָגט די אידען ביז׳ן ברעג ים און דאָרט האָבען זיי געכאַפּט די מפלה.

אויף וועלכען אופן האָבען זיי געכאַפּט די מפלה, און וואָס פאַר אַ מפלה? פון דעם איז גאָר נישטאָ קיין וואָרט. טאָ וואָס קאָן דאָס קינד ארויסנעמען פון אַזאַ לערנען? פון וואַנען זאָל דאָס קינד שעפּען אמונה?

דער ענין פון מילה איז דאָך אַ יסוד פון כריתות ברית, און אין זייער היסטאָריע פעלט דאָס גאָר אין גאַנצען.

די מעשה פון יעקב׳ן מיט לבן׳ען ווי אזוי מען האָט לבן׳ען אָנגעזאָגט אין חלום ער זאָל זיך אַנדערש באַגעהן מיט יעקב׳ן, זענען זיי מעתיק אַז לבן׳ען

האָט זיין געוויסען נישט געלאָזען אזוי פיעל צו בע׳עולה׳ן יעקב׳ן, ער האָט מיט אַ מאָל באַקומען די מדה פון בושה, אַ נייער בושת פנים, לבן הארמי...

די מעשה מיט די עשר מכות פעהלט ביי זיי אין גאַנצען. אויך וועגען עמוד ענן און עמוד אש וועלכע האָבען געפיהרט די אידען אין דער מדבר, ליכטיג מאַכענדיג פאַר זיי דעם וועג, איז גאַר ביי זיי קיין זכר נישטאָ.

דער פאָטער מיינט אַז ער האָט אוועקגעגעבען זיין קינד אין חדר, און ער ווייס גאָרנישט אַז דאָרט האָדעוועט מען איהם אויס פאַר אַ גוי, אָהן אמונה, און אָהן תורה. אַ איד דאַרף וויסען וואוהין ער שיקט זיין קינד לערנען. עס איז זעהר ביטער אויב מען ווייסט נישט צו וועמען אין די הענט מען גיט אָפּ די קינדער.

דער כלל איז, אַז אָהן א מ ו נ ה איז דער מענש אין גאַנצען אַ פוסטע זאַך. דער טאטע קאָן זיך זיין אַ שעהנער איד, אַ מאמין, וואָס פאַר אַן אויסזעהן האָט אָבער זיין זוהן ?

אויסער פאַר החזקת תורה האָט דער חפץ חיים דאמאלט פערזענליך זעהר פיעל געארבייט כדי צו פארשטאַרקען דאָרט דאָס אָפּהיטען פון שבת. ער האָט זאגאר געווירקט אויף די שעהרערעס (בארבערס) זיי זאָלען האַלטען פאַרמאַכט שבת, און האָט געהאַלטען אַ פייערדיגע דרשה אויפפאָדערינדיג צו זיין ארגאַניזירט און פאראייניגט פאַר דער פאַרשטאַרקונג פון שמירת שבת.

זיינע ווערטער זיינען געווען:

„שבת איז דאָס האַרץ פון אידענטום, פריהער פון אלץ מוז מען דאָס האַרץ שטאַרקען.

„עס פאַסירט אַז דאָקטוירים קומען זיך צוזאַמען ביי אַ חולה וועלכער איז קראַנק אויף אלע אברים. יעדער דאָקטאָר זוכט אַ רופאה צו דער מחלה אויף וועלכער ער איז אַ ספעציאליסט. רופט זיך אָפּ אַן עלטערער דאָקטאָר צו זיינע קאלעגען, — זעהט איהר דען ניט אַז דער פולס איז ביים חולה זעהר שוואַך, דאָס צייגט דאָך דעם געפּהערליכען צושטאַנד פון זיין האַרץ, איז דאָך דאריבער פריהער פון אלץ דרינגענד צו טראַכטען מיטלען ווי אזוי צו פאַרשטאַרקען זיין האַרץ, אנדערש וועט קיין פעולה ניט זיין פון אלע אנדערע רפואות.

„כך אזוי איז עס מיט אונז. מיר זיינען בעוה״ר קראַנק אין גייסטיגען זין. אונזער רוחניות׳דיגע רופאים זוכען רפואות פאַר די פארשידענע מחלות פון וועלכע עס ליידעט דער אידישער ארגאַניזים. צום ערשט אָבער מוז מען היילען דאָס האַרץ — שבת, וועלכער איז דער יסוד פון דער אידישער אמונה. אָהן

שבת קאָן ניט זיין קיין אידישקייט, — המחלל שבת בפרהסיא כאילו עובד עבודה זרה.

„ביי יעדער בעל מלאכה אָדער סוחר, הייגגט אַ שילד (סיין) אין פראָנט פון זיין ווארשטאט אָדער קראם צו באַקאָנט מאַכען זיין באַשעפטונג. כל זמן עס הייגגט די שילד איז אפילו אויב דער בעל מלאכה פאָהרט אוועק אויף עטליכע טעג, ווייס מען אלץ אַז דאָ וואָהנט דער בעל מלאכה, ווייל די שילד בלייבט. אָבער ווען מ׳נעמט שוין אראָפּ דעם שילד איז אַ סימן אַז דער בעל מלאכה האָט זיך שוין אינגאַנצען ארויסגעקליבען פון דאָרטען.

„כי אות היא ביני וביניכם, — שבת איז אַ אות, אַ צייכען, אַ שילד אַז דער רבונו של עולם וואָהנט ביים אידען אין זיין האַרץ, אין זיין נשמה, אין זיין הויז. אפילו ווען אַ איד פאַרפעהלט עפּעס, ער דערוויטערט זיך פון דער תורה, דאָך כל זמן אָט דער צייכען — שבת הייגגט איבער איהם איז נאָך אלץ דער רבונו של עולם נאָהענט צו איהם, ער איז נאָך אלץ אַ איד. נעמט ער אָבער אוועק דעם סימן, די שילד, וואַרפט ער ארויס דעם שבת פון זיין היים, באַ־וויזט ער אַז דאָס אידישקייט פאַרשוואונדט גלייכצייטיג פון איהם.

„די תורה האָט פיעלע מאָל מזהיר געווען וועגען שבת. אלע נביאים האָבען מוכיח געווען וועגען שבת. ביי קיין עבירה געפינט מען ניט אַז השם יתברך אליין זאָל זיין דער דיין אויף צו פאַר׳משפּט׳ן דעם עובר, נאָר בלויז פאַר חילול שבת, — ביים מקושש, און פאַר ג״ט לעסטערונג — מגדף.

„דער עונש פאַר חילול שבת איז דער גרעסטער — סקילה, אָדער כרת פאַר זיך און זיינע קינדער.

„אזוי איז אויך די ברכה פון שמירת שבת די גרעסטע. זי איז די ערשטע ברכה אין דער תורה, „ויברך אותו”. דער פסוק זאָגט אויך : „ראו כי ה׳ נתן לכם את השבת” — זעהט מיט אייערע אייגענע אויגען אַז דער שבת און זיין הייליגקייט איז אַ קוואַל פון ברכה, פאַר פּרנסה. פרייטאג איז געפאַלען דער מן פאַר שבת אויך.

„איך וואָלט וועלען פרעגען יעדען אידען באַזונדער, מילא זיך אליין ביזטו מפקיר, וואָס האָסטו אָבער צום כלל ישראל ? קיינער דוכט זיך וויל ניט בכיוון גורם צו זיין אַ רעה צו אַנדערע. וויפיעל שלעכטס פאַראורזאַכט מען צום כלל ישראל דורך חילול שבת. ווארום פאַרוואָס זיינען טאַקע היינט פאַראן אזוי פיעל צרות ר״ל, אזעלכע פון וועלכע מ׳האָט פריהער קיינמאָל ניט געוואוסט ? פאַרוואָס קומט טאַקע ניט משיח, טראָצדעם וואָס ס׳איז שוין מקוים געוואָרען

אַלע סימנים פון דער צייט, „כלה פרוטה מן הכיס", עס איז שוין נתרבה געוואָרען „בזיזי בתר בזיזי", די תלמידים זיינען נתמעט געוואָרען א. א. וו.? מען דערלאָזט ליידער ניט ער זאָל קומען!

„אין עזרא'ס צייטען איז דער דור ראוי געווען צו אַזאַ גאולה ווי ביי יציאת מצרים, לויט'ן מיינונג פון די חז"ל. למעשה האָט אָבער געדויערט איבער דרייסיג יאָהר ביז זיי זיינען צוגעקומען צו עפּעס אַ ממשלה. פאַרוואָס? ווייל ס'זיינען געווען דריי הונדערט נושאי נשים נכריות צווישען פערציג טויזענט, וואָס דאָס באַטרעפט אפילו ניט קיין איין פּראָצענט, פון דעסטוועגען איז עס באַטראַכט געוואָרען אלס פלעק אויפ'ן גאַנצען פאָלק, טראצדעם וואָס פיעלע פון זיי האָבען פאַרלאָזען זייערע פרעמדע פרויען. איז זיך שוין לייכט פאָרצושטעלען ס'אַ פלעק עס מאַכען די מחללי שבת, — וועלכע זיינען היינט פיעל מעהר ווי איין פּראָצענט — אויפ'ן כלל ישראל!

„אידען ווערען געהאַלטען פאַראַנטוואָרטליך איינער פאַר'ן אנדערען, „כל ישראל ערבים זה לזה", מיר האָבען מקבל געווען „על בנינו ועל דורותינו ועל כל דורות זרע ישראל". ביי שבת איז זאגאר די ערבות פיעל גרעסער ווי פאַר אַנדערע זאַכען. עס איז דאָך אַ גרויסער אונטערשייד צו איינער איז ערב אויף אביסעל געלד, צו איינער איז אַ ערב מיט זיין גאַנצען אייגענס און אויף זיין גאַנץ לעבען — ווי עס איז דער פאַל מיט שבת. דער עונש פאַר ניט מוחה זיין איז גרויס . . .

„דעם מענשען'ס כבוד און גליק ווענדעט זיך אָן דעם וויפיעל ער האָט מכבד געווען די תורה, „כל המכבד את התורה גופו מכובד". ווען דער מענש וועט קומען אויפ'ן עולם העליון, וועט ער דאָך געוויס וועלען אַז מען זאָל איהם עטוואָס מכבד זיין, לכל הפחות ווי אַ פשוט'ן מענשען, וואָס וועט ער אָבער ענטפערען ווען מ'וועט איהם אַ פרעג טהאָן: „אם אב אני איה כבודי?" האָסט געגעבען דיין פּראָטעסט פאַר חילול שבת, ניט מיט בייזען, אָבער זאָגען יענעם מיט גוטען, אַז ער זאָל רחמנות האָבען אויף זיך, אויפ'ן כלל ישראל און ניט מחלל שבת זיין?

„אַז מען פועל'ט ביי איינעם אַז ער זאָל פאַרמאַכען זיין געשעפט פרייטאג פאַרנאַכט, איז דאָך עס אַ גרויסער זכות, אזוי ווי עס שטעהט „עתידה בת קול שתצא ותאמר מי שפעל עם אל יבא ויטול שכרו".

„מיר געפינען ביי אלקנה'ן, אַז דאריבער האָט ער זוכה געווען צו האָבען אַ זון ווי שמואל וועלכער איז געווען שקול ווי משה און אהרן, ווייל ער פלעגט

יעדען יאָהר געהן עולה רגל צו זיין מיט אַן אנדער וועג כדי צו קאָנען דער־
וויל צורעדען און מיטנעמען אלעמאָל אנדערע אידען עולה רגל צו זיין.
האָט השי"ת געזאָגט, בזכות דעם וואָס דו ביזט מכריע מיינע קינדער לכף זכות
וועל איך דיר געבען אַ זון וועלכער וועט מכריע זיין דעם גאַנצען כלל ישראל
לכף זכות. דארף דאָך יעדער איד וועלען נעמען אַ חלק אין אַזאַ זאַך. אידען
וועלען דאָך איה"ש אין גיכען זיכער דאַרפען נאָך נביאים, אפשר וועט ער
זוכה זיין אַז זיינער אַ זון וועט זיין אַ נביא און אפשר ער אליין!

„ביי גאולת מצרים האָבען דאָך אידען אין ניין און פערציג טעג זוכה
געווען זיך צו דערהויבען פון אַ מצב פון חומר ולבנים צו ווערען נביאים. מיר
געפינען, אַז ביים קלייבען די שבעים זקנים האָט אַ גאַנצער שבט פאראיבעל
געהאַט אויב מ'זאָל ביי איהם פאַרפעהלען אַ נביא.

„די מצוה פון מכריע זיין דעם כלל ישראל לכף זכות, איז אין לשער.
וואויל איז דעם וואָס ערפיהלט עס ווי געהעריג"!

טז.

# ר׳ נפתלי

פינף און צוואנציג יאָהר (תרס״ד־תרפ״ט), האָט דער באַריהמטער גאון ר׳ נפתלי צבי טראָפּ, מרביץ תורה געווען אלס ראש מתיבתא אין דער „ישיבת חפץ חיים״. במשך פון אָט דער צייט האָט ער מחנך געווען טויזענדער תלמידים. אריגינאל און אייגענארטיג איז געווען זיין דרך הלמוד. מיט זיין שאַרפע און טיפע קאָפּ, מיט זיין גרינדליכקייט און סאבטעל־דקות׳דיגע הבנה איז ער געווען אַן אויסגעשפּראָכענער געגנער פון פלפולים און פשט׳לאך. ער פלעגט זאָגען: „מיר זאָגען ניט קיין נייע תורה, מיר ווילען בלויז פאַרשטעהן די אלטע תורה״. זיינע חדושים האָבען זיך אויסגעצייכענט מיט זייער קלאָרקייט און לאָגישקייט. ער איז געווען דער גרויסער מחדש און בעל הבנה, ער האָט זיך אָבער קיינמאָל ניט געאיילט צו מאַכען תורה. מ׳פלעגט איהם כמעט שטענדיג טרעפען אַ פאַרטראַכטען. יעדען חידוש וועלכען ער האָט ארויסגעבראַכט האָט ער עס שווער און לאַנג אין זיך אויסגעטראָגען און אויסגעהאָרעוועט. ער פלעגט טעג און נעכט און אַ מאָל וואָכען, זיך באַשעפטיגען מיט איין ענין. צייטענווייז פלעגט ער ארומוויקלען דעם קאָפּ מיט אַ נאַסען האַנדטוך און טראַכטען וועגען אַ געוויסע קשיא גאַנצע טעג. זיין עמלות בתורה איז ווירקליך געווען אין לשער. האָבענדיג אלץ נאָכגעטראַכט און איבערגעטראַכט, דורכגעקלערט און איבערגערעדט, דאָ אַראָפּגענומען און דאָרטען צוגעלייגט, דאָ אַ שליף געטהאָן און דאָרטען צוגעפּוצט, און ווען עס האָט שוין אַלעס געשיינט צו זיין פּערפעקט, ערשט דאַן פלעגט ער עס באַנוצען אלס שעור (תלמוד׳ישע לעקציע אָדער אָפּהאַנדלונג) פאַר זיינע תלמידים.

קוים איז איהם געלונגען אויפצוקלערען אַ קאמפּליצירטען און שווערען ענין, פלעגט דאמאָלט זיין שמחה זיין זעהר גרויס. אַ באַגייסטערטער פלעגט

1) עהנליכעס ווערט איבערגעגעבען אינ׳ם נאָמען פון גאון הדור ר׳ חיים הלוי סאלאָווייטשיק זצ״ל: „מחדש זיין חדושים איז ניט פאַר אונז. דאָס האָבען נאָר בכח געהאַט די ראשונים ז״ל. אונזער אַרבייט איז בלויז צו פאַרשטעהן דאָס וואָס ס׳שטעהט״. (הקדמה צום מאסף „אהל תורה״ הרב א. ב. וואסערמאַן).

ער אינמיטען נאַכט לויפען אַנזאָגען די בשורה צו זיינע נאָהנטע תלמידים.

אין איינקלאַנג מיט׳ן חפץ חיים׳ס וואונש, פלעגט ר׳ נפתלי, זיינע שעורים אין דער ישיבה איבערזאָגען צוויי מאָל אין באַזונדערע טעג, כדי די בחורים זאָלען אינצווישען האָבען אַ געלעגענהייט געגוי אַ דורכצוטראַכטען אַלע עניינים און זיין פארברייטעט צו מאַכען אַלע נויטיגע הערות. זעלבסט פארשטענדליך אַז דאָס האָט געהאַט אַ היבשע ווירקונג אויף דעם פאַרשריט פון די תלמידים.

אָפטמאָל פלעגט ר׳ נפתלי, אריינגעמען זיינע תלמידים אין זיין לעהר צימער (באקאנט עד היום אלס „ר׳ נפתלי׳ס שטיבעל״), וועלכער איז געווען אַ סאָרט גייסטיגער לאבאראטאריום און דאָרט זיי צייגען ווי אזוי זיינע שעורים פלעגען געשאַפען ווערען.

ער פלעגט זיי באַקאַנען מיט די עלעמענטען און מאטעריאל פון וועלכע ער פלעגט זיינע תורה־בנינים אויפבויען. ער פלעגט ראשית כל דורכלערנען מיט זיי צוזאַמען די גמרא און פלעגט בעת מעשה בריינגען דערצו אז זיי אליין זאָלען זיך אָנשטויסען אויף די אונגלאַטע שטעלען און דערשפירען די אויבער־פלעכליכע אונגלייכקייט, אַז זיי אליין זאָל עפּעס אהרען, עפּעס קשה זיין און דער באטראפענדער סוגיא. דערנאָך פלעגט ער דורכלערנען די הויפט מפרשים אויף דער סוגיא, די ראשונים און אחרונים און נאָכהער דורכקוקען די פוסקים מיט זייערע נושאי כלים. עס פלעגט זיך פיעל מאָל ארויסווייזען אַז לויט ווי ער האָט איינגעלערענט אין דער אָדער יענער גמרא, אין דעם אָדער יענעם ראשון, ווערט עפּעס אזוי ווי פון זיך זעלבסט אלץ קלאָר און פאַרשטענדליך און אַסך קשיות ווערען ממילא באַזייטיגט 2).

אזוי פלעגט דער רבי פאַר זיינע תלמידים ענטפלעקען די יסודות היצירה פון תלמודי׳שען חדוש, זיי לערנען ווי אזוי יעדען ענין צו אנאליזירען און תמיד זוכען צו באַגרינדען יעדער סברא אויף געזונטע ראיות והוכחות . . .

2) זיין הנהגה איז געווען איז איינקלאַנג מיט דעם וואס הגאון הנצי״ב ז״ל האָט אַמאָל באַמערקט: „ווען דער רמב״ם וואָלט זיין „יד החזקה״, — אַנשטאָט זיך אָפּצוזונדערן מיט זיך אַליין פאַר צעהן יאָהר צייט — געשריבען אין קאָמפּאַניע פון חברים און תלמידים וואָלטען דאָן בלי שום ספק אַלע זיינע ווערטער געווען קלאָר און פעלזען־שטאַרק. עס וואָלט ניט מעגליך געווען קיינע השגות אָדער סתירות״ (זעה „מקור ברוך״ להרב עפשטיין, זייט 1766). זעה אויך ציטאַטע פון מהרש״א סוף פּרק ששי חה״ל סנהדרין: „פון דאנעט ביז׳ן סוף פּרק וועל איך ניט פאַרעפענטליכען, ווייל איך האָב עס ניט געלערנט, זייענדיג אין די ישיבה (מיט די תלמידים), האָבענדיג געווען אויפ׳ן יריד אין לובלין״. ד. ה. ער האָט געהאַט חדושים אבער ער האָט זיי ניט געהאַלטען פאַר גוט, ווייל ער האָט זיי ניט מחדש געווען בלמוד התלמידים. אזוי פלעגט זיך אויך נוהג זיין דער מהרש״ל. יעדער סוגיא דורכנעהן מיט זיינע חברים און תלמידים.

זיין טיפע און שטאַרקע לאָגיק האָט ר׳ נפתלי, ענטוויקעלט פון זיין פריהס־טע יוגענד. געבאָרען געוואָרען איז ר׳ נפתלי, י״ג חדש ניסן תרל״א, צו זיין פאָטער ר׳ משה און מוטער נעשע, אין גראדנע. שוין אלס יונגער בחור׳ל האָט ער געקלונגען מיט זיין שאַרפקייט און עמקות, מיט זיינע ברילאנטענע מדות און נאָבעלען כאראַקטער. זיין ערשטער און ווירקזאַמסטער רבי איז געווען זיין פאָטער, וועלכער איז געווען ראש ישיבה אין גראָדנע, און איז דאָרט באַריהמט געווען מיט זיין גרויסע לומדות און צדקות.

ר׳ משה׳ס עניוות איז ממש געווען אויסערגעוועהנליך. ער פלעגט זיך פערזענליך באַטראַכטען אלס פשוט׳ער איד אַ יודע ספר און האָט מיט זיך קיינ־מאָל קיין וועזען ניט געמאַכט. זיין אַנטלויפען פון כבוד וגדולה איז געווען אויסטערליש. ס׳איז אזוי ווייט געקומען, אַז די רבנים אין גראָדנע, האָבען איינמאָל באַשלאָסען איהם דורכ׳ן בית־דין שמש אָפיציעל לאָזען וויסען אַז ער (ר׳ משה) איז אַ גרויסער למדן . . . די איינציגע זאַך מיט וועלכע ר׳ משה האָט זיך ערלויבט צו שטאָלצירען איז געווען זיין זון ר׳ נפתלי. גרויס איז געווען זיין תענוג ווען ער פלעגט, לערנענדיג מיט זיין ליבען בחור׳ל, זעהן ווי אָט דער קליינער תלמיד חכם פאַרמעסט זיך צו שווימען אינ׳ם ים התלמוד כאחד הגדולים.

ביי זיין פאָטער האָט ער געלערנט ביז נאָך זיין בר מצוה. ווען ער איז אַלט געווען פערצעהן יאָהר, אין יאָהר תרמ״ו, איז ער אַוועקגעפאָהרען לערנען אין דער ישיבה אין קעלם. פון דאָרט איז ער אין יאָהר תרמ״ח געקומען לערנען אין דער ישיבה אין סלאָבאָדקע. לאַנג איז ער דאָרט ניט געווען. ער איז אַוועקגעפאָהרען לערנען קיין טעלז ביים גאון ר׳ אליעזר גאָרדאָן.

אין יאָהר תרמ״ט, איז דער באַריהמטער גאון ר׳ יצחק יעקב ראַבינאָוויץ (ר׳ איצעלע פּענעוועיזער), אויפגענומען געוואָרען אלס ראש ישיבה אין סלאָבאָדקע.

ר׳ איצעלע איז פאַררעכענט געווען אין עמקות דער צווייטער גדול צום גאון הדור ר׳ חיים בריסקער זצ״ל. זיין שיטה אין לערנען איז טאַקע אויך געווען אין אַ געוויסער מאָס עהנליך צו דער פון ר׳ חיים׳ן. ער האָט באַזעסען אַ זעלטענעם פלינקען כח מחדש צו זיין חידושי תורה. ס׳איז כמעט ניט געווען קיין אָרט אין די ביידע תלמודים (בבלי און ירושלמי) וואו ער האָט ניט געהאַט קיין תורה אויפגעטהאָן, נייעסען און קלאָר געמאַכט שווערע ענינים. זיינע סברות זיינען שטענדיג געווען געבויט אויפ׳ן געזונדען שכל און לאָגיק. ער פלעגט

זיך מעמיק זיין אין יעדער תלמודי׳שער סוגיא און פון יעדער שקלא וטריא ארויסנעמען די חלקי הבונה וחלקי הסותר, און מיט לאָגישער הבנה פלעגט ער יעדען ענין געגוי אַנאַליזירען און אזוי פאַנאַנדערגלידערען ביז ער האָט דערגרייכט דעם הויפּט יסוד און האָט ווי אַ וואונדערבאַרער עקספּערט אויפ־געבויט אַ גראדען וועג צו דער מסקנה — די הלכה.

אַ דאַנק ר׳ איצעלע׳ס גרויסקייט איז די סלאָבאָדקע ישיבה ארויפגעשטיגען אויף איהר גלאָררייכער הויכקייט. ר׳ איצעלע׳ס גאונות׳דיגע שעורים, זיין צוגעטאָנקייט און חבר׳שאַפט מיט די תלמידים האָבען אזוי ווי אַ מאַגנעטישע קראַפט צוגעצויגען די עלויים און בעלי כשרונות פון אַלע אנדערע ישיבות.

דער יונגער נפתלי, וועלכער איז שוין דאַן אַלט געווען 18־19 יאָהר און געווען דער ליבלינג פון די גדולי התורה אין עולם הישיבות, איז צוריקגע־קומען קיין סלאָבאָדקע וואָהרשיינליך אין יאָהר תר״ן, כדי צו זעטיגען זיין אינערליכען דורשט פון אָט דעם רבי׳ן וועמעס חידושים האָבע אזוי ווי ליכטיגע שטערנס באַלויכטען פאַר איהם פילע אונענדליכע וועלטען פון דער תורה.

נפתלי גראדנער האָט זיך צוגעבונדען מיט לייב און זעעל צום ראש ישיבה און איז שנעל געוואָרען דער מצוין פון זיינע תלמידים. ער האָט מיט אַ זעלטענע פּינקטליכקייט נאָכגעפאָלגט זיין גענייאַלען רבי׳ן און איז אין אַ קורצע צייט אויסגעוואקסען אַלס געוואַלדיגער עמקן און אייגענאַרטיגער בעל הבנה אין לערנען.

אין יאָהר תרנ״ד האָט דער מנהל רוחני פון דער סלאָבאָדקער ישיבה, דער באוואוסטער צדיק ר׳ נטע הירש פינקעל איהם אויסגעקליבען אַלס חתן פאַר זיין טאָכטער מרים. דער זיווג איז אָבער ניט געווען קיין באַשערטער. זי איז אין אַ קורצע צייט ארום געשטאָרבען אַלס כלה. דער חתן האָט זיך לכתחילה שטאַרק גענומען צום האַרצען דעם פּאַרלוסט, זיך געפיהלט זעהר צובראָכען און אומעטיג. ער האָט אָבער געפונען טרייסט און ווידער אויפ־לעבונג אין זיין התמדה און פאַרטיפונג אין לערנען.

אַ יאָהר נאָך דעם האָט ער זיך משדך געווען מיט דער טאָכטער פון באוואוסטען צדיק ר׳ אליעזר יעקב חוואס, מיט וועמען ער האָט געהייראט י״א תמוז תרנ״ה.

ר׳ נפתלי איז אויך געווען באַהאַוועגט אין דער רוסישער, דייטשער און העברעאישע השכלה ליטעראַטור. דאָס אַלעס האָט איהם אָבער נאָך שטאַרקער

אַ שטויס געטהאָן צו דער לעהרע פון מוסר, צו דעם מאור שבתורה. ער האָט מיט זיין הויך־ענטוויקעלט סענסיטיוויטעט און הייליגען רגש באַגריפען איהר גאַנצען פּראַכט. פריער אין סלאַבאָדקע און נאכהער אַלס פאַרהייראטעטער יונגער־מאַן אין קעלם, ביים גאון וצדיק ר׳ שמחה זיסל זיוו, האָט ער איינזאַפּענדיג די באַזונדער־ארטיגע מוסר שיטות געלערענט ניט צו כאַפּען קיין התפעלות פון דאָס אויבערפלעכליכע און אויסערליכע, נאָר צו זוכען אין יעדער אידעע די אינערליכע ווערטהען און נשמה — פּנימות׳דיגקייט. מוסטערהאַפט איז געווען זיין לויטער עטישע פּערזענליכקייט וועמעס עהנליכקייט ס׳איז נאָר געווען צו טרעפען צווישען די יחידי סגולה אין פריהערדיגען דור.

אין יאָהר תר״ס איז ער אויפגענומען געוואָרען אַלס ראש ישיבה אין דער ישיבת „אורח חיים״ אין סלאַבאָדקע, דורכ׳ן מיסד הגה״צ ר׳ הירש׳ל לעוויטאַן און וואו ער האָט געהאַט אַ געלעגענהייט זיך איבערצוצייגען אין זיין טאַלאַנט־פולע פעהיגקייט אַלס ערציהער.

אין יאָהר תרס״ד ווען ער איז נאָך גאָר אַ יונגערמאַן געווען, אינגאַנצען ביי דריי און דרייסיג יאָהר אלט, איז ער אויפגענומען געוואָרען פון חפץ חיים אַלס ראש פון זיין ישיבה אין ראדין.

זיין גאונות און קלאָרקייט, זיין בליציגע שאַרפזין און לעבעדיגקייט וועלכע ער האָט אריינגעבראַכט אין לערנען, זיין פאָטערליכע ליבליכקייט און אויסער־געוועהנליכע צוגעלאָזענקייט צו זיינע תלמידים, האָבען איהם געמאַכט פאַר׳ן ליבלינג און כח המושך אין דער ישיבה וועלט. ער איז פאַררעכענט געווען אַלס איינער פון די בעסטע ראשי ישיבה וואָס דאָס אידענטום פאַרמאָגט, און אַלס אַ זעלכער, איז ער באַטראַכט געוואָרען אויך צווישען די ראשי ישיבה אליין.

אַלס אילוסטראַציע צו זיין פּאַרטיפקייט אין לערנען אין וועלכעס ער פלעגט אָפטמאָל דערגרייכען ביז התפשטות הגשמיות, קאָן דינען דער פאַקט וואָס איינמאָל, שפּאַצירענדיג אונטערן שטאָדט (ראדין) צוזאַמען מיט׳ן גאון ר׳ אלחנן וואסערמאַן (יבדל לחיים), האָבען זיי זיך אזוי פאַרטיפט אין לערנען אַז זיי זיינען ביידע אריין אין אַ גרויסען זומפּ און מיט גרויס מיה איז זיי קוים געלונגען זיך ארויסצוראטעווען.

איינמאָל, געהענדיג אין אַ ווינטערדיגען טאָג צו זאָגען דעם שעור אין ישיבה, האָט זיך ר׳ נפתלי אויסגעגליטשט און געפאַלען. דאַנקענדיג השי״ת וואָס ר׳ נפתלי האָט זיך ניט צוקלאַפּט, האָט דער אַלטער ראש ישיבה, הגאון

ר׳ משה, בדרך הלצה באַמערקט: „דאָס איז טאַקע געווען אַן איינפאַל פון אַן אמת׳ן גאון!״

ר׳ נפתלי האָט אויך מיטגעהאָלפען דעם חפץ חיים אין מחבר זיין מאַנכע פון זיינע לעצטע ספרים, און אויף די עלטערע יאָהרען ווען דער חפץ חיים האָט אויפגעהערט צוליב זיין שוואַכקייט צו ענטפערען פערזענליך אויף שאלות ותשובות, פלעגט ער אַזעלכע ענינים איבערגעבען צו ר׳ נפתלי׳ן און יל״ח צו ר׳ משה׳ן.

ר׳ נפתלי פלעגט זעהר זעלטען פאַרפעהלען דעם חפץ חיים׳ס „שמועסען״. ער פלעגט מיט זיין פיל־האַרציגע רגש און טיפען מח כאַפּען גרויס התפעלות פון חפץ חיים׳ס ווערטער. ער פלעגט אָפטמאָל „דערהערען גאונות״ (אויף דער ישיבה׳שער שפּראַך) אין די רייד פון חפץ חיים וועלכע פלעגען אויס־קומען פשוט פאַר פיעלע יונגע תלמידים . . .

מען דערצעהלט אַז זייענדיג אין סמילעוויטש (אין יאָהר תרע״ו, אין דער צייט פון דער מלחמה), האָט ר׳ נפתלי׳ן געאַהרט זעהר אַ שווערע קשיא אויף אַ תוספות אין מסכת בבא קמא, אין די ענינים פון „נתקל פושע״. די קשיא האָט ר׳ נפתלי׳ן קיין רוה ניט געגעבען. ער איז אוועק אַ פאַרטראַכטער און באַזאָרגטער צום אָרטיגען רב, הגאון ר׳ בצלאל זייטשיק, כדי אַדורכצורעדען מיט איהם דעם ענין. ר׳ בצלאל, דערהערענדיג די האַרבע קשיא איז אויך געבליבען אין אַ פאַרלעגענהייט און האָט פאַרגעלייגט ר׳ נפתלי׳ן אַז זייביידע זאָלען אריבערגעהן צום חפץ חיים און איהם פאַרלייגען די קשיא.

אריינקומענדיג אין וואוינונג פון חפץ חיים, האָבען זיי איהם געפונען פאַרטיפט אין לערנען אין דעם אַנדער׳ן חדר, טאַקע אין זעלבען ענין וועלכען ער האָט דאַמאָלט געלערנט מיט זיין יונגען זוהן אהרן, וועלכער איז געווען אַ תלמיד אין דער ישיבה. קומענדיג צו דעם תוספות וועלכען דער חפץ חיים האָט געלערנט פאַר זיך אַליין האָט ער אויפ׳ן קול מיט אַ התלהבות׳דיגען גמרא ניגון אויף זיין שטייגער אויסגערעדט: „איי איז דאָך די קשיא וואָס האָט מיר אַמאָל געאַהרט אויף דעם תוספות? האָבען מיר דאָך שוין אַמאָל פאַרענטפערט, איז לויט׳ן תוספות אין כריתות, איז גאָר קיין קשיא ניט, און האָט דאָן דורכגערעדט אויסוויינינג יענעם תוספות.

ר׳ נפתלי וועלכער איז פאַרבליבען מיט ר׳ בצלאל׳ן אין פראָנט צימער איז ממש ארויס פון די כלים. ס׳זיינען איהם ליכטיג געוואָרען די אויגען און האָט פון גרויס התפעלות אויסגערופען — אוי, ס׳א גאונות, ס׳א גאונות!...

דער פאָלגענדער עפּיזאָר כאַראַקטעריזירט אַמשעהנסטען די געגענזייטיגע אכטונג צווישען חפץ חיים און ר׳ נפתלי׳ן.

אַ תלמיד פון ישיבה איז איינמאָל אין דער אַנוועזענהייט פון ר׳ נפתלי׳ן געקומען פרעגען דעם חפץ חיים אַ שאלה. אזוי ווי ער עסט אין איין הויז און שלאָפט אין דער אַנדערער, טאָ אין וועלכען אָרט איז ער מחויב אָנצוצינדען חנוכה ליכט.

דער חפץ חיים אין זיין גרויס עניוות האָט זיך ניט געהאַלטען ווירדיג צו ענטפערען אויף אַ שאלה אין דער אַנוועזענהייט פון אַזאַ גדול. האָט ער זיך געווענדעט צום ראש ישיבה: „ענטפערט איהר ר׳ נפתלי אָט די שאלה".

האָט ר׳ נפתלי געענטפערט: „נו, לאמיר ברענגען אַ „משנה ברורה" (דעם חפץ חיים׳ס ווערק) און איינקוקען דעם דין!"

אין דער צייט פון קריעג ווען די ישיבה תלמידים האָבען געליטען הונגער־נויט און קראַנקהייטען אין זייער גלות אין סנאוואסק, איז ר׳ נפתלי אויף קיין איין סעקונדע ניט אָפּגעטראָטען פון זיינע תלמידים. ער האָט געטיילט זיין גורל מיט׳ן גורל פון אַלע בחורי הישיבה און איז אָפטמאָל זאָגאַר געווען פון די ערשטע צוצונעמען די פיילען וועלכע זיינען געשליידערט געוואָרען אין דער ישיבה. אונטער די שרעקליכסטע באַדינגונגען איז ער געשטאַנען און געזאָגט זיינע ברילאַנטענע שעורים. די כסדר׳דיגע יסורים האָבען אָבער גע־האַט אַן ערשיטערענדע ווירקונג אויף זיין שוואַכען געזונד. ספּעציעל דער אומגליק אין זיין פאַמיליע — ער האָט פאַרלוירען זיין ליבע פרוי, פּעסע לאה, ה׳ ניסן תר"פ אין סנאוואסק, אין דער צייט פון דער עפּידעמיע וואָס האָט דאָרט געבושעוועט.

ווען די ישיבה האָט זיך אין זומער פון יאָהר תרפ"א צוריקגעקעהרט פון איהר גלות אויף איהר מקום מנוחה אין ראדין, האָט זיך שוין אָבער ר׳ נפתלי די מנוחה ניט באַקומען. ער איז שוין געווען פיזיש אזוי ערשעפּט אַז ער האָט שוין מעהר צו זיך ניט געקאָנט קומען. ער האָט אין זיין פאַרצווייפעלטע לאַגע געזוכט צו מאַכען אַ שינוי מקום — אפשר אַן אַנדער אָרט אין אַן אַנדער ישיבה. ער האָט זאָגאַר געמאַכט אַ פאַרזוך צו קאָנען אויפגעהן קיין ארץ ישראל אָבער אַלע זיינע באַמיהונגען האָבען זיך איהם לײדער ניט איינגעגעבען.

ווען ער איז אַלץ קראַנקער אונטערזוכט געוואָרען פון באוואוסטען נערוועז ספּעציאליסט, דר. פלאטוי אין ווארשא, האָט דער לעצטער באַמערקט אז דאָס ערשטע מאָל אין זיין לאַנג יעהריגער פּראַקטיק קומט איהם אויס צו זעהן

אַזאַ אויסגעאַרבייטען און אויסגעהאָרעוועטען מאַרך. ווען ער האָט געהערט אַז דער דאָקטאר פאַרוועהרט איהם ווייטער צו לערנען האָט ר׳ נפתלי באַמערקט: „אויב ניט לערנען טאָ צו וואָס מיר דער לעבען! . . . ״

די קראַנקהייט איז לײדער געווען אַן אונהיילבאַרע. טייכען טרערען האָבען די תלמידים און רביים אין דער ישיבה פאַרגאָסען אין זייערע תפלות און תהלים זאָגען. אָבער די שערי תפלה זיינען געווען פאַרמאַכט. אין די לעצטע טעג ווען דער צושטאַנד פון חולה האָט זיך באַדייטענד פאַרערגערט, איז זיין זוהן, הרב ר׳ אברהם אריינגעלאָפען צום חפץ חיים און געפינענדיג איהם אין אַן אומעטיגען צושטאַנד האָט ער מיט אַ טרערען־געשטיקטע שטימע אויסגערופען: „רבי וואָס שווייגט איהר? מיין טאַטע איז דאָך אזוי געפעהרליך!״ האָט דער חפץ חיים אין אַ שטילען טאָן אזוי ווי רעדענדיג צו זיך אליין באַמערקט: „ער מיינט אַז מ׳קאָן רייסען מיט גוואַלד!״

ר׳ נפתלי׳ס פטירה איז פאַר אַלע זיינע מקורבים געווען אַן אבדה שאינה חוזרת. דער תורה אידענטום, ספּעציעל זיינע תלמידים, האָבען פאַרלוירען אַ לעהרער און וועג־ווייזער. אַ ריזיג־פאַרצווייגטער בוים איז אונטערגעשניטען געוואָרען אין דער שעהנסטער עפּאָכע פון זיין בליהונג!

אונשטערבליך וועט ר׳ נפתלי בלייבען פאַר די טויזענדע תלמידים וועלכע ער האָט מעמיד געווען; פאַר די חדושי תורה וועלכע ער האָט פאַר זיי געשאַפען און פאַר די שעהנע און נאָבעלע מדות וועלכע ער האָט זיי דורך זיין מוסטערהאפטען לעבען געלערענט.

## זיינע נאכפאלגער

נאָך דער פטירה פון ר׳ נפתלי׳ן איז אויפגענומען געוואָרען אַלס ממלא מקומו זיין איידעם ר׳ ברוך יוסף פּיוועלזאָהן. טראָץ זיין יוגענד איז ר׳ ברוך שוין דאַן געווען אַנערקענט אַלס גדול, באַריהמט צווישען לומדים מיט זיין עילוי׳שקייט און חריפות.

לײדער, האָט די ישיבה ניט זוכה געווען זיך צו וואַרעמען לאַנג אין זיין ליכטיגקייט. פיער יאָהר שפּעטער, י״ט לחדש מנחם אב אין יאָהר תרצ״ג, איז ר׳ ברוך נאָך אַ קורצע קראַנקהייט נפטר געוואָרען.

אָבוואהל זיין השפּעה איז ניט געווען קיין לאַנגע האָט זי אָבער געלאָזען אַ טיפע ווירקונג אויף דער ישיבה, ווייל אויסער זיין גאונות אין תורה, איז ר׳ ברוך אויך געווען אַן אצילות׳דיגע פערזענליכקייט. ער איז געווען אַן

אויסערגעוועהנליכער בעל מדות, פאַרקערפּערענדיג מיט זיך חכמה־גוטסקייט און תורה־שאַלץ. פון זיינע רביים האָט ר׳ ברוך גע׳ירש׳נט פון יעדען איינעם דאָס שעהנסטע. פון זיין באַריהמטען פאָטער ר׳ אלי׳ מאיר זצ״ל, קופּישקער רב, האָט ער געקראָגען די התלהבות און מסירת נפש פאַר תורה און קדשי האומה. פון זיין גרויסען רבי׳ן ר׳ איצעלע פאָנעוויזער האָט ער גענומען זיין דרך פון הבנה און עמקות אין לערנען. אין סלאָבאָדקע אונטער׳ן איינפלוס פון דעם „אלטען״ הגה״צ ר׳ נטע הירש פינקעל ז״ל, זיין הויכע מאראלישע מאָנטען גאון ר׳ איצעלע פאָנעוויזער.

האָט טאַקע ר׳ ברוך אַלס ראש ישיבה געזוכט צו געבען זיינע תלמידים דאָס בעסטע און שעהנסטע אין איהם. ס׳איז אָבער משמעות ניט באַשערט געווען. אין מיטען פון זיין בליהענד יוגענד, אין מיטען פו זיין שאַפען און גלאָררייכער ווירקונג איז ער צוגענומען געוואָרען. יהי זכרו ברוך . . .

נאָך דער פטירה פון זיין שוואָגער האָט דער זוהן פון ר׳ נפתלי׳ן, הרב הגאון ר׳ אברהם חיים טראָפּ, אָנגעפאַנגען צו זאָגען שעורים אין דער ישיבה. די שעורים פון ר׳ אברהם׳ן, דערמאָנען די תלמידים זעהר פיעל אין די שעורים פון זיין גרויסען פאָטער, מיט זייער הבנה און טיפקייט.

## ר׳ מנחם מנדיל יוסף זאקס

דער הויפּט ראש ישיבה אין דער ישיבת חפץ חיים איז דער אינגסטער איידעם פון חפץ חיים, הגאון ר׳ מנחם מנדיל יוסף זאקס, וועלכער האָט ווירקליך איבערגענומען דעם דרך פון דעם גרויסען רבי׳ן ר׳ נפתלי, ביי וועמען ער האָט פילע יאָהרען געלערנט און האָט נאָך בחייו געזאָגט שעורים אין דער ישיבה.

ר׳ מנדיל איז אויך געווען אַ תלמיד פון גאון וצדיק ר׳ ברוך בער לייבאָוויץ אין זיין ישיבה „כנסת בית יצחק״ אין סלאָבאָדקע, און אויך פון אויבענדערמאָנטען גאון ר׳ איצעלע פאָנעוויזשער.

די צעהן יאָהר וועלכע ער איז געווען צוזאמען מיט זיין גרויסען שווער, האָט ער פון איהם זעהר פיעל געלערענט. די מעהרסטע צייט איז געווען: „לא זזה ידו מתוך ידו״. דער חפץ חיים האָט פון איהם זעהר פיעל געהאַלטען און איהם דאריבער אסך איבערגעגעבען. אויסער זיין גדלות בתורה, איז ר׳ מענדיל אַ זעלטענער בעל מדות. זיין יראת שמים און בנעימות׳דיגע הנהגה אָטעמט מיט חפץ חיים׳דיגקייט. זיינע תלמידים זיינען זעהר שטאַרק צוגעבונדען צו איהם און פאַרעהרען איהם מיט ליבע און רעספּעקט.

יז.

# פאַר די רוסישע אידען

אונגעהויער גרויס איז געווען דעם חפץ חיים׳ס צער און וועהטאַג וועלכע ער האָט געפיהלט פאַר זיינע גע׳רודפ׳טע ברידער אין רוסלאַנד. ספּעציעל די רעליגיעזע רדיפות האָבען איהם ממש קיין רוה ניט געגעבען. ער האָט מיט אַלע מיטלען געזוכט זיי צו העלפען מיט וואָס נאָר מעגליך, ווי עס איז צו זעהן אין איינעם פון זיינע אויפרופען אין חדש מנחם אב, תרפ״ט.

„זעהר ביטער און שרעקליך איז דער מצב פון אונזערע ברידער אין רוסלאַנד און אוקראַינע, ד׳ ירחם! קרוב צו דריי מיליאָן אידען געפינען זיך אין גרויס נויט. אויסער דעם חורבן וואָס אַ גרויסער טייל פון זיי האָבען ניט קיין עקאָנאָמישען באַשטאַנד און הונגערען פשוט, שטעלען זיך אויף ממש די האָר הערענדיג פון דעם גרויסען אומגליק וועלכע אונזערע ברידער אין רוסלאַנד ליידען צוליב די גרויזאַמע רשעות פון די יעווסעקעס וועלכע ווילען אויסראָטען די הייליגע תורה. זיי האָבען פאַרמאַכט די חדרים און ישיבות. די ראשי ישיבה און מלמדים וועלכע באַשעפטיגען זיך אויף אַ פּריוואַטען אופן מיט לערנען ווערען פאַרשיקט אין סיביר. די רבנים ווערען פאַרהאַלטען אַלס ערבים, די שוהלען און בתי מדרשים ווערען געשלאָסען און פאַרוואַנדעלט אין קלובען. די בייזוויליגע רשעים, פאַראורזאַכען דורך אלערליי עלילות צו פאַרמאַכען די בתי תפלה און אוועקצורייסען דעם כשר׳ן ביסען פלייש פון זייערע מיילער. די יעניגע וועמעס פּרנסה איז אָפּהענגיג אויף דער הערשענדע מאַכט האָבען מורא צו אידישען זייערע קינדער. זיי זיינען אמת׳ע אנוסים. אזוי ווי אין די צייטען פון דער אינקוויזיציע זיינען זיי געצוואונגען צו זיין מסיתים און מדיחים, מחלל שבת צו זיין און צו עסען חמץ אין דער עפּענטליכ־קייט. אַזאַ טרויעריגער צושטאַנד הייסט ממשגזירת שמד וועלכעס פיהרט צו אַסימילאַציע און אונטערגאַנג חלילה!

„אונזערע געפייניגטע און גע׳רודפ׳טע ברידער דאָרטען האָבען זאגאר מורא ארויסצורעדען אַ וואָרט פון פּראָטעסט . . .

„עס איז דאריבער אונזער פליכט עפּענטליך צו פּראָטעסטירען, צו שרייען

און וועקן די עפנטליכע מיינונג און געמיינזאם מתפלל זיין, און אזוי ווי אונזערע עלטערן אזוי היינט, מיר דארפן גוזר תענית זיין . . .

ס׳ווערט דעריבער באשטימט א תענית צבור פאר׳ן ערשטן טאג סליחות. אלע זיינען אויפגעפאדערט און פארפליכטעט דעם טאג זיך צו פארזאמלען אין שוהל און אויסגיסען אונזערע הערצער פאר אונזער בארימהערציגען פא־טער. די רבנים זאלען מעורר זיין דעם עולם צו תשובה, צו מעשים טובים, צו חיזוק התורה והדת . . . ״

ער האט פאר דיזען צוועק און פאר די ימים נוראים זאגאר פארפאסט א ספעציעלע תפלה און באשטימט געוויסע קאפיטלאך תהלים וועלכע זיינען איבעראל געזאגט געווארען. די אידישע איבערזעצונג פון דער תפלה איז:

„עס זאל זיין דער ווילען פאר דיר א אונזער גאט און גאט פון אונזערע עלטערן, שטארקייט פון יעקב און הייליגקייט פון ישראל . . . דערבארים זיך אויף דיין פאלק ישראל אין אלע לענ־דער, ובפרט אויף אונזערע ברידער, די אונטערדריקטע און גע־פייניגטע איינוואוינער פון רוסלאנד! זאלסט זיי אפהיטען פון זייערע פיינד וועלכע ווילען זיי אראפפיהרען פון זייער גלויבען און זאלסט זיי רעטען פון שלעכטס און פון הונגער, פון געפאנגענ־שאפט און פון שאנדע, פון אלערליי שרעק, פיין, צער און יסורים. מיר בעטען דיר, א מלך רחום וחנון! לייז אויס די קינדער פון יעקב פון צארן, און צושטער די פלענער פון אונזערע געגענער. זעה אונ־זערע ליידען און צרות, נעם זיך אן אונזער קריוודע און מאך אלעמען באקאנט אז דו ביזט ישראל׳ס הייליגער און זייער העלפער . . .

בכלל האט דער חפץ חיים די לעצטע יאהרען געהאט שטארק פארדרוס פארוואס ער האט פארלאזען רוסלאנד. ער פלעגט זיך מצער זיין הלמאי ער האט זייענדיג אין רוסלאנד זיך ניט בפועל ממש מוסר נפש געווען פאר אידישקייט. אזא ביישפיל פאר׳ן כלל און פאדערונג וואלט דאך אריינגעבלאזען א רוח חיים אין די הערצער פון ארטיגען כלל ישראל. „איך האב באדארפט בלייבען״, — האט ער געזאגט, — „א איד דארף זיך מוסר נפש זיין פאר אידישקייט. וואס וואלטען זיין געטהאן: געשאסען? געהאנגען . . . אלצדינג וואלטען זיי געטהאן בלויז צום קערפער, און דער קערפער האט ניט קיין

פאַרנעם!" בזמן המשנה 1) האָבען עהנליכע פאַלען געפיהרט צום מסירת נפש פון די קדושי עליון. דער רעזולטאַט איז געווען, אַז טראָץ דעם, אָדער בעסער געזאָגט אַ דאַנק דעם איז געשאַפען געוואָרן דער תלמוד. אזוי איז אויך געשעהן בזמן הרי"ף, רש"י, רמב"ם ותוספות. זייערע און די ווערק פון זייערע נאָכפאָלגער זיינען געקומען נאָך די תקופות השמד אין די מדינות ספרד און אפריקא, און די קרייץ־צוגען אין די מדינות צרפת ואשכנז, פאַר דער מסירת נפש וועלכע אידען האָבען ארויסגעוויזען בעת די גזירות ת"ח ות"ט, ווען די ווילדע קאָזאַקען האָבען אויסגע׳הרג׳עט צעהנדליגע טויזענדער אידען — ווען אין כמות האָבען מיר זעהר פיעל פאַרלאָרען, האָט מען אונז פון הימעל אָפּגעצאָהלט מיט איכות כפל כפלים. דער דור דעה וועלכער איז נאָך דעם געקומען אויף דער וועלט איז געווען אַ גוט בעצאָהלטער שכר: אַ ווילנער גאון, אַ רבי עקיבא איגר, אַ „חתם ספר", אַ רבי יעקב ליסער, אַ „נודע ביהודא", אַן „אורים ותומים", אַ רב פון לאַדי, און נאָך און נאָך אונצעהנדליגע ליכטיגע שטערן אויף אונזערע פאַרכמאַרעטע הימלען . . . די וועלט איז ממש געווען פול מיט גדולים וחכמים.

לויט ווי ר׳ אלחנן וואַסערמאַן גיט איבער, פלעגט דער חפץ חיים אויך זאָגען:

„אידען האָבען פאַרזעהן בשעת ס׳האָבען זיך אָנגעפאַנגען די גזירות פון די יעווסעקעס. מ׳האָט דאַמאָלט גלייך באַדאַרפט ארויסגעהן קעגען זיי אויף מלחמה מיט מסירת נפש. אמת, עס וואָלטען טאַקע אַסך אידען אומגעקומען, אָבער דער כח פון שטן וואָלט געוואָרען אָפּגעשוואַכט. עס האָט זיך אָבער ניט געפונען ווער עס זאָל זיך מוסר נפש זיין אין מלחמה, זיינען די יעווסעקעס געוואָרען שטאַרקער".

יעדען פאַר פסח פלעגט דער חפץ חיים אויפפאָדערען אידען אין אלע לענדער צו זאַמלען געלד אויף מצות פאַר די רוסישע אידען.

„די שווערע לאגע, די ביטער עקאָנאָמישע דעפּרעסיע וועלכע הערשט איצט אין אלע לענדער פון וועלכע אידען זיינען אזוי ווי אימער די ערשטע צו

---

1) אזוי ווערט טאַקע געבראַכט אין דער הקדמה פון גרויסען דיינקער און מקובל ר׳ אבי עד שר שלום אין זיין ספר „אמונת חכמים" בשם המקובלים: ווען אונזערע חכמים, די תנאים הקדושים, נאָכ׳ן חורבן הבית האָבען איינגעזעהן אַז די מדת הדין הייננט איבער׳ן פאָלק ישראל און האָבען געוואוסט עפ"י סוד ה׳ ליראיו אַז אויב ס׳וועלען זיך נעפינען יחידים וועלכע וועלען זייערע לעבענס איינשטעלען זיך מקריב צו זיין פאַר אַ ריח ניחוח ממתיק צו זיין די דינים (לויט דער מקובלים שפּראַך) און דינען אַלס מיטעל אויפצומונטערען דאָס פאָלק געבענדיג זיי מוטה און כח ווען ס׳איז אַ עת צרה ליעקב דורכצוטראָגען יסורים און צו ראַטעווען דאָס אידענטום . . .

ליידען — פטר'ט אונז ניט פון אונזער הייליגע פליכט צו זיין אחים לצרה און זיך זאָרגען פאַר אונזערע אומגליקליכע רוסישע ברידער וועלכע זיינען טאָפּעלט נידערגעשלאָגען, גייסטיג און מאטעריעל. ווי אזוי קאָנען מיר פאַר־מאַכען אונזערע אויגען פון אונזערע ברידער, אונזער בלוט און פלייש וועלכע ליידען אזויפיל יסורים. זייער איינציגע האָפנונג איז געווענדעט צו דער הילף פון זייערע ברידער, זייערע קרובים און באקאנטע. דאריבער איז דער חוב פון יעדען איינעם צו העלפען. . ." (קול קורא לעזרה, יום ה', י"ג שבט, תרצ"ג).

אַלערליי וועגען און מיטלען האָט דער חפץ חיים געזוכט כדי צו העלפען די אידען אין רוסלאַנד. ער האָט שוין איינמאָל געהאַט זאָגאַר באשלאָסען זיך צו ווענדען צום וואַטיקאַן אין רוים און אויפפאָדערען דעם פאפסט אַז ער זאָל העפטיגער פּראָטעסטירען קעגען די רעליגיעזע פאַרפאָלגונגען אין אַלגע־מיין. ער האָט שוין זאגאר געהאט צוגעגרייט אַ בריוו קיין רוים פאַר דיזען צוועק. פאַר'ן אָפּשיקען האָט ער זיך מישב געווען און זיך צוריקגעהאַלטען פון אַזאַ שריט. עס וואָלט פיליכט פאַראורזאַכט מעהר שלעכטס ווי גוטס. די רשעים וואָלטען עס אויסגעטייטשט ווי אַ קאָנספּיראַציע צווישען די רע־ליגיעזע פיהרער פון אידענטום און להבדיל פון קריסטענטום.

דער אינהאַלט פון בריוו איז אָבער אַן און פאַר זיך אינטערעסאַנט, וועלכער לעזט זיך איבערגעזעצט פון זיין העברעאישען אָריגינאַל אזוי:

„ווי באוואוסט זיינען אַלע באשעפענישען געבראַכט געוואָרען אין עקזיסטענץ פאַר'ן כבוד הבורא ית"ש. ווי ס'שטעהט „כל הנקרא בשמי ולכבודי בראתיו יצרתיו אף עשיתיו" (ישעי' מ"ג, פסוק ז'). עס איז דאַריבער די אויפגאַבע פון מענשען וועמען דער אויבערשטער האָט באַשאָנקען מיט וויזהייט און פאַרשטאַנד צו באַגריפען און צו אנערקענען דעם באַשעפער, באַוואונדערענדיג זיין שאַפונג. אַזוי ווי ס'ווערט באַטאַנט „שאו מרום עיניכם וראו מי ברא אלה" (ישעי' מ' פסוק כ"ו), און צו וויסען זיין גוטס־קייט און גרויסקייט. דורך אַזאַ הכרה ווערט דער נאָמען פון באַשעפער באריהמט און געלויבט, „ממזרח שמש עד מבואו" (תהלים קי"ג פסוק ג'). דער בורא ית"ש דאַרף דאָס אלעס ניט פאַר זיין טובה וועגען, אזוי ווי ס'ווערט געזאָגט: „אם חטאת מה תפעל בו ורבו פשעיך מה תעשה לו; אם צדקת מה תתן לו או מה מידך יקח?" (איוב ל"ה פסוק ו', ז'). אלעס איז בלויז פאַר

אונזער טובה וועגען כדי מיר זאָלען געניסען אמת׳ע גוטס אויף דער וועלט און אויף יענער וועלט. „לטוב לנו כל הימים לחיתנו כהיום הזה״ (דברים ו׳ פסוק כ״ד).

„עס איז דאריבער די פליכט פון יעדער מענשען אַז ער זאָל אַנערקענען דעם באַשעפער און איהם וויסען לויט זיינע פעהיג־קייטען, ווייל דאָס איז דער תכלית פון דער בריאה, און דער חוב פון מענשען צו מאַכען לערנען די פאַרבלאָנדזשעטע פאַרשטאַנד צו פאַרשטעהן דעם בורא ית״ש און איהם עהרען.

„זעלבסטפארשטענדליך אַז עס איז די פליכט פון מענשען מיט אַלע מעגליכקייטען צו זעהן אַז דער כבוד הבורא זאָל ניט געשענ־דעט ווערען אין דער וועלט, ווייל דער וואָס וויל באמת פאַרשאַפען איינעם כבוד קאָן דאָך ניט צוזעהן גלייכגילטיג זיין בזיון. יעדער איבערגעגעבענער דיענער וועט זיך זעלבסט אָפּפערען כדי צו פאַרהיטען זיין קעניג׳ס בזיון.

„מיר זיינען דאָך דיענער צום בורא ית׳ וועמען מיר דאַרפען דיענען און פאָלגען. דאריבער, אויב מיר זעהן דעם בזיון פון כבוד שמים אין סאָוויעט רוסלאַנד, וועלכע איז די איינציגע גרויס מאַכט וואָס האָט ווען עס איז געוואגט זיך צו שטעלען קעגען דעם בורא דורך אזוי פיעל דערצאָרנונגען—זיי ווילען פאַרגעסען מאַכען זיין נאָמען אין דער וועלט — איז אונזער חוב צו פּראָטעסטירען מיט אַלע כחות קעגען אַזאַ פאַרברעכען, אויב ניט ווען מיר באַגעהן אן אונפאַרגעבענדע זינד.

„מיר אידען זיינען אַ קליינע און מאַכטלאָזע פאָלק אָהן אַ רעגירונגס־קראַפט. צו אונזער׳ן אַ פּראָטעסט הערט מען זיך ווינציג צו. אבער איהר, שטעהענדיג אָן דער שפּיץ פון אַ רעליג־יאָן וועלכע האָט פיעלע אָנהייגער אין אלע וועלט־טיילען, וועלען דאָך אייערע ווערטער האָבען אַ פיל גרעסערע ווירקונג.

„ביז איצט האָב איך זיך געוואונדערט אויף אייך און בכלל אויף דער מענשהייט וועלכע קוקען זיך צו אזוי גלייכגילטיג צום בזיון הכבוד פון באַשעפער און זיין תורה. זיי האָבען זיך דאָך באַדאַרפט אָפּלערנען פון די אלטערטימליכע פלישתים וועמען די קוסמים האָבען אויפגעפאָדערט צו געבען עהרע צום גאָט פון ישראל

(שמואל א׳), כדי זיי זאָלען ניט באַשטראָפט ווערען אזוי ווי פרעה און די מצריים. אָבער איצט האָב איך זיך דערוואוסט אַז איהר זיינט גרייט ארויסצוגעהן מיט אַן עפענטליכען פראָטעסט קעגען די מחללי. ד׳. איז מיין וואונש אַז דער בורא יתברך שמו זאָל אייך העלפען מצליח צו זיין אין דער ארבייט וואָס איהר טהוט פאַר זיין הייליגען כבוד וועגען. הלואי העלפט מיר דער אויבערשטער אַז איך זאָל האָבען אַ מעגליכקייט זיך מוסר נפש צו זיין כדי צו עהרען און פאַרהייליגען זיין הייליגען נאָמען!

„איך וואַג זיך צו ווענדען מיט דיזער שריפט לרום מעלתו וועגען אַזאַ וויכטיגען ענין מיט אַזעלכע דבורים ווייל דער אויבערשטער האָט מיר מזכה געווען צו זיין דער זקן הדור ביי מיין פאָלק. איך האָב פאַרפאַסט דרייסיג חבורים פאַר׳ן כבוד הבורא יתברך און זיין תורה וועלכע זיינען ב״ה פאַרשפרייט צווישען פאָלק ישראל. דאריבער האָב איך עס געפונען פאַר מיין פליכט איהם דאָס אויפמערקזאם צו מאַכען וועגען דעם, ווייל אויב איך וועל שווייגען קאָן עס מיר פאַררעכענט ווערען פאַר אַ זינד...״

**דער חפץ חיים אין זיין צדקות און תמימות האָט זיך פאַרגעשטעלט, אַז אזוי ווי ער, ווערען אנדערע אויך ניט דיקטירט אין זייער „לשם שמים״ ארבייט ביי פאָליטישע מאָטיוועז אָדער כבוד־המדומה׳דיגע ערוואַרטונגען.**



הרב ר׳ יצחק מנחם דאנציגער,
אלעקסאנדער רבי



הרב ר׳ אברהם מרדכי אלתר,
גערער רבי



הרב ר׳ אהרן רוקח — בעלזער רבי



הרב ר׳ יצחק אייזיק הלוי הערצאָג
רב הכולל פון ארץ ישראל



הרב ר׳ יחיאל מרדכי גארדאָן,
ראש ישיבה — לאמזע



הרב ר׳ ברוך דוב לייבאוויץ | הרב ר׳ שמעון שקאָפּ
ראש ישיבה קאַמיניץ | ראש ישיבה גראָדנע
ווי זיי זיצען פּאַרטיפטע רעדענדיג אין לערנען



הרב ר׳ אברהם טראָפּ ראש ישיבה ראַדין

אין דער אויבערשטער רייהע : **די אדמורי״ם וועלכע האָבען זיך**
**באַטייליגט אין דער דעלעגאַציע צום פּרעמיער מיניסטער**

יח.

# צום פוילישען פרעמיער מיניסטער

אין יאָהר תר״ץ האָט די פוילישע רעגירונג געהאַלטען ביים פאַרעפענטליכען נייע רעזאָלוציעס בנוגע אידישע רבנים און לעהרער. לויט דיזע גזירות וואָלטען רבנים צוזאַמען מיט זייער סמיכה אויך געמוזט באַזיצען אַ דיפּלאָם אויף וועלטליכע בילדונג (אַכט קלאַסען גימנאַזיע). מסמיך צו זיין אויף רבנות וואָלטען געקאָנט בלויז אייניגע פון דער רעגירונג באַשטימטע רבנים; מלמדים וואָלטען אויך געמוזט האָבען אַ געוויסע בילדונג צענז (זעקס קלאַסען גימנאזיע). אויך האָט באַדאַרפט געגרינדעט ווערען אַן אויבער־ראַטה פון די קהלות וועלכער וואָלט געהאַט צו זאָגען איבער׳ן רעליגיעזען לעבען פון גאנצען לאַנד.

דער חפץ חיים האָט אַזעלכע גזירות בעטראַכט אַלס אַ סכנה פאַר׳ן קיום היהדות. זיין שטאַנדפּונקט איז געווען אַז די רעגירונג טאָר זיך אין אַזעלכע היימישע און ריינע אידיש־ רעליגיעזע ענינים ניט אריינמישען. דאָס באַלאַנגט צו די אידישע קהלות זיך אליין איינצואורדונען אין איינקלאַנג מיט די אידישע טראַדיציעס.

עס האָט זיך דאמאלט אויך געהאַנדעלט וועגען דעם אַז די רעגירונג זאָל ערלויבען האַלטען אָפען די געשעפטען זונטאג פאַר די וועלכע האַלטען פאַר־מאַכט שבת.

ראשית כל האָט דער סבא קדישא פאַררופען אַן אספה אין ראדין פון אַלע ראשי הישיבה פון) די גרויסע ישיבות, כדי זיך מיט זיי צו באַראַטען וועגען די שריט וואָס דאַרפען אָנגענומען ווערען. ער האָט פון אַלע פאַר־זאַמעלטע געפאָדערט צו אַרבייטען קעגען די גזירות מיט מסירת נפש.

ביי דער אספה האָט דער ראדינער ראש הישיבה הגאון ר׳ משה לאנדינסקי שליט״א מציע געווען זיין מיינונג אַז דער חפץ חיים אַליין מוז פאָהרען קיין וואַרשא כדי זיך משתדל צו זיין קעגען די גזירות, אַנדערש וועט מען גאָרניט פועל זיין. אויף דעם האָט דער חפץ חיים אַ ציטער געטאָהן און געזאָגט: „איך בין טאַקע גרייט צו געהן אויף מסירת נפש, אָבער ווי אזוי פארלאַנגט איהר אַז איך, אַן אַלטער מאַן (ער איז שוין דאַן געווען עטליכע און נײַנציג

יאָהר אַלט) זאָל זיך אונטערנעמען צו מאַכען אַזאַ שווערע נסיעה?" אויך זיינע בני בית האָבען מקפיד געווען אויף ר' משה'ן פאַר זיין פאָרשלאַג. נאָך אַ ישוב הדעת מיט הגאון ר' חיים עוזר שליט"א איז מוסכם געוואָרען צו שיקען קיין וואַרשא אַ דעלעגאַציע פון צוויי אַנטיילנעמער אין דער אספה: נעמליך, די גאונים ר' ברוך דוב לייבאָוויץ שליט"א, דער ר"מ פון כנסת בית יצחק אין קאַמעניץ, און ר' אלחנן וואסערמאן, דער ר"מ ישיבת אהל תורה אין באַראַנאָוויץ. דיזע שלוחים האָבען זיך באַדאַרפט אין וואַרשאַ באַראַטען מיט די אָרטיגע רעליגיעזע פאָרשטעהער און אויסאַרבייטען פלענער ווי אזוי צו פועל'ן ביי דער ממשלה מבטל צו מאַכען איהרע געפּלאַנטע גזירות.

ליידער האָבען די שלוחים גאָרניט פועל געווען. דער חפץ חיים איז געוואָרען זעהר אומרוהיג. עס האָט איהם פאַרדראָסען פאַרוואָס ער האָט גלייך ניט אָנגענומען דעם פאָרשלאַג פון ר' משה'ן אַז ער זאָל אליין פאָהרען. ער האָט זיך געבעטען ביי זיינע נאָהענטע תלמידים זיי זאָלען רחמנות האָבען און איהם ברענגען קיין ווארשא. די בני בית האָבען אָבער פּראָ־טעסטירט אַז צוליב זיין שלעכטען געזונד־צושטאַנד איז געפעהרליך פאַר איהם צו פאַרלאָזען זיין היים און מאַכען אַזאַ לאַנגע רייזע. עס איז דאַן געווען אין חדש טבת, אין רעכטען מיטען ווינטער, און צוליב'ן שלעכטען וועטער איז זיי געלונגען אָפּצוציהען און אָפּצולייגען די רייזע פון איין טאָג אויפ'ן אַנדערען. אין אַ געוויסען טאָג איז אָנגעקומען אַ טעלעגראַמע פון זיינעם אַ ספּעציעלען שליח — וואָס ער האָט נאָכהער נאָכאַמאָל געשיקט — דאָס עס איז גאָר ניט מעגליך עפּעס אויפצוטהאָן, סיידען דער חפץ חיים אליין זאָל קומען. די בני בית האָבען באשלאָסען די ידיעה פון איהם צו בעהאַלטען ווייל ער האָט דאַמאָלט זיך געפיהלט זעהר שוואַך.

אָבער פּלוצלונג האָט דער חפץ חיים צוזאַמענגערופען זיינע בני בית, זיינע נאָהענטע תלמידים און פריינד און געזאָגט צו זיי: „איך בעט אייך, האָט אויף מיר רחמנות און ברייינגט מיר קיין וואַרשא, ווייל איך קאָן ניט זיצען דאָ רוהיג בעת איך הער פון אַזעלכע גזירות. איך קאָן זיך ניט פאַרלאָזען אויף שלוחים. דאָס איז פאַר מיר אַ מלחמת־מצוה און מען דאַרף אליין געהן אין פראָנט און ניט יוצא זיין מיט'ן שיקען אנדערע. ווי קאָן איך דאָ זיצען במנוחה ווען דער קיום פון אונזער תורה איז אין געפאַהר". קיינער האָט שוין מעהר ניט געוואַגט איהם אָפּצוהאַלטען פון זיינע פלענער און מען האָט זיך אָנגעפאַנגען צוצוגרייטען צו דער רייזע.

די ענערגיע פון חפץ חיים איז ממש געווען צו באַוואונדערען. זיינע הכנות צו דער נסיעה זיינען געווען איבער זיינע כחות. געזעגענענדיג זיך מיט זיינע בני בית האָט ער זיי געזאָגט דאָס עס איז מעגליך אַז צוליב זיין שטאַרקען ווידערשטאַנד קעגען דער רעגירונג וועט מען איהם אַרעסטירען און אריינזעצען אין תפיסה. ער איז אָבער אויף אַלץ גרייט.

פאָהרענדיג אַ גאַנצע נאַכט אויפ׳ן באַהן האָט ער די גאַנצע צייט געהאַלטען אין איין אַרומרעדען פאַרשידענע פּלענער, און בין הדברים האָט ער מתפלל געווען אַז השי״ת זאָל מצליח זיין זיין נסיעה. כ״ה טבת אין דער פריה איז ער אָנגעקומען אין וואַרשא און האָט ניט ארויסגעוויזען קיין מידקייט, נאָר האָט זיך גלייך גענומען צו דער אַרבייט.

דאָרט איז באשלאָסען געוואָרען צו רופען אַ קאָנפערענץ פון אַלע וויכטיגע רביים (אדמו״רים) און רבנים חשובים פון גאַנץ פוילען. עס זיינען גלייך געקומען צווישען אַנדערע די רביים פון גער, אַלעקסאַנדער, בעלז 1) און די רבנים פון קאליש, קראקאָ און לובלין; די ראשי הישיבה פון גראָדנא, קלעצק, קאמעניץ, מיר, באראנאָוויץ און ראדין.

דערצעהלט הרב ר׳ מאיר ברלין, וועלכער איז דאַן גראַד געווען אין דער פוילישער הויפּט שטאָדט אלס אַן עד ראיה:

„דער קומען פון חפץ חיים אין וואַרשא האָט אויפגערודערט די גאַנצע אידישע באַפעלקערונג. אַלע האָבען גערעדט וועגען איהם, וועגען זיין אַרט לעבען און וועגען זיין אומבאַגרעניצטע ענערגיע אין זיין הויכען עלטער. די גאַנצע גאַס פון דעם האָטעל וואו ער האָט געוואוינט איז געווען באַלאַגערט פון מענשען. הונדערטע אידען, אמעהרסטענס יוגענד, אָבער אויך מיטעל־יעהריגע און אַלטע האָבען דאָרטען ניט געפעהלט. זיי זיינען געשטאַנען שוין לאַנג אויף דער גאַס, אבי דערוואַרטען זיך צו געבען אַ קוק אויף דעם גרויסען אַלטען, ווען מען וועט איהם ארויסטראָגען אויפ׳ן גאַס. אזוי ווי אין גאַס, אזוי אויך אין די צימערען פון האָטעל. ארום זיין חדר וואו ער איז געווען זיינען איבערפילט געווען מיט מענשען. כמעט אַלע ראשי ישיבה

1) ווען דער בעלזער רבי האָט ערהאַלטען אַ טעלעגראַפישע איינלאַדונג פון חפץ חיים צו קומען צו דער אספה, האָט ער אלס זיין פאַרטרעטער געשיקט דעם טאַרנאָפּאָלער רב. דער לעצטער איז באַאויפטראַגט געוואָרען זיך צו דערוויסען פון חפץ חיים צו עס איז דורכאוים נויטיג אַז דער רבי אליין זאָל קומען. אויף דעם האָט דער חפץ חיים געענטפערט: „איך זאָג נישט אַז דער בעלזער רבי מוז קומען. איך זאָג נאָר אַז דער איד וואָס איז גרייט זיך מוסר נפש צו זיין פאַר כבוד־שמים דאַרף קומען!...
פאַרשטעהט זיך, אַז דער רבי איז גלייך געקומען צו דער אספה.

פון פוילין. זעהר פיעל רבנים און אַ גרויסע צאָהל עסקנים האָבען געוואַרט צו הערען עטוואָס אָדער צו בעטען עטוואָס פון דעם חפץ חיים. ער אליין האָט נאָך פיעל קלענער אויסגעזעהן ווי מיט יאָהרען צוריק, מען האָט מעהר געפילט אַז זיין נשמה טראָגט זיך ארום ווי עס איז געווען צו זעהן גוף. אויך זיין שמיעה איז שוין געווען ווייט ניט צופרידענשטעלענד. דאָס מערק־ווערדיגסטע איז אָבער געווען, ווען מ׳האָט מיט איהם גערעדט האָט מען גע־מוזט באַוואונדער זיין געזונדקייט אין גייסט, און זיין שטאַרקייט אין מיינונג, און איבער אַלס, דעם זכרון וואָס ער האָט באַזעסען . . .

זעהענדיג דעם אונגעהויער גרויסע כבוד און אַנערקענונג וועלכע דער חפץ חיים האָט געהאַט, און באַוואונדערענדיג זיינע גרויסע פעהיגקייטען, ניט נאָר אין צדקות און אין תורה נאָר אויך אין אָריענטירען זיך אין אַ וועלט־ליכען פראָבלעם — וועלכע נאַטירליך האָט צו טהאָן מיט אידישקייט — האָט מען געמוזט קומען צום באשלוס אַז מען האָט צו טהאָן מיט אַן אויסערגע־וועהנליכען מענשען וועלכער האָט דעם זכות צו טראָגען ניט נאָר דעם ״כתר כהונה״ און דער „כתר תורה״, נאָר אויך אַ מין שטאַרקע מאַגנעטישע קראַפט, שטאַרקער מאַראַלער כח וועלכער גרעניצט זיך מיט „כתר מלכות״ פיהרער־שאַפט און אויטאָריטעט . . . ״

עס איז ממש ניט צו פאַרשטעהן פון וואַנען דער אַלטינקער האָט געשעפּט אזוי פיעל כח און ענערגיע. מען דערצעהלט אַז ער איז אין יענע טעג געווען טעהטיג פון 18 ביז 20 שטונדע מעת לעת. ער האָט זיך באַטייליגט אין אַלע הכנות צו דער פאָרשטעהענדער קאָנפערענץ. דורך איהם זיינען דורכגעגאַנגען אַלע פּלענער. ער האָט טעגליך פאַרבראַכט אין שמועסען מיט צעהנדליגע דעלעגאַציעס און הונדערטע פּערזאָנען. מיט יעדער גרופּע פאַרזאַמעלטע האָט ער געפיהרט אַנדערע געשפּרעכען און יעדען האָט ער צוגעטראָפען צום ציעל. לויט זיין וואונש און אונטער זיין השפעה איז דאַן צושטאַנד געקומען אַ שלום צווישען די רביים פון גער און אַלעקסאַנדער, פאַרענדיגענדיג אַ לאַנג יעהריגען שטרייט צווישען דיביידע חסיד׳ישע דינאַסטיעס אין פוילין.

מאָנטאַג, ר״ח שבט תר״ץ האָט דער חפץ חיים געעפענט די אספה. ער האָט געפאָדערט פאַראייניגונג און מסירת נפש פון אַלע פאַרזאַמעלטע. ער האָט פאַרגעלייגט אַז די קאָנפערענץ זאָל אויסקלייבען אַ דעלגאַציע וועלכע זאָל זיך ווענדען צו דער רעגירונג און פאָדערען פון איהר, מיט די שטאַרקסטע ווערטער, אַז אין ריין רעליגיעזע אַנגעלעגענהייטען זאָל זי ניט ארויפצווינגען

איהרע מיינונגען און גזירות. זיינע ווערטער וועלכע ער האָט גערעדט מיט ברענענדיגע התלהבות האָבען דורכגענומען און דערוואָרימט יעדער האַרץ.

אין זיינע רייד האָט ער צווישען אנדערס דאָן באַטאָנט: „איצט זעה איך אז איהר זייט אלע מסכים מיט מיינע רייד, אָבער שפּעטער, ארויסגעהנדיג פון דאַנען, ווען מען וועט דאַרפען אַלעס פארווירקליכען למעשה, האָך איך מורא טאָמער וועט איהר ח"ו זיך פאַר עפּעס דערשרעקען און זוכען זיך ארויסצורוקען און איבערלאָזען מיר אליין; לכן וועל איך אייך דערמאָנען וואָס רש"י זאָגט אין פּרשת שמות — אַז לכתחילה האָבען די זקני ישראל מסכים געווען צו באגלייטען משה'ן צו פרעה'ן, אָבער ווען זיי האָבען זיך דערנעהנטערט צום חצר המלך האָבען זיי מורא געהאַט איהם ווייטער נאָכצופאָלגען, און זיי האָבען זיך דאריבער ארויסגערוקט איינציגווייז ביז משה איז געבליבען אליין מיט אהרן צו געהן צו פרעה'ן. די זקני ישראל זיינען דאריבער באשטראָפט געוואָרען. „ונגש משה לבדו והם לא יגשו, החזירם לאחוריהם" — משה'ן אליין האָט השי"ת צוגעטהיילט דעם תענוג און כבוד ער זאָל צוגעהן נאָהענט צום באַרג סיני, אָבער זיי זיינען פארבליבען פון דער ווייטען".

דער חפץ חיים האָט דאריבער זיי געוואָרענט אויב איינער וועט ח"ו אוועקגעהן און איהם לאָזען אליין זאָל ער וויסען אַז אויך לעולם הבא וועט מען איהם דערווייטערען פון זיין פּאַסיגען אָרט.

זעלבסט פאַרשטענדליך אַז אלע זיינען געווען איינפאַרשטאַנען אַז אָהן חפץ חיים איז ניטאָ קיין האָפנונג עפּעס פועל צו זיין.

אויף אַלעמענס פארלאַנג האָט דער סבא קדישא געגומען אויף זיך די שליחות צוזאַמען מיט די רביים ר' אברהם מרדכי אלתר פון גער, ר' אהרן רוקח פון בעלז, ר' יצחק מנחם דאנציגער פון אַלעקסאַנדער, סיים דעפּוטאַט מענדעלסאָן און הערר שרייבער. זיי האָבען אין דעם טאָג באַזוכט דריי מיניסטאָרען. מיר וועלען זיך דערהויפּט אָפּשטעלען אויף זייער באזוך ביים דאמאלטיגען פרעמיער מיניסטער בארטעל.

דעם חפץ חיים האָט מען ארייגעטראָגען אויף אַ שטוהל, ווייל ער האָט דאַן פשוט ניט געקאָנט ארומגעהן אויף זיינע פיס צוליב אַלטקייט און שוואַכ־קייט. ער איז געווען דער ראש המדברים בכל מקום, ווייל אזוי האָבען די רביים געזאָגט פאַר די מיניסטאָרען אַז ער איז זייער פיהרער און דער רעליגיעזער פיהרער פון דאָס אידישע פאָלק.

דער חפץ חיים האָט צום פרעמיער בארטעל גערעדט אין אידיש און האָט צווישען אַנדערעס געזאָגט:

„דער מדרש דערצעהלט, אַז כורש האָט געבויט דעם בית המקדש דערפאַר וואָס ער האָט פריהער באוויינט דעם חורבן פון בית המקדש. מיט 63 יאָהר צוריק בין איך געווען אַן עדות ווי מען האָט אין מיין שטעדטעל דורכגעפיהרט פּאָליאַקען געשמידט אין קייטען. צאַרישע קאָזאַקען און זשאַנדאַרען האָבען זיי געשמיסען און געטריבען קיין סיביר. די דאָזיגע טראַגישע בילד האָט מיר צובראָכען, איך בין אריין אין אַ באזונדער חדר און מיט טרערען אין די אויגען געפרעגט: „רבונו של עולם, די מענשען, אָט די דאָזיגע פּאָליאַקען זיינען דאָך גערעכט. זיי ווילען לעבען פריי זייער אייגענעם לעבען. פאַרוואָס׳זשע קומט זיי צו פייניגען? איך האָב זיך דאַמאָלט מצער געווען אויפ׳ן חורבן פון פוילישען „מיאטעזש״ (אויפשטאנד) דערפאַר האָב איך זוכה געווען צו זעהן ווי פוילין איז אויפגעריכט געוואָרען. ווילט איהר, אַז איך זאָל זיך נאָכאַמאָל דאַרפען מצער צו זיין צוליב פוילין...? והאלקים יבקש את הנרדף — דער אויבערשטער נעהמט זיך אָן פאַר די עולה פונ׳ם גע׳רודפ׳טען, דאַרפט איהר דאָך ניט וועלען זיין איצט קיין רודפים אויפ׳ן פאָלק ישראל. פארגעסט ניט, העדר פרעמיער, אַז עס וועט קומען אַ צייט ווען דאָס אידישע פאָלק וועט אויך אויפגעריכט ווערען און דער רבונו של עולם וועט זיי באפרייען פון זייערע באַדריקער. דאַרפען דאָך די פּאָליאַקען וועלכע זיינען באַפרייט געוואָרען פון זייערע פייניגער וויסען אונז גוט צו באהאַנדלען. איהר דאַרפט אונז ניט שטערען צו לעבען אונזער אייגענאַרטיגען לעבען . . . ״

דעפּוטאט (קאָנגרעסמאַן) מענדעלסאָן, האָט דאַן געוואָלט די ווערטער פון חפץ חיים איבערזעצען אויף פויליש, דארויף האָט פרעמיער באַרטעל באַמערקט:

„ס׳איז ניט נויטיג, דער רבי רעדט פון טיעפען האַרצען, און האַרץ־שפּראַך האָט אַ טבע אַז מען פארשטעהט עס אויף אַלע לשונות, אפילו אָהן ווערטער״.

דער מיניסטער איז ווירקליך גערירט געוואָרען פון חפץ חיים׳ס האַרציגע ווערטער. ער האָט פאַרשפּראָכען צו ערפיהלען די בקשה פון דער דעלעגאַציע וויפיל ער וועט נאַר קענען.

וואָס ס׳איז ניט געלונגען די אָרטאָדאָקסישע פּאָליטיקער אויסצו׳פועל׳ן, האָט אויסגעפיהרט ביי דער רעגירונג דער אלטיטשקער חפץ חיים מיט זיינע קלוגע פשוט׳ע און תמימות׳דיגע ווערטער.

עד היום איז די אָפיציעלע פאָדערונג פון אַ רב אַז ער מוז קאָנען פויליש רעדען און שרייבען. אַ מלמד דאַרף האָבען אַ באַשטעטיגונג פון אַ רב אַז ער איז רעליגיעז, עהרליך און פאַסיג פאַר זיין פאַך. דער אויבער ראטה פאַר וועלכעס דער חפץ חיים האָט זיך מעהר ווי אַלעס געשראָקען (כידוע האָבען די קהלות איבעראל אַ באַדייטענדע פאַרטרעטערשאַפט פון פרייע עלעמענטען), איז פון דער רעגירונג אין איינקלאַנג מיט'ן חפץ חיים'ס בקשה פאַרוואָרפען געוואָרען 1).

1) דערצעהלט דער גאון ר' אהרן קאטלער, ראש ישיבה פון קלעצק, וועלכער איז דאַן געווען מיט'ן חפץ חיים אין ווארשא. פאַר זיין אפפאָהר איז ער ארויפגעגאנגען זיך צו געזעגענען מיט'ן חפץ חיים. האָט דער חפץ חיים האַלטענדיג זיין האנט, באַריהרט די פּראָבלעמען וועלכע זיינען באַהאַנדעלט געוואָרען במשך פון דער אספה. אין מיטען שמועס האָט דער חפץ חיים באַמערקט: „מ'דאַרף אויך וויסען אַז ווען מען פאַנגט אָן אַ מסכת צו לערנען דאַרף מען איהר ענדיגען", און האָט ווייטער פאָרגעזעצט זיין שמועס. אַ דערציטערטער איז ר' אהרן געוואָרען, ווייל גראד האָט פּאַסירט, אַז אויסער די אָפיציעלע מסכת וועלכער ער לערנט צוזאַמען מיט דער ישיבה, האָט ער פילע מאָל אַנגעפאַנגען אייניגע מסכתות און זיי ניט פאַרענדיגט. ער אליין האָט מכח דעם מיט קיינעם קיינמאָל ניט גערעדט און קיינער האָט דוכט זיך איהם פון דעם ניט געקאָנט וויסען, — אָבער „סוד ד' ליראיו".

ווען ר' אהרן האָט עס דערצעהלט פאַר הגאון ר' אלחנן וואסערמאַן האָט איהם דער לעצטער איבערגעגעבען אַז מיט איהם האָט אויך אַן עהנליכע זאַך פּאַסירט, ער האָט איין מאָל אונערוואַרטעט צו איהם באַמערקט: „מיר האַלטען זיך פאַר לומדים, ווי אזוי קאָן מען אויב אפילו מען פאַרפעהלט אפילו בלויז איין מסכת, נזיר צו אַן אנדערע?" גראד האָט ביז יענער צייט ר' אלחנן געהאַט פאַרנאַכלעסיגט פון גאַנץ ש"ס די מסכת נזיר און די אַנדערע וועלכע דער חפץ חיים האָט דאַן דערמאַנט, ניט האָבענדיג זיי דורגעלערנט ווי געהעריג.

יט.

# די אספת הרבנים אין ווילנע

אויף דער איניציאַטיוו פון חפץ חיים איז גערופען געוואָרען אַ פאַרזאַמלונג פון אַלע רבנים און ראשי ישיבה אין די קרעסען (ווילנער, גראָדנער און סובאלקער ראיאָן) אין ווילנע ג׳ סיון תר״ץ כדי צו געפינען עצות און מיטלען צו פאַרשטאַרקען מאַטעריאל די ליידענדע תורה אַנשטאַלטען, פאַרגרעסערען די אַרבייט פאַר שמירת שבת, זוכען אַן עצה קעגען די זונטאג־רוה גזירה פון דער רעגירונג, פראָטעסטירען קעגען דעם געפלאַנטען קאַלענדאַר רעפאָרם, און בכלל האָבען אַ שטאַרקען פאַראייניגטען ראַבינאַט.

דער גאַנצער עולם האָט מיט שפּאַנונג געוואַרט אויפ׳ן זקן שבחבורה. ווען דער חפץ חיים איז אריין אין זאַל האָבען זיך אַלע אויפגעשטעלט. דער אַלטער דרוזקעניקער רב ר׳ שלמה גארדאן איז דאַן צוגעגאַנגען צו איהם און האָט אויפ׳ן קול געמאַכט די ברכות „שהחיינו" און „שחלק מחכמתו". אַלע זיינען פייערליך געבליבען שטעהן דורכגענומען מיט אַ זעלטענער יראת הכבוד.

דער גאון ר׳ חיים עוזר האָט דאַן געעפענט די אספה. ער האָט באַטאָנט אַז די פאַרזאַמלונג איז גערופען געוואָרען אויפ׳ן פאַרלאַנג פון חפץ חיים. „דיזער מאָמענט וואָלט דאריבער באַדאַרפט זיין אַ געלעגענהייט פון שמחה. צו אונזער גרויסען וועהטאג, געפינען מיר זיך איצט אין אַזאַ שווערען מצב אַז עס נעמט גאָר קיין פרייד ניט. אין רוסלאַנד ברענט מען ספרי תורה און מען פאַרשיקט קיין סיביר פאַר לערנען תורה. פון בעסטען און שעהנסטען ווינקעל וואָס מיר פאַרמאָגען — אונזער היימלאַנד ארץ ישראל — הערט מען כסדר בשורות רעות.

„אונזער אויפגאַבע דאַרף דאריבער זיין צו געפינען מיטלען ווי אזוי צו פאַרבעסערען דעם עקזיסטענץ פון די מוסדות התורה, דער רוח החיים, דער קוואַל פון אונזער מוטה און שטאַרקייט".

פאַרשטעלענדיג דעם חפץ חיים האָט דער רעדנער באַמערקט:

„די משנה אין יומא זאָגט: „כהן גדול בקש להתנמנם פרחי כהונה מכין

לפניו באצבע צרידה"; ווען דער כהן גדול האָט געוואָלט די נאַכט פון יום כפור איינדרעמלען פלעגען די יונגע כהנים וועקען איהם דורך זייערע קלאַנגען פון קלאַפּען מיט די פינגער. עס איז צו באַוואונדערען אַנשטאַט מיר די יונגע זאָלען וועקען דעם אַלטען כהן גדול פון אונזער צייט און ניט דערלאָזען אַז ער זאָל איינדרעמלען, איז פונקט פאַרקערט — ער גאָר האַלט כסדר אין וועקען די פרחי כהונה, ער לאָזט אונז ניט איינשלאָפען . . ."

דער חפץ חיים פאַנגט דאַן אָן טיילווייז אזוי:

„בשעת שאול האָט אויפגעבראַכט שמואל'ן פון קבר, האָט איהם שמואל געפרעגט, למה הרגזתני? — צו וואָס שטערסטו מיין רוה? האָט איהם שאול געענטפערט אַז עס איז אַ שלעכטע צייט פאַר אידען, עס איז אַן עת מלחמה און ער האָט שוין אָנגעווענדעט אַלע מיטלען און יעצט איז ער געצוואונגען געווען אָנצואווענדען אָט דעם לעצטען מיטעל . . .

„אזוי ווי דאַן איז געווען אַ צייט פון מלחמה אזוי איז עס אויך איצט — מלחמה לה' בעמלק מדור דור — אויף צו פיהרען אַ מלחמה דאַרף מען צו ערשט אָנגרייטען שפייז פאַר דער אַרמעע — די בני הישיבה . . ."

וועגען רוסלאַנד האָט דער חפץ חיים גערעדט מיט הייסע טרערען: „אויפ'ן פסוק נשים רחמניות בשלו ילדיהן, זאָגט דער מדרש אַז בעת'ן חורבן האָט יעדער אידישע מוטער אָפּגעריסען דעם ביסען פון זיך און פון די קינדער און עס אָפּגעגעבען פאַר די גאָר אָרימע און הונגעריגע, און דורך דעם איז זיי געלונגען צוריקצוהאַלטען די מדת הדין פאַר אַ לאַנגע צייט".

צוליב דעם וואָס דער חפץ חיים האָט זיינע רייד גערעדט זעהר שטיל וועלכע בלויז די גאָר נאָהענטע האָבען געהערט, האָט הגאון ר' ברוך בער לייבאָוויץ איבערגעזאָגט הויך דעם חפץ חיים'ס ווערטער, וועלכע האָבען טיעף געריהרט אַלעמענס הערצער מיט זייער ערנסטקייט און עקסטאַז.

מערקווירדיג, ווילנע פלעגט דער חפץ חיים באַזוכען מעהר אָפט איידער אנדערע שכנות'דיגע שטעדט. ווילנע האָט ער באַטראַכט אלס זיין צווייטע היימאַט נאָך ראַדין. וואוהין ער פלעגט קומען צוליב זיינע פּערזענליכע עסקים, צוליב זיין ישיבה, און באַזונדער אויף די פאַרשידענע אספות פון רבנים און עסקנים. דאָך ווען נאָר ער פלעגט באַזוכען ווילנע פלעגען די אָרטיגע אידען איהם תמיד מקבל פנים זיין אזוי ווי ער וואָלט געווען אַ זעלטענער גאַסט, זיי פלעגען איהם באַגריסען מיט אויסערגעוועהנליכע חביבות און יראת הכבוד. ס'פלעגען זיך אויף זיין אכסניה פאַרזאַמלען מחנות מענשען

צו כאַפּען אַ קוק אויפ׳ן צדיק, אזוי ווי זיי וואָלטען איהם פריהער גאָרניט האָבען געקאָנט.

איינמאָל געהענדיג אין גאַס מיט זיין איידים ר׳ הירש, האָט ער אויפ־הויבענדיג די אויגען דערזעהן ווי מענשען לויפען נאָך איהם, האָט ער תמימות׳דיג געזאָגט צו זיין איידעם — „ר׳ הירש, זאָלען מיר אריין ערגעץ אין אַ הויף, ס׳איז דאָך אַ חרפה, מ׳לויפט דאָך אונז נאָך אזוי ווי מיר וואָלטען געווען משוגעים״.

באַזונדערס אין די לעצטע יאָהרען פלעגט דעם חפץ חיים זעהר אָפט אויסקומען צו באזוכען ווילנע צוליב די אָפטע אספות פון רבנים און ראשי ישיבה וועלכע פלעגען דאָרט פאָרקומען.

אונגעהויער גרויס פלעגט זיין דעם חפץ חיים׳ס טיעפע ליבע און פאַרעהרונג פאַר דער „ירושלים דליטא״, דאָרטען וואו ער האָט פאַרבראַכט זיינע יוגענד יאָהרען, וואו זיין יונגער מח האָט פאָרגעזעצט שפינען די פּראַכטפולע פעדים פון איהרע גלאָררייכע טראַדיציעס מיט איהרע אייגענ־אַרטיגע גדולים און גייסטיגע ריעזען. ער פלעגט דאריבער שטענדיג מוטהיג מאָנען און פאָדערען פון ווילנער אידען צו בלייבען טריי צו איהר ערוואָרבענעם נאָמען און מיט זייער אָפּפערונג פאַר דער תורה און יהדות דינען אלס מוסטער צום גאַנצען פאָלק.

כ.

# מ׳קומט צו איהם

ביי די אָפטע אספות פון רבנים, ראשי ישיבה און כלל טהוער, פלעגט דער חפץ חיים מיט זיינע לעצטע כחות זיך אָנשטריינגען פערזענליך אָנוועזענד צו זיין. די לעצטע יאָהרען ווען ער איז פיזיש געוואָרען וואָס ווייטער אַלץ שוואַכער פלעגט ער מאַנכעס מאָל איינלאַדען אָדער אויפפאָדערען געוויסע פיהרער צו קומען צו איהם קיין ראדין כדי זיך מיט זיי מיישב זיין וועגען וויכטיגע ענינים.

פילע גדולים פלעגען אויסנוצען יעדע מעגליכע געלעגענהייט כדי איהם צו באזוכען.

עס איז געווען אין מיטען זומער ווען דער חפץ חיים איז געווען אויף אַ דאטשע אין זשירמון ניט ווייט פון ראדין. ער האָט געפּלאַנט צו אָרגאַניזירען אַ הילפס־טהעטיגקייט פאַר די נויטליידענדע אידען אין רוסלאַנד. האָט ער פאַר דעם צוועק איינגעלאַדען דעם גאון הדור ר׳ חיים עוזר גראדזענסקי פון ווילנע.

אויפ׳ן קומען פון חשוב׳ן גאַסט, וועמען ער האָט אַלעמאָל באַטראַכט אַלס זיינעם אַן אייגענעם און אמת׳ן גוטען פריינד, האָט ער געוואַרט מיט גרויס ,אומגעדולד און האָט זיך לכבודו איהם מקבל פנים צו זיין, אָנגעטהאָן אין בגדי שבת.

ווען ר׳ חיים עוזר איז אריין צו איהם אין הויז, האָט דער חפץ חיים זיך מיט איהם צוקושט און זיך אויסגעוועהנליך געפרעהט.

איינער פון די אָנוועזענדע תלמידים האָט דאַן באַמערקט: „רבי, איצט וועלען מיר שוין קאָנען דאַוונען מנחה בצבור, ווייל מיר האָבען שוין אַ צעהנטען צום מנין״, מיינענדיג דעם גאַסט.

דאָס דערהערענדיג, האָט זיך דער חפץ חיים אָנגערופען: „עס ווערט אין ערגעץ ניט דערמאָנט אַז מען זאָל אַ גאַסט פרעגען צו ער וויל דאַוונען, מ׳דאַרף איהם בלויז פרעגען צו ער וויל עסען, טרינקען אָדער גאָר זיך

אָפּרוהען". און אזוי רעדענדיג האָט ער זיך געווענדעט צום גאַסט: „ר' חיים עוזר, איהר וועט אפשר עפּעס צובייסען אָדער טרינקען?"

„ניין, אַ דאַנק"!, האָט איהם דער גאון געענטפערט. „אויב אזוי", האָט דער חפץ חיים צו איהם געזאָגט, „בעט איך אייך איהר זאָלט זיך גיהן אַביסעל אָפּרוהען. איהר זיינט דאָך געוויס פאַרמאַטערט פון וועג און זיינט דאָך פּטור פון תפלה בצבור"! און דער חפץ חיים פערזענליך, אויף וויפיל זיינע פיזישע כחות האָבען איהם ערלויבט, האָט געזוכט משמש צו זיין דעם גרויסען אורח וועמען ער האָט ליב געהאַט ממש אהבת־נפש 1).

דעם חפץ חיים'ס זעלטענע זריזות אין די לעצטע יאָהרען פון זיין לעבען איז געוועזן אויסערגעוועהנליך. ער האָט דאַמאָלט געפיהלט ווי איינער וועלכען מ'האָט צופעליג ערלויבט צו פארבלייבען אויף נאָך אַ קליינע ווייל אין אוצר המלך פון וואנעט מ'קאָן יעדער רגע צוריקרופען. „טאָ ווי קאָן מען שלאָפען און אין זינען האָבען עסען"? ער האָט ממש ניט גערוהט אין זיינע פיבער־האַפטיגע טהעטיגקייטען לטובת היהדות.

די לעצטע צעהן יאָהר צווישען תרפ"ג־תרצ"ג האָבען געזעהן זיין פרוכט־באַרסטע אַרבייט אויפ'ן געביט פון תורה און אידישקייט. ער האָט כסדר גערופען און געוועקט זיינע ברידער איבעראַל צו שאַפען און אָנהאַלטען די טראַדיציאָנעלע אידישע אינסטיטוציעס פון תורה וחסד. אין זיינעם אַן אויפ־רוף אין דער פּרעסע פרייטאג פ' תרומה שנת תרפ"ג פאָדערט ער אַז אין יעדער שטאָדט און שטעדטעל זאָל געגרינדעט ווערען אַ ישיבה קטנה און מחזק צו זיין דעם לימוד התורה.—„למה הדבר דומה"—צו אַ פאָטער וועלכער האָט געהאַט צעהן קינדער מיט וועמען ער האָט זיך זעהר זעלטען געפרעהט און געפיהלט שטאָלץ. האָט אויסגעבראָכען אַ מלחמה, זיינען זיבען צוגענומען געוואָרען צו מיליטער און זיינען אומגעקומען אויפ'ן שלאַכטפעלד. דער פאָטער

---

1) איינשטעהענדיג אַמאָל ביי אַ אידען אַ קרעמער האָט דער לעצטער זיך ענטזאָגט צו נעמען פון חפץ חיים באַצאָהלט פאַר אַ קלייניגקייט וועלכעס ער האָט גענומען אין זיין קרעמעל. דער צדיק איז אָבער דורכאויס צוגעשטאַנען אַז ער מוז נעמען ביי איהם געלד. „אַ איד", האָט ער געזאָגט, „איז בלויז מחויב מקיים צו זיין הכנסת אורחים מיט'ן עסען, טרינקען און שלאָפען, אָבער ניט מיט זיין געשעפט".

אַז אורח וועלכער איז ביי איהם איינגעשטאַנען האָט ניט געקאָנט פאַרטראָגען ווי דער חפץ חיים באַמיהט זיך אזוי פיל פאַר איהם, ער אליין זוכט איהם אויסצובעטען און איהם צו באַדינען. האָט ער זיך געבעטען ביים רבי'ן אַז ער זאָל איהם לאָזען העלפען, אָבער דער חפץ חיים האָט עס איהם ניט ערלויבט, זאָגענדיג: „פאַרוואָס ווען איהר האָט מיר געזעהן אין דער פריה לייגען תפילין האָט איהר מיר ניט געזוכט צו העלפען? הכנסת אורחים איז דאָך מיין מצוה וועלכע איך דאַרף טאָהן, און ניט דער אורח".

האָט זעהר פיעל געטרויערט אויף זיי. די איבערגעבליבענע דריי קינדער האָבען זיך געבעטען ביים פאָטער אַז ער זאָל רחמנות האָבען אויף זיי און זיך ניט נעמען אזוי פיעל צום האַרצען דעם גרויסען פאַרלוסט, נאָר זוכען טרייסט אין זיי, צוזאָגענדיג איהם אַז זיי וועלען זיין גוט און פרום. שפּעטער האָט פּאַסירט אַז די דריי פאַרבליבענע זיהן זיינען געפעהרליך קראַנק געוואָרען. דאַמאָלט האָט דער פאָטער ביטער געוויינט — וועה, וועה צו מיר. ביז איצט האָב איך זיך געטרייסט מיט די דריי קינדער אָבער איצט אַז איך האָב געהערט פון די דאָקטוירים אַז זיי זיינען אזוי מסוכנ׳דיג קראַנק, טאָ וואו זיינען מיינע תנחומים ? !

„כך אזוי, דער רבונו של עולם פלעגט זיך פרעהען אמאָל מיט אלע זיינע קינדער, געהאַט פון זיי נחת; זיי זיינען דאָך געזעסען על התורה ועבודה, אָפּגעהיט דעם שבת, אָכטונג געגעבען אויף די ריינקייט פון אידישען פאַמיליע־לעבען און מקיים געווען אַלע אַנדערע מצוות. אָבער איצט, ווען צו אונזער גרויסען וועהטאָג און שאַנדע ס׳זיינען חרוב געוואָרען גאַנצע אידישע געגענ־דען, ווען דער קול יעקב הערט זיך מעהר ניט אין די בתי מדרשים, ווען קינדער ווערען ערצויגען ללא תורה וללא דרך ארץ, ווען פאַרשוואונדען זיינען גע־וואָרען די אמאָליגע חברות ש״ס, משניות, עין יעקב, א. א. וו., און אין פילע ערטער זיינען געבראָכען די טראַדיציעס פון גיטין וקדושין, פון שבת, מילה, תפילין און אַנדערע, בלייבט דאָך די איינציגע שמחה וואָס מיר קאָנען פאַר־שאַפען אונזער פאָטער אין הימעל נאָר דורך אָפּראַטעווען דעם שארית הפליטה. די ישיבות און תלמוד תורות ווי קליין זיי זאָלען ניט זיין, זיינען דאָך די איינציגע טרייסט און האָפנונג...״

ווען ער האָט דערהערט אַז מאַנכע עלעמענטען געהן אזוי ווייט אין זייער ענטוזיאַזם פאַר דעם העברייאישען אוניווערזיטעט אויפ׳ן הר הצופים אין ירושלים אַז זיי רופען עס „דער דריטער בית המקדש, אָדער „אכסניה של תורה״, איז דער חפץ חיים ארויס מיט אַ פייערדיגען פּראָטעסט, וועלכען ער האָט פאַרענדיגט מיט די ווערטער:

„איך ווייס אַז עס וועלען זיך געפינען אַזעלכע וועלכע וועלען אָפּשפּאָטען פון מיר און פון מיין פּראָטעסט, און אַז קיין כבוד וועל איך פון זיי ניט קריגען דערפאַר. אָבער מיר אַרט עס ניט; יעדער איד וועלכער גלויבט און היט די תורה איז מחויב צו פּראָטעסטירען קעגען אַזאַ בזיון הקודש. וואויל איז איהם וועלכער פאַרקוקט אויף זיין כבוד צוליב׳ן כבוד פון אויבערשטען״.

ווען דער באריהמטער פיעטרקובער הגאון ר׳ יהודא מאיר שפירא זצ״ל (געווען אויך א דעפוטאט אין פוילישען סיים), האט זיך אין יאהר תרפ״ד צו איהם געווענדעט מיט אייניגע הערות אויף ענינים אין זיין „לקוטי הלכות״ האט דער חפץ חיים איהם געענטפערט דורך זיין אידים הגאון ר׳ מנדיל זאקס אויף זיינע הערות און קשיות. און שרייבט פערזענליך צו איהם אין א בריוו וועלכען הרב שפירא האט באטראכט אלס ווערטהפול פון היסטארישען שטאנדפונקט לשעה ולדורות, און האט איהם פארעפענטליכט אין זיין ספר שו״ת „אור המאיר״ (פיעטריקוב תרפ״ו):

„איך האב זיך זעהר געפרעהט אז אזעלכע גרויסע פערזאנען ווי ער זיינען מעיין אין מיינע ספרים, וועלכעס וועט זיין א זכות פאר מיר. איך וואלט זעהר געוואלט פערזענליך ענטפערען צו הדר״ג אויף זיינע ווערטהפולע הערות, אבער צוליב די שוואכקייט פון מיינע אויגען קומט מיר אן דאס שרייבען זעהר שווער. איך וואונש איהם אז דער אויבערשטער זאל איהם העלפען אין זיין ארבייט „באהלי יפת״ פאר דער טובה פון אלע קינדער פון ישראל, די באליידיגטע און געדריקטע. ווער וועט זיך איינשטעלען פאר זייערע רעכט אויב נישט די גדולים פון אונזער פאלק אין זייערע פיהרער״.

א זעהר אינטערעסאנטען און וויכטיגען בריוו האט דער חפץ חיים פאר־עפענטליכט אין דער פרעסע כ״ז סיון תרפ״ג („דער יוד״ 119/999), וועלכער פאנגט זיך אן:

„אמר הצעיר: במה אקדם לד׳ אכף לאל׳ מרום כל תגמולה עלי״ און לעזט זיך אין זיין אידישע איבערזעצונג טיילווייז אזוי:

„איך דאנק און לויב אימער און אייביג דעם אויבערשטען מיט׳ן גאנצען הארץ פאר די אונצעהליגע חסדים וואס ער האט געטהאן מיט מיר. מיין פאטער האט מיר געלאזען א יונגען אינגעל אהן שטיצע און אהן אן אנשפאר. האט מיר דער אויבערשטער דערנעהנטערט צו זיין דיענסט און מיר געהאלפען קריגען א חלק אין זיין הייליגע תורה. ווער בין איך און וואסער ווערטה האט מיין לעבען קעגען אט דעם גרויסען חסד! ובפרט ווען ער האט מיר מזכה געווען איך זאל אימשטאנד זיין מחבר צו זיין חבורים פאר זיין כבוד ווענען כדי צו מאכען באקאנט זיין וויסען צו זיין הייליגע פאלק וועלכע פיעלע פון זיי גלוסטען צו לערנען פון די ספרים דערהויפט דעם חיבור „משנה ברורה״... דיזען חיבור האט מיר גענומען אומגעפעהר 25 יאהר צו שאפען... אין פארלויף פון אט דער צייט האב איך זעהר פיעל דורכגעמאכט, אבער דער

אויבערשטער אין זיין גרויסען חסד האָט מיר פון אַלעס מציל געווען און האָט מיר געלאָזט לעבען און עקזיסטירען ביז איצט — איך בין דאָך גאָרניט בכח איהם אַלץ אָפּצודאַנקען . . .

„איך ערלויב דאריבער יעדער אידען איבערצודרוקען דיזען ספר אָבער מוז זיין דוקא אין אָריגינעלען פאָרמאַט, היינו: דעם שו״ע, דעם „באר היטב״, „שערי תשובה״, מיט מיינע ביאורים „משנה ברורה״, „ביאור הלכה״ און „שערי הציון״ אָהן אַ פאַרענדערונג. אויך בתנאי אַז פון יעדע הונדערט ספרים, געבען פיער אומזיסט צו בתי מדרשים אָדער חברות וועלכע לערנען . . .

„אויך ערלויב איך יעדער אידען איבערצודרוקען מיינע ספרים „חפץ חיים״, „שמירת הלשון״ און „אהבת חסד״, וועלכע זיינען באַזירט אויפ׳ן פרינציפּ פון פסוק „סור מרע ועשה טוב״, אַלץ בתנאי אַז פיער פון יעדער הונדערט זאָל אומזיסט אַוועקגעגעבען ווערען צו בתי מדרשים.

„אויסער די אויבענדערמאָנטע ספרים האָט קיינער קיין רעכט ניט איבער־צודרוקען מיינע אנדערע ספרים אָהן מיין רשות אָדער פון מיינע באי כח...

„אויך מיינע טייערע וויל איך בעטען פון כלל ישראל: אזוי ווי דער אויבערשטער האָט מיר געבענשט מיט זיין חסד אַז איך האָב דערגרייכט די יאָהרען פון „גבורות״ און ווייס ניט . . . טהוט מיר זעהר וועה מיין האַרץ ווען איך דערהאַלט בריוו אין וועלכע מען טיטולירט מיר אַלס גאון אמיתי וצדיק וחסד במעשים. עס איז דאָך באוואוסט פון ירושלמי אַז אויב מען גיט איינעם פיעל כבוד מיינענדיג אַז ער איז קלאָר אין צוויי מסכתות, ווערענד ער אליין ווייס אַז ער איז קלאָר בלויז אין איינע, איז ער פאַרפליכטעט צו זאָגען אַז ער ווייס נאָר איינע. פלאָמט דעריבער מיין פנים פון שאַנדע ווען מ׳גיט מיר אָפּ כבוד אזוי ווי איך וואָלט געווען אַ בקי אין גאַנץ ש״ס, ווערענד איך אליין ווייס דאָך אַז איך בין ניט קלאָר אפילו אין איין מסכת ווי עס דאַרף צו זיין. מענשען ווייסען ניט, אָבער לעתיד לבא וועט דאָך אַלץ באקאַנט ווערען פאַר אלעמען און ס׳א בזיון ס׳וועט זיין פאַר מיר!

„נאָך מעהר, האָב איך פארדרוס ווייל ס׳איז פאַראַן אין דעם אַ חשש גזל, ווייל לויט זייער טעות גיבען מיר מענשען מתנות וועלכעס זיי וואָלטען עס זיכער ניט געטאָהן אויב זיי וואָלטען וויסען דעם אמת וועגען מיין קליינעם וויסען אין תורה און ווייניגקייט אין מעשים טובים.

דאריבער בעט איך פון אלעמען מ׳זאָל מיר ניט טיטולירען מיט אזעלכע

מורא׳דיגע שבחים וועלכעס פארשאפט מיר אזוי פיל צער . . . און וואס אנבאלאנגט די געלד — מאך איך באקאנט צו די אלע וועלכע האבען מיר ארויסגעהאלפען סיי דורך קויפען מיינע ספרים וועלכעס איז פיליכט געווען ניט מיט זייער אייגענעם גוטען ווילען, און סיי די וועלכע האבען מיר ווען עס איז געגעבען מתנות אז זיי האבען א חלק אין מיינע ספרים וממילא אויסער די מצוה וועלכע זיי האבען פאר דעם וואס זיי האבען מיר אויסגע־האלטען אין מיין לעבען, וועלען זיי אויך האבען א זכות לעתיד לבא דורך דעם וואס דער עולם וועט לערנען אין זייערע ספרים...״

דיזער דאקומענט נויטיגט זיך ניט אין קיינע פירושים.

דערצעהלט הגאון ר׳ משה לאנדינסקי, וועלכער איז דאן געווען מיט איהם אין ווארשא.

ווען דער חפץ חיים האט דערזעהן אפגעדרוקט אין צייטונג דיזען בריוו האט ער זיך זעהר געפרעהט. „ב״ה מתקן געווען מ׳זאל מיר ניט חושד זיין אז איך האב חלילה מחבר געווען די ספרים פאר מיין טובה וועגען״.

פילע מאל פלעגט מען באמערקען אין די צייטונגען בקשות מ׳זאל צו איהם ניט שיקען קיין שאלות ווייל „לא אלמן ישראל״, דאס אידישע פאלק פארמאגט ב״ה גדולים רבנים צו וועמען זיך צו ווענדען מיט זייערע רעליגיעזע פראגען, טא צו וואס קומען צו איהם. ס׳האט אבער זעהר ווינציג געהאלפען. מ׳האט פון דער גאנצער וועלט איבעראל געשיקט שאלות צו איהם, וועלכע ער האט זיך ניט אלע מאל געקאנט ארויסדרעהן און האט געמוזט קעגען זיין ווילען ענטפערען.

„אין „ווארט״ פון ד׳ אייר תרפ״ז געפינט זיך א מודעה און בקשה פון חפץ חיים:

„צוליב מיין שוואכען געזונד־צושטאנד בעט איך אז מענשען זאלען נישט קומען צו מיר וועגען ענינים פון ברכות און עצות. אויך ניט צו שרייבען צו מיר קיין בריוו ווייל איך האב ניט קיין כח זיי דורכצולעזען. די דאקטוירים האבען מיר פארזאגט דאס צו טהאן... די וועלכע וועלען קומען וועלען פארלירען זייערע הוצאות...״

אבער ניט קוקענדיג אויף אלע ווארנונגען פלעגען מענשען כסדר קומען צו איהם. צוליב זיין שוואכקייט פלעגט זיי אפטמאל אויסקומען צו ווארטען עטליכע טעג ביז זיי זיינען צוגעלאזט געווארען צו איהם. ער פלעגט אבער אלעמען

מקבל זיין בסבר פנים יפות, אויסהערען זייערע ליידען, געבען אַן עצה, אַ ברכה, אַ וואָרט פון טרייסט און חיזוק.

ווי שוין דערמאָנט פלעגט ער אימער זוכען אויסצומיידען צו ענטפערען אין עניני הלכה. זאָגאַר ווען גדולי הדור פלעגען זוכען איהם אריינצוציהען אין אַזעלכע ענינים. ער האָט זיך בכלל אימער מונע געווען פון צו ערפילען רבני׳שע פונקציעס.

בשעת ער איז נאָך ארומגעפאָהרען מיט זיינע ספרים איז ער איינמאָל זייענדיג אין קארלין געגאַנגען באזוכען דעם אָרטיגען רב, דעם זקן הגאונים ר׳ דוד פרידמאַן. דער לעצטער איז גראד דאַמאָלט געווען פאַרטהאָן אין אַ שווערע שאלה. ווען דער חפץ חיים איז אריינגעקומען האָט דער גאון אָנגע־פאַנגען צו רעדען וועגען דעם ענין פון דער שאלה און האָט געוואָלט הערען דעם חפץ חיים׳ס מיינונג. דער חפץ חיים איז אָבער קאנטיג געווען שטאַרק אונצופרידען פון דעם. מ׳האָט געקאָנט זעהן ווי ער זוכט עפּעס אַ תירוץ כדי זיך ארויסצודרעהען פון אַזאַ אחריות. האָט פּאַסירט אַז אַן אַנוועזענדער רב איז צופעליג צוגעגאַנגען צום גאון מיט אַ רמב״ם אין האַנד און געבעטען איהם אויפצוקלערען דאָרט אַ געוויסע שטעלע.

האָט ר׳ דוד׳ל מיט אַ טאָן פון הקפדה באַמערקט: „איך האַלט דאָך איצט ניט ביי אייער ענין!״

„טאָ האַלט איך דאָך אויך ניט איצט ביי אייער ענין!״ האָט דער חפץ חיים מיט אַ בנעימות׳דיגען שמייכעל באַמערקט.

אָבוואָהל דער חפץ חיים האָט זיך שטענדיג מרחק געווען פון ענינים וועלכע ווערען געוועהנליך פאַרשטאַנען צו האָבען אַ שייכות מיט רבנות, פלעגט ער דאָך אין אויסערגעוועהנליכע פאַלען מאַכען אַן אויסנאַם. אין דער צייט פון דער וועלט מלחמה ווען פארהייראַטע יונגע לייט זיינען צוגענומען געוואָרען אויפ׳ן פראָנט כדי צו פאַרהיטען די פרויען פון צו ווערען עגונות, האָבען די אָרטיגע רבנים ניט געוואָלט מסדר זיין קיין תנאי גט אָהן חפץ חיים׳ס באַטייליגונג. האָט דער חפץ חיים צוליב תקנת עגונות צוגעשטימט צו זיין פון בית דין. עהנליכע פאַלען זיינען געווען אַ סך.

הגאון ר׳ אברהם יפין, ביאַליסטאָקער ראש ישיבה, דערצעהלט:

„אין יאָהר תרפ״ב האָט די אגודת ישראל געהאַט אַ פאָנד אויף צו שטיצען לומדי תורה אין רוסלאַנד. זי פלעגט שיקען פּעקלאך מלבושים און שפייז פאַר די תלמידים פון די ישיבות וועלכע זיינען נאָך דאַן געוועזען

אין רוסלאַנד. אין האמעל האָט זיך דאַן נאָך געפונען אַ חלק פון זיין ישיבה. האָט ר׳ אברהם יפין, זייענדיג אין פוילען, געפאָדערט פון דער אגודה אַז אַנשטאָט צו שיקען פעקלאַך, איהם צו געבען די מזומן כדי ער זאָל פאַר דעם קאָנען ארויס ראַטעווען זיינע תלמידים פון סאָוויעטישען גיהנום.

„האָבען איהם די בעאַמטע פון דער אגודה ענטזאָגט מיט דער טענה אַז זיי האָבען ניט קיין רעכט משנה צו זיין די תקנות וועלכע זיינען אָנגענומען געוואָרען אויף אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג און לויט וועלכע רעגולאַציעס די געלד איז געזאַמעלט געוואָרען.

איז ר׳ אברהם יפין געפאָהרען צום חפץ חיים מיט דער בקשה אַז ער וויל ביי איהם אַ דין תורה מיט די פאַרשטעהער פון אגודת ישראל. האָט איהם דער חפץ חיים געענטפערט:

„אויב איהר ווילט אַ דין תורה דאַרפט איהר זיי רופען צו רבנים . . . איך האָב אין מיין לעבען קיין דין תורה ניט דן געווען . . . מ׳האָט מיר אַמאָל אַראָפּגעבראַכט אין אַן אָרט, איך האָב פריהער ניט געוואוסט צוליב וואָס מ׳האָט מיר געדאַרפט. ווען איך האָב דערזעהן אַז עס איז געווען צוליב אַ דין תורה, בין איך תיכף ומיד פאַר מיינע אייגענע הוצאות צוריק געפאָהרען.

האָט ר׳ אברהם איהם אָבער אויפמערקזאַם געמאַכט אַז עס איז ממש אַן ענין פון פיקוח נפש פאַר לומדי תורה. דאָס האָט געהאָלפען און דער חפץ חיים האָט צו איהם דאַן געזאָגט:

„איך וועל אייך געבען אַן עצה וואָס צו טהאָן. איהר פאָהרט קיין וואַרשא (אין הויפט אָפיס) און פאָדערט אַז זיי זאָלען אייך איבערגעבען די געלד אויף צו קויפען די נויטיגע קליידער און שפייז. אויב זיי וועלען אויף דעם מרוצה זיין וועט איהר דאַן אַלס אפטרופוס (אָדער גבאי צדקה) מעגען פאַרנוצען די געלט לויט אייער דעה פאַר׳ן בעסטען תועלת פון די מקבלים״.

כך הווה. דער ראש ישיבה איז געפאָהרען קיין וואַרשא זיך דאָרט געטראָפען מיט׳ן גערער רבי׳ן, וועלכער איז אגב איינער פון די הויפט פיהרער פון דער „אגודה״. דעם רבי׳ן איז זעהר געפעלען געוואָרען דעם חפץ חיים׳ס עצה, וועלכע ער האָט טאַקע געהאָלפען פאַרווירקליכען..

זעהענדיג אַז טראָץ אַלע זיינע באַמיהונגען און מסירת נפש׳דיגע אָנשטריינגונגען איז דער קיום הישיבות ווייט פון צו בלייבען געזיכערט, און פיהלענדיג אַז דער יסוד פון אידענטום זיינען די מקומות התורה האָט ער י״ג תשרי תרצ״א ארויסגעשיקט די פאָלגענדע בריוו צו אַלע ראשי ומנהלי ישיבה,

איינלאַדענדיג זיי אויף אַ קאָנפערענץ צו איהם אין ראדין פאַר כ״ח תשרי תרצ״א.

„כאשר מצב התורה והיהדות הולך ויורד מיום ליום בעוה״ר, וכאשר שאין בידינו לתקן את כלל העולם ולעוררם לתשובה ולחיזוק, ע״כ טכסתי עצה עם כמה גדולי תורה והוסכם אצלנו שבכל תוקף ועוז עלינו לראות לעשות חיזוק אצל הבני תורה שלנו והיינו עכ״פ בישיבות הקדושות שהותיר לנו ד׳ לפליטה. והוסכם אצלי לקרוא לאספה כל ראשי ומנהלי הישיבות הגדולות על יום ב׳, כ״ח תשרי הבע״ל. ע״כ אבקש גם את כתר״ה לבוא לראדין ואז נדבר בפרטיות מכל הענינים . . . ״

דער חפץ חיים האָט געמאַכט אַלע הכנות צו עמפפאַנגען זיינע חשוב׳ע געסט. ער איז דעם טאָג געגאַנגען טבילה און זיך אָנגעטהאָן בגדי שבת לכבוד די גרויסע אורחים. ער האָט אַלעמען מקבל פנים געוועזן ביי זיך אין הויז, יעדער איינעם באַדאַנקט פאַר זיין קומען, און האָט ערקלערט דעם תכלית פון דער אספה. פאַרשידענע פראָבלעמען זיינען דאָן באהאַנדעלט געוואָרען בכובד ראש. נאָכדעם האָט ער פאָרגעלייגט אַז די ראשי ישיבה זאָלען צווישען זיך — אהן איהם — האָבען אַ מיטינג בנוגע דעם קיום הישיבות. האָבען זיך די אַלע געסט פאַרזאַמעלט אין דעם „קדשים חדר״, און דאָרטען, אונטער׳ן פאָרזיץ פון עלטסטען ראש ישיבה הגאון ר׳ שמעון שקאָפּ, זיינען פאָרגעקומען דיסקוסיעס און אָנגענומען געוואָרען רעזאָלוציעס וועגען פארשטאַרקען דעם לימוד התורה אין די ישיבות.

אַן איינהייטליכער פּראָגראַם איז אָנגענומען געוואָרען פאַר׳ן סדר הלמודים און דאָס לערנען פון מוסר און מדות. אין אָוונד, בעת די אורחים זיינען ווידער געקומען צום חפץ חיים, האָט זיי דער לעצטער געפרעגט מכח די אַרבייט וואָס זיי האָבען אָפּגעטהאָן. האָט מען איהם געגעבען צו לעזען דעם פּראָטאָקאָל מיט די אַלע רעזאָלוציעס און תקנות וועלכע זיינען פאַרפאַסט און אָנגענומען געוואָרען.

דורכקוקענדיג דעם פּאַפּיר האָט זיך דער חפץ חיים געווענדעט צו די פאַרזאַמעלטע מיט די ווערטער:

„זאָלט איהר געזונט זיין, צוליב דעם האָט איהר באַדאַרפט קומען אהער און פארברייינגען די צייט? דער עיקר האָט איהר באדאַרפט זוכען וועגען און מיטלען ווי אזוי צו באַזאָרגען די בני הישיבה אַז זיי זאָלען האָבען וואָס צו

עסען. זיי וועלען שוין ממילא לערנען. לערנען מעהר אָדער אַ האָר ווינציגער, דער הויפט זאָלען זיי ניט ליידען קיין הונגער !"

זעלבסטפארשטענדליך אַז די ראשי ישיבה זיינען שוין פארבליבען לייגגער און געמיינשאַפטליך באהאַנדעלט די הויפט אָנגעוועהטאָגטע פראַגע — צו זוכען מיטלען אויף צו באזאָרגען זייערע תלמידים מיט „קמח".

כא.

# פאַר׳ן כבוד הרבנות

רבנות איז דער גיבראַלטאַר־פעלז פון אידענטום. אָהן רבנים אַלס לעהרער און וועג־ווייזער וואָלט דאָס אידישע פאָלק פארלוירען דעם וועג פון לעבען און עקזיסטענץ. דאָס וואָס משה רבנו און די זקנים זיינען געוועזן אין זייערע דורות, די נביאים און אנשי כנסת הגדולה אין זייערע צייטען, די תנאים און אמוראים אין זייערע תקופות זיינען עס שפּעטער געוואָרען די רבנים — די טרעגער פון דער תורה און באגרינדער פון אידישע טראַדיציעס. דער כבוד הרבנים איז דעריבער דער כבוד פון פאָלק.

אָבוואָהל דער חפץ חיים האָט פערזענליך קיינמאָל קיין רב ניט געוואָלט זיין, איז ער אָבער כל ימיו געווען דער גרעסטער און שטאַרקסטער פאַר־טיידיגער פון כבוד הרבנים. ער האָט בלב ונפש געזוכט וועגען און מיטלען אויפצוהאַלטען דעם טראַדיציאָנעלען סטאַנדאַרד פון רבנות, אַז טיפע און פיעל פארצווייגטע לומדות דורכגעוועבט מיט די שעהנסטע אידעאַלען און ערהאַבענסטע מדות פון יראת השם און אהבת הבריות זאָלען זיין די הויפּט אטריבוטען פון אַ רב. ער פלעגט באַטאָנען אַלס עד ראי׳ אַז די ערשטע שריט וועלכע האָבען געפיהרט צום גייסטיגען חורבן פון די בליהענדע אידישע קהלות אין דייטשלאַנד זיינען געווען די פאָדערונגען אין נאָמען פון כלומר׳שטען מאָדערניזם אַז רבנים מוזען — אויסער לומדות און צדקות — אויך באזיצען אַ באַדייטענדע מאָס וועלטליכע בילדונג. דאָס האָט געבראַכט דערצו, אַז מ׳האָט ביסלעכווייז פאַרקוקט דעם רב׳ס לומדות און שפּעטער גאָר אויפ־געהערט צו זוכען אַ רב אַ למדן און ירא שמים. עם־הארצות מיט אַ אויבער־פלעכליכען גלאַנץ פון כלומר׳שטע אידישקייט האָט ליידער דאָרט פאַרנומען דעם פלאַץ פון ערנסטע און טיפע תורה־געלעהרזאמקייט און אמת׳ע אידישע מדות און מאָראַל.

דער חפץ חיים האָט זיך ניט באַנוגענט מיט שאַפען און אויפהאַלטען תורה־

צענטערען פאַר בחורים און יונגעלייט. ער האָט געזוכט צו באַאיינפלוסען די מצוינים׳דיגע יונגעלייט צווישען זיינע מקורבים און באַקאַנטע — אַז זיי זאָלען אויף זיך נעמען דעם עול הרבנות. „אויב ניט איהר, טאָ ווער?" האָט ער אַמאָל גע׳טענה׳ט צום גאון ר׳ איסר זלמן מעלצער (געוו. רב ור"מ אין סלוצק, היינט ראש ישיבה אין ירושלים) וועלכער איז געווען פון די באַריהמטע עלויים אין זיין ישיבה. און כאָטש ער אליין האָט לכתחילה געהאַט ביי זיך באַשלאָסען ניט צו ווערען קיין רב, פלעגט ער דאָך איבערדערצעהלען דעם ענטפער וואָס דער גאון וצדיק הדור ר׳ ישראל סאַלאַנטער האָט געגעבען צום באַריהמטען גדול ר׳ מאיר מיכל ראַבינאָוויץ (ר׳ מאיר מיכל שאַטער), וועלכער האָט זיך פאַר איהם מתנצל געווען אַז ער האָט פשוט מורא צו ווערען אַ רב; אַז ער שרעקט זיך פאַר׳ן אחריות פון רבנות: „ווער דען ווילט איהר זאָל ווערען אַ רב, דער יעניגער וואָס האָט קיין מורא ניט?"

דער חפץ חיים פלעגט באַזונדערס באַדויערען דעם פאַקט וואָס אין די קליינע שטעדטלאך אין ליטא האָט ער געפונען רבנים גרויסע גאונים, ווערהענד אין פילע גרויסע שטעדט אין אַמאָליגען רוסלאַנד איז אַזאַ ערשיינונג געווען אַ זעלטענהייט. אַ דאַנק זיין מיטהילף האָבען פילע גרויסע שטעדט אויפגענומען גרויסע רבנים. „אויב אין כמות איז דאָרט קיין סך תורה ניטאָ זאָל כאָטש זיין אין איכות", פלעגט ער טענה׳ן.

דערצעהלט הרב ב. מאַרקוס אַז אין חדש אדר פון יאָהר תרנ"ד האָט ער לערנענדיג אין איישישאָק צוזאַמען מיט נאָך אַ בחור, עולה ברגל געווען קיין ראַדין כדי זיך צו באַקאַנען מיט׳ן חפץ חיים. דער צדיק האָט זיי, ווי זיין שטייגער איז געווען, אויפגענומען מיט חביבות. ער האָט באַדויערט וואָס זיי האָבען אויסגעקליבען צו מאַכען זייער באַזוך צו פוס אין אַזאַ נאַסען וועטער, און האָט זיי פאַרזאָגט צוריק למה"ש ניט צו געהן צו־פוס נאָר צו פאָהרען. נאָכהער האָט ער זיי געפרעגט פון וואַנעט זיי זיינען, האָט איהם דער אַנדערער בחור געזאָגט, אַז ער שטאַמט פון ווילנער גובערניע, ווערהענד הרב מאַרקוס האָט איהם געזאָגט, אַז ער שטאַמט פון חערסאָנער גובערניע.

„אויב אַזוי", האָט דער חפץ חיים צו איהם באַמערקט „זיינט איהר דאָך מחויב צו לערנען מיט פיעל מעהר התמדה ווי אייער חבר, ווייל ער קומט פון ווילנע, וואו ס׳זיינען פאַראַן אַ סך לומדים. איהר אָבער שטאַמט פון חערסאָנער גובערניע וואו די צאָל פון לומדי תורה איז זעהר קליין, איז עס דאַריבער אייער פליכט ממלא צו זיין דעם חסרון!"

אין אַ בריוו וואָס דער חפץ חיים האָט פאַרעפּענטליכט כ״ה סיון, תרפ״ה, כדי צו פאַרהיטען דעם כבוד הרבנות, ביים אויפנעמען אַ רב, באַטאָנט ער צווישען אַנדערעס: „רבנות, וועלכע איז דער יסוד פון הוראה ביי אידען, איז אין אַלע דורות פאַרעהרט און פאַרהייליגט געווען. די רבנים זיינען די לעהרער און וועג־ווייזער פון פאָלק. אַלע פּראָבלעמען פון דער געמיינדע זיינען זייערע אינטערעסען. זייער אויפגאַבע איז צו אַרבייטען לטובת הצבור, מתקן צו זיין תקנות, צו פאַרצוימען און פאַרהיטען מ׳זאָל ניט קומען ברעכען די צווייגען פון עץ החיים — די תורה. אָבער דער גרויסער עיקר פון אמת׳ע רבנות איז דאָס וויסען פון דער תורה מיט איהרע אַלע מקצעות פון דער הלכה, און דאָס באזיצען פון יראת ה׳ וועלכעס איז דער אָנפאַנג פון חכמה...״

אינטערעסאַנט איז, אַז ווען די רעגירונג אין רוסלאַנד האָט אויף איהרע אידען ארויפגעצוואונגען דאָס אויפהאַלטונג פון דאָפּעלטע רבנות, קאזיאָנע און רעליגיעזע, האָט דאָס פאָלק קיינמאָל ניט אָנערקענט דעם רב מטעם הממשלה אַלס פיהרער. דעם קאזיאנעם רב האָבען זיי בלויז פאַרטראַכט אַלס רעגירונגס־בעאַמטער, אָדער טשינאָווניק. עס איז זאָגאָר געווען די שיטה פון פילע גדולי הדור ניט צו דערלאָזען ערוועהלען צו אַזאַ אַמט איינעם וועלכער פּרעטענדירט אויף לומדות און פרומקייט, כדי דער קאָנטראַסט צווישען איהם און דעם אמת׳ן רב זאָל זיין גרויס און דאָס פאָלק זאָל אַמאָל ניט מערב זיין די תחומין. ווען מ׳האָט דערצעהלט דעם גאון הדור ר׳ חיים בריסקער מכח דעם זיעג פון אַ געוויסען גדול וועלכער האָט ניט דערלאָזען אַז אין זיין שטאָדט זאָל ערוועהלט ווערען אַ פריי־געזאָנענער ראַבינער, נאָר אַ למדן און געוועזענער ישיבה בחור — האָט ער באַמערקט: „איך האָב מורא, אַז דאָס קאָן זיך אויסלאָזען צו זיין ניט קיין נצחון פאַר פרומע אידען, נאָר חלילה להפך״. זיינע ווערטער האָבען זיך אויסגעלאָזט צו זיין ווירקליך דברי נבואה...

אַז די השגחה העלפט אונז אויב מיר זיינען באמת פאַר׳ן כבוד שמים, פלעגט דער חפץ חיים אילוסטרירען מיט דעם פאָלגענדען עפּיזאָד:

ווען דער באוואוסטער גאון ר׳ אברהם שמואל איישישקער, מחבר פון „עמודי אש״ (תקס״ט־תרכ״ט) איז געווען רב אין ראסיין, קאָוונער גוב., האָט פּאַסירט אַז איינמאָל שבת אין דער פריה האָט דער אָרטיגער קאזיאנער ראַבינער, וועמען ס׳האָט זיך פאַרגלוסט צו שפּילען די ראָלע פון אַ געמיינדע רב זיך מקדים געווען, געקומען פריהער אין שוהל און זיך אַוועקגעזעצט

אויפ׳ן רב׳ס אָרט אויף מזרח לעבען ארון קודש. דער עולם האָט לויט׳ן כלל פון „הוי זהירין ברשות״, מורא האָבענדיג פאַר איהם, זיך קוים איינגעהאַלטען אין זייער ברויזענדער אויפרעגונג. ווען דער רב, ר׳ אברהם שמואל האָט, אריינקומענדיג אין שוהל דאָס באַמערקט, איז ער גאָרניט רעדענדיג גלייך ארונטערגעגאַנגען הינטער דער בימה און זיך דאָרט געזעצט דאַוונען. עס איז זיך לייכט פאָרצושטעלען אונטער אַ וואָסער שטימונג דער עולם האָט דעם שבת געדאַוונט . . . נאָך קריאת התורה האָט דער חזן אריינגעשטעלט די תורה פאַרגעסענדיג צו זאָגען די תפלה „הנותן תשועה״ פאַר דעם צאַר און זיין פאַמיליע. דער ראַבינער, משמעות זייענדיג צוטומעלט מיט זיין נצחון, האָט עס ניט באַמערקט. פלוצלונג איז צו איהם צוגעלאָפען אַן אַלטער „ניקאָלאַיעווסקער סאָלדאַט״ מיט אַ געוואַלד הלמאי ער האָט דערלאָזען מ׳זאָל ניט זאָגען די תפלה פאַר׳ן צאַר. און איידער דער ראַבינער האָט געהאַט צייט זיך צו פאַרענטפערען, האָט ער איהם מכבד געווען מיט פעטש. ס׳איז געוואָרען אַ געוואַלדיגער טומעל. די ארויסהעלפער פון ראַבינער האָבען געבראַכט פאָליציי, וועלכע האָבען אַרעסטירט דעם „ניקאָלאַיעווסקען סאָלדאַט״ פאַר שטערן די עפענטליכע אָרדנונג און אָנפאַל אויף אַ רעגירונגס־בעאַמטען. דער ארעסטירטער איז אָבער געווען אַ תקיף און האָט אויפ׳ן קול זיך צושריען, אַז עס מעג איהם קאָסטען אַלץ, וועט ער ניט דערלאָזען מ׳זאָל גרינגשעצען דעם כבוד פון רוסישען קייזער וועמען ער האָט טריי געדינט 25 יאָהר . . .

דערהערענדיג אַזעלכע טענות איז דער פריסטאוו גאָר צוטומעלט געוואָרען. ער האָט וועגען דעם אינפאָרמירט דעם איספראווניק. דער לעצטער האָט גלייך אָפגעשיקט אַ רעפּאָרט צום גובערנאַטאָר וועגען דעם אינצידענט. דער גובערנאַטאָר האָט צו זיך ארויסגערופען פאַר אַן אויספאָרשונג אויך דעם ראַבינער און דעם „ניקאָלאַיעווסקען סאָלדאַט״. אויסהערענדיג די געגען־טענות פון לעצטען, האָט ער געפרעגט דעם ראַבינער הלמאי ער האָט דערלאָזען צו אַזאַ פאַרברעכען, האָט זיך דער ראַבינער פארטיידיגט אַז ער האָט פשוט ניט געהערט ווייל ער איז געזעסען ווייט אַוועק פון דער בימה. לויבענדיג דעם סאָלדאַט פאַר זיין פאטריאָטיזם און ליבע צום „צאַר באַטיושקא״, האָט דער גובערנאַטאָר פאַראָרדענט דעם ראַבינער אַז מהיום והלאה, כדי צו פאַרהיטען פון אַן עהנליכען טעות, זאָל זיין אָרט זיין צו זיצען תמיד נאָהענט פון חזן, לעבען דער בימה.

„דאָס״, האָט דער חפץ חיים אויסגעפיהרט, „דאַרף זיין אַ למוד פאַר אונז,

זיך תמיד איינצושטעלען פאַר'ן כבוד הרבנים וועלכעס איז דער יסוד פון תורה און אידישקייט . . .

## פאַר'ן כבוד פון הגאון ר' חיים עוזר

אין יאָהר תרצ"ב, האָט אַ שרייבער אין אַ געוויסע וואַרשעווער אידישע צייטונג, אויף אַן אונפאַרשעמטען אופן באליידיגט דעם גאון הדור, ר' חיים עוזר גראָדזענסקי, שליט"א, באַנוצענדיג אַזעלכע שימפ־ווערטער וועלכע וואָל־טען זיך געפּאַסט פאַר די ערגסטע שונאי ישראל. די רעליגיעזע אידישע וועלט איז דאַן אויפגעציטערט געוואָרען פון אַזאַ חירוף וגידוף.

ווען דער חפץ חיים האָט זיך דערפון דערוואוסט, האָט ער פארעפענטליכט אַ פּראָטעסט געגען די פאראַנטוואָרטליכע פיהרער פון דער צייטונג, און אויפ־געפאָדערט אַז זיי זאָלען מתקן זיין די נבלה, ואם לאו, האָט ער געוואָרענט, וועט ער די צייטונג אין חרם אריינלעגען. צוליב די וויכטיגקייט פון ענין, גיבען מיר דאַ איבער אַ אידישע איבערזעצונג פון בריוו צו דער באַטרעפענדער צייטונג לויט ווי עס איז איבערגעגעבען געוואָרען אין דער פּרעסע:

„אויפגעציטערט זיינען מיר אַלע געוואָרען דערהערענדיג אַז אין אייער צייטונג איז פארעפענטליכט געוואָרען אַן אַרטיקעל פון עפּעס אַן אומבאַ־קאַנטען שרייבער, אַ בייזוויליגער און נידערטרעכטיגער מענש, וועלכער טראַכט אויס פאַלשע און פאַרפירערשע בלבולים, זיין גאַנצע כונה איז צו מבזה זיין די געטליכע תורה און איהרע לערנער, צו צושטערען חס ושלום אלעס וואָס איז אונז הייליג און טייער. אַט אַזעלכע אונווירדיגע מאמרים זיינען שוין פיעל מאָל געדרוקט געוואָרען אין אייער צייטונג, אָבער דער לעצטער מאמר (תרצ"ב נומ. 100) שטייגט איבער אַלע פריהערדיגע מיט זיינע כזבים און שקרים קעגען ראש וראשון גאון ושר בישראל, רבן של כל בני הגולה, נר ישראל ותפארתו, מרן ר' חיים עוזר גראָדזענסקי שליט"א, דער הויפּט פון די רבנים פון ווילנא, וועלכער איז באריהמט איבער דער גאַנצער וועלט אַלס מנהיג ורועה נאמן פון גאַנצען פאָלק ישראל . . .

„די האָר שטעלט זיך ממש קאַפּויער פון שרעק דערהערענדיג וועגען אַזאַ נבלה, און אַזאַ רשע ארור געפינט אַ פּלאַץ אין אייער צייטונג צו פארשפּרייטען זיינע רשעות'דיגע און גיפטיגע רייד.

„היות ווי עס איז שוין ניט דאָס ערשטע מאָל וואָס אייער צייטונג האָט געדרוקט אַזעלכע אַרטיקלען איז קאַנטיג אַז איהר גופא האָט אויך אַ האַנט אין דעם. און איהר, פונקט ווי ער, זוכט צו פאַר'סמ'ען און פארפיהרען אידישע נפשות כדי זיי צו דערווייטערען פון דער תורה און איהרע פיהרער. עס ליגט דאריבער אַ חוב אויף יעדען אידען לויט'ן דין מנדה ומחרים צו זיין דעם שרייבער און אַלע פאַראַנטוואָרטליכע פאַר דער צייטונג כדי עס זאָל ניט קומען בקהל ישראל כמבואר בספרי הפוסקים.

„אזוי ווי איך בין בע"ה אַ זקן בישראל, פיהל איך זיך פאַרפליכטעט צו זיין פון די ערשטע צו פראָטעסטירען. מיר זיינען מחויב זיך אַנטקעגען צו שטעלען מיט מסירת נפש כדי מקיים צו זיין וואָס די תורה פאַרזאָגט אונז. איך וואָרען אייך דאריבער, אויב עס וועט ניט ערהאַלטען ווערען פון אייך קיין צופרידענשטעלענדער ענטפער אַז איהר האָט מתקן געווען דעם פאַר־ברעכען, וועט אונזער אזהרה דורכגעפיהרט ווערען מיט איהר גאַנצער שטרענגקייט.

„דיזע ווערטער ווערען געשריבען מיט טרעהרען און האַרץ־וועהטאָג".
יום ד', ה' לחודש אייר, תרצ"ב, ראדין
ישראל מאיר הכהן

ביי אַ זיצונג פון „ועד הישיבות" אין ווילנע, איז איינמאָל ארויפגעבראַכט געוואָרען די פראַגע פון שיקען אַ דעלעגאַציע קיין אמעריקא. עס איז דער־מאָנט געוואָרען, אַז דער פאַסיגסטער און ווירקזאמסטער פיהרער פון אַזאַ דעלעגאַציע וואָלט געווען הגאון ר' חיים עוזר. דער לעצטער, דאָס דער־הערענדיג, האָט בעת מעשה תיכף ומיד ערקלערט, אַז ער איז קראַנק, אַן עוסק ברפואות. האָט איינער פון די ראשי הישיבה באַמערקט, אזוי ווי ס'איז נוגע דעם קיום התורה, זאָל זיך פיליכט ר' חיים עוזר מיישב זיין מיט דאָק־טוירים צו איהם איז ערלויבט צו מאַכען אַזאַ רייזע. אויף דעם זאָל הגאון ר' חיים עוזר האָבען געענטפערט, אַז בנוגע פיקוח נפש פאַרלאָזט מען זיך דאָך על פי דין אויפ'ן חולה ווען ער ווענדעט אָפּ דעם דאָקטאָר. ווען דער חפץ חיים האָט דערהערט די דיסקוסיע האָט ער זיך אויפגעשטעלט און מיט אַ טאָן פון כבוד ואהבה באַמערקט: „ס'איז טאַקע אַ דבר העומד ברומו של עולם, ס'איז נוגע דעם כלל ישראל. אָבער אַז ר' חיים עוזר זאָגט ער קאָן ניט... איהר, ר' חיים עוזר, זיינט דאָך דער כלל ישראל!..."

כב.

# אַן אומפאַרווירקליכטער חלום

צו לעבען אין ארץ ישראל איז תמיד געווען דעם חפץ חיים׳ס טרוים און תשוקה. ער, וועלכער האָט אימער געזוכט צו ערמוטהיגען און טרייסטען זיינע ברידער אין גלות, לערנענדיג זיי צו לעבען און צו האָפען אויף דער גאולה, אויף משיח׳ן, אויף אַן אויפגעבליהטע ירושלים — איז געווען דורכגענומען מיט אַן אויסערגעוועהנליכע בייִנקשאַפט נאָך ארץ ישראל. ער האָט שטענדיג געגאַרט זיך דאָרט צו באזעצען. אזוי ווי איינער זוכט זיך צו באפרייען פון אַ פארשטיקטען אָרט וואו זיינע לונגען קריגען ניט גענוג לופט אריינצו־אָטעמען, האָט דער חפץ חיים געפיהלט אין חוץ לארץ. זיינע גייסטיגע אָרגאַנען האָבען דאָ קיין באַפרידענונג ניט געפונען. די אטמאספערע פון קדושה וועלכע איז ארום איהם געשאַפען געוואָרען, דער רוח התורה והיראה מיט וועלכע די לופט אין ראדין איז געווען דורכגעדרונגען האָט פיעל פאַרגרעסערט זיינע אינערליכע פאַרלאַנגען. אונגעהויער שווער איז די עבודה אין חוץ לארץ. דאָ קאָן די נשמה זעלטען דערגרייכען איהר פאָלקאָמענהייט. אין זיין כסדר־דיגע שטרעבונג צו „שלמות הנפש״ האָט דער חפץ חיים דאריבער געפיהלט אַן אינערליכען דראַנג צו דער לאַנד וועמעס „אויר״ איז „חיי נשמות״.

אין יאָהר תר״מ איז דער ראדינער רב ר׳ יודא׳לע אַוועק קיין ארץ ישראל. פון דאָרט האָט ער צו זיין ידיד דעם חפץ חיים אין אַ בריוו געשריבען: „אין חוץ לארץ האָב איך נישט געפיהלט די קדושה פון שבת. די קדושה פון שבת האָב איך ערשט אָנגעפאַנגען צו פיהלען אין דעם אויר פון ארץ ישראל״. אַזאַ ערפאַהרונג האָט נאָך מעהר ערוועקט זיין חשק נאָך ארץ ישראל. בכלל איז עס ניט געווען ביי איהם בלויז אַ גוטער וואונש. ער האָט ביי יעדער געלעגענהייט און אין יעדען פאַל שטענדיג געקלערט און טאָקע ממשות־דיג געזוכט זיינע חלומות צו פאַרווירקליכען.

אין די תנאים פון זיין ערשטען אײדים, הרב הגאון ר׳ אהרן הכהן (מחבר פון די ספרים „עבודת הקרבנות״, „פרח אהרן״, „מטה אהרן״, „בית אהרן״

נפטר געוואָרען אין תל אביב, כ״ז שבט, תרצ״ו), מיט זיין עלטסטע טאָכטער גיטעל אין יאָהר תרמ״א, האָט ער איינגעשריבען אַ בפירוש׳ן תנאי, אַז אַבוואָהל ער איז איהם מבטיח קעסט, זאָל ער קיין רשות ניט האָבען איהם מעכב צו זיין צו פאָהרען קיין ארץ ישראל. עהנליכעס האָט ער אויסגענומען אין די תנאים פון זיין צווייטען אידידים הגאון ר׳ הירש לעווינסאָן מיט זיין טאָכטער שרה׳לע אין יאָהר תרמ״ד. ווען ער האָט אין יאָהר תרס״ד געהייראַט מיט זיין צווייטע פרוי (די טאָכטער פון הרב ר׳ הלל אבד״ק לאפּי) הרבנית מרים פריידע, האָט ער מיט איהר אויסגערעדט, אז זי זאָל מסכים זיין מיט איהם מיטצופאָהרען קיין ארץ ישראל. דעם זעלבען תנאי האָט ער אויך געשריבען אין די תנאים פון זיין אינגסטען אידידים הגאון ר׳ מנחם מנדיל יוסף זאַקס (איצט ראש ישיבה אין ראדין) מיט זיין אינגסטע טאָכטער פייגע, י״ד שבט תרפ״ג.

ליידער האָט איהם זיין אונערמידליכע אַרבייט אין חוץ לארץ פאַר׳ן למוד התורה געשטערט זיין פּלאַן צו רעאַליזירען. זאָגען דאָך די חז״ל „גדול תלמוד תורה יותר מבנין בית המקדש שכל זמן שברוך בן נריה קיים לא הניחו עזרא ועלה (מגילה ט״ז ע״ב). עזרא דער גרויסער ליבהאָבער פון ארץ ישראל איז ניט אויפגעגאַנגען קיין ארץ ישראל צוזאַמען מיט זרובבל׳ן אין דער צייט פון כורש׳ן ווייל זיין רבי ברוך בן נריה איז געווען צו אַלט און ניט געקאָנט מיט איהם מיטגעהן. שליסען דאריבער די חכמי התלמוד אַז לערנען תורה איז וויכטיגער זאָגאַר פון בויען אַ בית המקדש.

ארץ ישראל איז ביים חפץ חיים געווען פון די ענינים פון וועלכע ער האָט קיינמאָל ניט מסיח דעת געווען. אין ווינטער פון יאָהר תרע״ח ווען מ׳האָט איבערגעגעבען דעם חפץ חיים די אידישע שמחה מיט דער „באַלפור דעקלאַראַציע״ האָט דער חפץ חיים זיך פאַנאַנדערגעוויינט, און האָט כליפּענדיג מיט הייסע טרעהרען באַמערקט: „דער רבונו של עולם האָט אונז צוגעזאָגט — ופרצת ימה וקדמה . . . און דאָס איז דאָך אַ זיכערער וועקסעל וועלכען דער אויבערשטער וועט באשטימט צאָהלען צו דער צייט. צום סוף קומען מענשען און דיסקאָנטירען עס פאַר אַ קליינעם פּראָצענט. זיי פרעהען זיך מיט אַ דעקלאַראַציע אזוי ווי עס וואָלט שוין געווען די גאַנצע גאולה . . . מעהר דאַרפען זיי נישט. . . און אויף מעהר וואַרטען זיי ניט. . .״ און ער האָט ווייטער געוויינט . . .

אין יאָהר תר״פ זייענדיג פאַרוואָגעלט אין זיין דאָפּעלטען גלות אין

רוסלאַנד, האָט דער חפץ חיים געפּלאַנט פון דאָרטען דורך אָדעס צו פאָהרען גלייך קיין ארץ ישראל. זיין איידים ר׳ הירש האָט איהם געזאָלט באַגלייטען. אין וועכענטליכען צייטונג „מחזיקי הדת״ אין ירושלים פון ד׳ כסלו תרפ״א, איז זאָגאָר געווען באריכטעט אַז דער חפץ חיים צוזאַמען מיט נאָך דריי פּראָמינענטע רבנים זיינען שוין אויפ׳ן וועג קיין ארץ ישראל.

דער באַדראָהטער מצב פון זיין ישיבה אונטער׳ן באָלשעוויסטישען רעזשים האָט איהם אָבער דאַמאָלט צוריקגעהאַלטען. אין דער צווישען צייט איז זיין איידים ר׳ הירש נפטר געוואָרען. כדי צו ראַטעווען די ישיבה איז ער גע־צוואונגען געווען איהר צוריקצופיהרען אַהיים אין ראַדין. און ער איז טאַקע געפאָהרען מיט דער כוונה אזוי שנעל ווי ער וועט די ישיבה צוריק איינ־אָרדנען און איהר מאַטעריעל באַזאָרגען, גלייך נאָכדעם צו מאַכען זיין נסיעה קיין ארץ ישראל.

אָבער קומענדיג אַהיים האָט ער איבעראַל געפונען אַ גרויסען חורבן אויפ׳ן געביט פון תורה. די ישיבות זיינען געווען פאַרלאָזען, דער יונגער דור איז געוואַקסען „ללא תורה״ און דער קיום פון אידענטום איז געווען אין גרויס געפאַהר. די צוברעקלונג פון אַמאָליגען גרויסען אידישען צענטער אין רוסלאַנד און נייע קליינע לענדער האָט פשוט רואינירט די יניקה פון די גרויסע ישיבות אין ליטא און פוילען.

דער חפץ חיים האָט ניט גערוהט. ער האָט כסדר גערופען און געוועקט. אַ דאַנק זיין איניציאַטיווע איז געשאַפען געוואָרען דער „ועד הישיבות״ אין ווילנע כדי צו פאַרזיכערען מאַטעריעל די עקזיסטענץ פון אַלע ישיבות. נאָך דער גרינדונג פון „ועד הישיבות״ האָט ער זיך גענומען צוריק אויסצופיהרען זיינע פּלענער וועגען ארץ ישראל. ער האָט שוין געהאַט גרייט אַלע פאַר־מאַליטעטען. די אידען אין ארץ ישראל האָבען זיך שוין געגרייט איהם צו געבען אַ קעניגליכען קבלת פנים. אין פתח תקוה איז ספּעציעל אויפגעבויט געוואָרען אַ הויז פאַר אַ וואוינונג פאַר איהם, וועלכע רופט זיך עד היום „בית חפץ חיים״. און טאַקע גלייך נאָך פסח אין יאָהר תרפ״ח איז ער געווען מוכן אָפּצופאָהרען.

ווען די רבנים און ראשי ישיבה האָבען זיך פון דעם דערוואוסט האָבען זיי פאַררופען אַן אספה אין ווילנע און האָבען באַשלאָסען צו ווירקען אויפ׳ן חפץ חיים אַז ער זאָל פאַרלויפיג זיין נסיעה אָפּלייגען כדי דורך זיין השפעה צו באַפעסטיגען דעם „ועד הישיבות״. אויף דעם חפץ חיים׳ס טענות אַז ער

איז שוין אַלט און איז דאריבער ניט בכח עפּעס אויפצוטהאָן, האָט איהם, יבדל לחיים, דער גאון ר׳ חיים עוזר גראָדזענסקי שליט״א, געענטפערט מיט די ווערטער פון זיין עלטער שוועהר דער גאון וצדיק ר׳ ישראל סאלאנטער, וועלכער האָט אין אַן עהנליכען פאַל באַמערקט צו אַ גדול פון זיין דור:

„אַ טאַטע פאַרלאָזט ניט זיינע קינדער און הגם ער איז אַלט, דאָך ווען דער אַלטער זיצט ביים טיש פיהרט זיך דער טיש גאָר אַנדערש . . . ״

דאָס האָט געווירקט און דער חפץ חיים האָט מסכים געווען אָפּצולייגען זיין נסיעה ביז ר״ח אלול.

אַלע חפצים זיינען איינגעפּאַקט געוואָרען. די ספרים, די מאַטריצען פון זיינע ווערק ווי אויך די נויטיגע זאַכען האָט ער שוין געהאַט ארויסגעשיקט. ער האָט דאריבער ניט אויפגעהערט צו גרייטען זיך צו דער רייזע. ער האָט שוין זאָגאַר געהאַט פאַרקויפט אָדער צוטיילט זיין שטוב־מעבעל.

ערב ר״ח אלול תרפ״ה האָט ער אין ווילנע אָנגעשריבען אַ געזעגענונגס־בריוו צו די אידען אין גלות, וועלכער לעזט זיך טיילוויז אזוי: —

„בחסד השי״ת האָב איך זוכה געווען צו די יאָהרען פון „גבורות״ און אזוי ווי איך גרייט זיך בע״ה צו פאָהרען אין אונזער הייליגע לאַנד וועל איך זיך געזעגענען מיט אייך, מיינע טייערע ברידער, וועלכע געפינען זיך אין די אַלע גלות לענדער, איך געבען מיין ברכה און אויסדריקען צו אייך מיין אינעווייניגסטען וואונש.

„עס איז מיין הייסטע תפלה צום „שומר ישראל״ ער זאָל רחמנות האָבען אויף זיין פיעל ליידענדען פאָלק. ער זאָל אויסלייזען די אידען פון זייערע שרעקליכע צרות און שיקען משיח׳ן צו דערפרעהען די אידישע הערצער מיט בשורות טובות און נחמות.

„מיינע טייערע ברידער, שווער איז מיר זיך צו שיידען מיט אייך אין אַזאַ שרעקליכע צייט ווען דער צאָרן פון ג—ט איז אויף אונז אויסגעגאָסען, ווען וואָס אַ טאָג ווייטער ווערט אַלץ ערגער און דער גייסטיגער חורבן איז אזוי גרויס . . . איך געפין דאריבער פאַר נויטיג אייך אַלע צו דערמאָנען אונזערע הייליגע פליכטען פאַר׳ן רבש״ע.

„ווען די תלמידים פון ר׳ אליעזר הגדול האָבען געפרעגט זייער רבי׳ן וואָס זאָל אַ מענש טהאָן כדי ניצול צו ווערען פון „חבלי משיח״, האָט ער זיי געענטפערט: „זאָל ער זיך באַשעפטיגען מיט תורה און חסד״. דער גרויסער

געטליכער תנא האָט קיין אַנדער מיטעל ניט געפונען ווי אַזוי זיך צו באַשיצען געגען די „פגעים רעים" אויסער תורה און חסד.

„בעוונותינו הרבים, מיר זיינען איצט אַזוי פיעל דערוויטערט געוואָרען פון תורה, סיי די עלטערען, סיי די קינדער, אפילו די „תינוקות של בית רבן" אונזערע ווערען ערצויגען אין נייע שולעס וויט פון תורה און יראת שמים. פוסט און וויסט זיינען אונזערע חדרים. ס'איז בלויז פאַרבליבען דאָס ביסעלע תורה אין די געצעהלטען פון די ישיבות וואָס מיר פאַרמאָגען נאָך מיט'ן אויבערשטענ'ס הילף. אָבער צוליב'ן גרויסען און שווערען קריזיס וואָס מיר מאַכען דורך איז דער קיום הישיבות געשטעלט געוואָרען אין גרויס געפאַהר.

„ס'איז דאָך ידוע אַז דער גאַנצער תכלית אונזערער אויף דער וועלט איז צו קריגען אַ חלק אין דער תורה. כי לכך נוצרת. די גאַנצע יצירה פון דער וועלט איז אַלץ צוליב תורה. אָהן דער תורה איז כמעט די גאַנצע בריאה אָהן שום נוצען, דער לעבען האָט ניט קיין אינהאַלט, ניט די נשמה און ניט דער גוף אויב דער מענש לאָזט זיך אָפּ פון דער תורה . . .

„דאריבער איצט ביי מיין אָפּשיעד פון אייך איז מיין הויפּט בקשה מכח חזוק התורה וחיזוק הישיבות.

„בעפאָר דער הבטחה פון „הנני שולח לכם את אליהו הנביא", ווענדעט זיך מלאכי מיט דעם פסוק: „זכרו תורת משה עבדי", ווייל נאָר דאָס איז דער עיקר יסוד פון אונזער עקזיסטענץ און נאָר דורך תורה וועלען מיר זוכה זיין צו אַ גאולה שלמה.

„איך בעט אַלע אידען צו פאָלגען און זיך צוהערען צו מיין דאָזיגען פאַרלאַנג. אָפּצוהיטען די ליכט פון דער תורה אין די ישיבות זאָל חלילה ניט אויסגעלאָשען ווערען. הויל-נאַקעט זיינען מיר געבליבען. מ'האָט פון אונז אַלץ צוגענומען און אַוועקגערויבט, אָבער די לעבעדיגע נשמה וואָס דער רבונו של עולם האָט אין אונז אריינגעבלאָזען — די תורה הקדושה, זי לעבט און עקזיסטירט. און כל זמן דער ארון ה' געהט מיט אונז וועלען מיר ניצול ווערען פון אַלע אונזערע שונאים . . .

„היט אָפּ דעם ארון ה' מיט אַ זיכערע שמירה, היט איהם אָפּ ווי דעם טייערסטען אוצר! שטעהט אויף אַלע ווי איין מענש צו העלפען דעם ארון ה' וואָס האַלט זיך אויף אין די ישיבות . . . "

אַלע און אַלעס ביים חפץ חיים אין הויז זיינען שוין געווען צוגעגרייט

פאַר דער נסיעה. און צום צווייטען מאָל איז ביי אַ ספּעציעלער פאַרזאַמלונג ביי ר׳ חיים עוזר׳ן אין ווילנע אויסגעקליבען געוואָרען אַ קאָמיטע באַשטעהענד פון די באַריהמסטע ראשי ישיבה. ר׳ ברוך דוב לייבאָוויץ (קאַמעניץ); ר׳ פּסח פּרוסקין (קאָברין); ר׳ אלחנן וואַסערמאַן (באַראַנאָוויץ); ר׳ אליעזר יודא פינקעל און ר׳ ירוחם לוואָוויץ (מיר) כדי צו פּועל׳ן ביים חפץ חיים אַז ער זאָל ווידער אַמאָל אָפּלייגען זיין רייזע ביז נאָך די ימים הנוראים. דער ראש המדברים פון דער דעלעגאַציע איז געווען דער אַלטער ראש ישיבה הגאון ר׳ ברוך בער. ער האָט ממש געוויינט מיט טרערען זיך בעטענדיג ביים חפץ חיים אַז ער זאָל פאַרבלייבען מיט זיי ביז נאָך סוכות כדי צו העלפען פאַרזיכערען דעם קיום הישיבות. און ווידער האָט דער חפץ חיים געמוזט מסכים זיין אָפּצולייגען זיין רייזע ביז דעם לעצטען טאָג פון דער גילטיגקייט פון זיינע פּאַפּירען — דינסטאג פ׳ לך, תרפ״ו.

האָט פּאַסירט פּונקט אַ טאָג בעפאָר אַז דעם חפץ חיים׳ס פרוי איז גע־פעהרליך קראַנק געוואָרען. מ׳האָט איהר אָוועקגענומען קיין ווילנע וואו זי האָט געמוזט דורכמאַכען אַן ערנסטע אָפּעראַציע. דער חפץ חיים האָט אַלץ זיין האָפנונג ניט פאַרלוירען. האָט זיך געטרייסט, „השי״ת וועט העלפען, זי וועט געזונט ווערען און מ׳וועט איה״ש פאָהרען...״ זיינע מקורבים האָבען אָבער שוין דאַן געזעהן אַז מ׳איז איהם פשוט מעכב מן השמים. זי איז טאַקע געזונד געוואָרען און דער חפץ חיים האָט ווידער אָנגעפאַנגען מאַכען זיינע הכנות אין געהיים. ער האָט ניט געוואָלט אַז עמיצער אויסער זיינע בני בית זאָלען וויסען. ער האָט זיך אויסגעדריקט: „מעגליך אַז דער צופיל פרסום איז פאַראַנטוואָרטליך אין דאָס צושטערונג פון מיינע פּלענער. די ערשטע לוחות זיינען צובראָכען געוואָרען ווייל זיי זיינען געגעבען געוואָרען בקולי קולות...״ ער האָט דאריבער געהאַפט אַז מאַכענדיג זיינע פאַרבערייטונגען בסוד וועט זיך איהם אפשר איינגעבען זיין וואונש צו פאַרווירקליכען. מערקווירדיג, אין דעם זעלבען טאָג ווען ער האָט צום צווייטען מאָל ערהאַלטען זיינע נויטיגע פּאַפּירען פון ארץ ישראל איז קראַנק געוואָרען זיין אינגסטע טאָכטער פייגע. אַלע האָבען דאַן באַיישנפערליך געזעהן אַז מן השמים דער־לאָזט מען איהם ניט אויספיהרען זיינע פּלענער. דער חפץ חיים אַליין האָט אָבער לכתחלה אַלץ זיך ניט געוואָלט אונטערגעבען.

„וואָס רעדט איהר״? דער אויבערשטער מיט זיין חסד וועט העלפען. זי וועט געזונט ווערען און מ׳וועט איה״ש פאָהרען!״



הרב ר׳ יהודה ליב גארדין זצ״ל — לאמזע



הרב ר׳ אברהם יצחק הכהן קוק זצ״ל
ארץ ישראל



הרב ר׳ אהרן הכהן זצ״ל
עלצטער איידים פון חפץ חיים



הרב ר׳ ירוחם לוואווין זצ״ל,
געוו. משגיח אין ישיבת „חפץ חיים״
נאכהער אין מיר



הרב ר׳ ברוך פייוועלזאן זצ״ל
ראש ישיבה—ראדין, איידים פון ר׳ נפתלי׳ן

אין שייכות מיט׳ן חפץ חיים א׳ן זיין ישיבה

די טאַכטער איז טאַקע געזונד געוואָרען אָבער דער חפץ חיים אַליין איז פיזיש וואָס ווייטער אַלץ שוואַכער און שוואַכער געוואָרען. מ׳האָט פאַר איהם אַראָפּגעבראַכט אַ דאָקטאָר ספּעציעל פון ווילנע וועלכער האָט איהם ערקלערט אַז זיין אָפּגעשוואַכטער געזונט און טיפע עלטער ערלויבען איהם ניט אונטערצונעמען אַזאַ לאַנגע רייזע.

דער חפץ חיים האָט שוין דאַן אַליין צוגעגעבען אַז מן השמים איז מען איהם מעכב אין זיין נסיעה. דאָך ווען ער האָט זיך דערפיהלט אַביסעל שטאַרקער האָט זיין האָפנונג צו קאָנען פאָהרען קיין ארץ ישראל ווידער אויפגעלעבט . . . אָבער אומזיסט זיינען שוין געווען אַלע זיינע באַמיהונגען עולה צו זיין אין דעם הייליגען פלאַץ וואו משה און אהרן האָבען ניט זוכה געווען, וואו זיינע פארגעגנער אין אַ פריהערדיגען דור, די מנהיגי האומה, דער ווילנער גאון און דער בעל שם, זיינען פון אינמיטען וועג געצוואונגען געווען זיך אומצוקערען . . . .

גרויס איז געווען דעם חפץ חיים׳ס צער איבער דעם פּירוד הלבבות צווישען די פאַרשידענע גרופּירונגען אין ארץ ישראל. די אידען וועלכע פלעגען פאַר זייער פאָהרען קיין ארץ ישראל קומען זיך געזעגענען מיט איהם, פלעגט ער מזהיר זיין דאָרט צו זיין זעהר פאָרזיכטיג פון לשון הרע, שנאת חנם און מחלוקת, ווייל די באצילען פון דיזער גייסטיגע מחלה ציהען זייער אור־שפּרונג, לויט׳ן חפץ חיים, אַזש פון די מרגלים, די „מוצאי דבה״. דאָס ער־קלערט דעם סוד פאַרוואָס די אידישע היסטאָריע פון ארץ ישראל האָט זעלטען צו פאַרצייכענען פאַלען פון דויערהאַפטיגען פאָלקס אחדות. „ס׳איז מעשה שטן וועלכער זוכט מיט אלע מיטלען מעכב צו זיין די אידישע גאולה״, — פלעגט ער טענה׳ן.

אין איינעם פון זיינע לעצטע זומערן אויף זיין דאטשע אין דער אידישער קאָלאָניע דאגאלישאק (7 וויארסט פון ראַדין), זיינען דעם חפץ חיים געקומען באַזוכען צוויי ציוניסטישע פיהרער — מר. אלכסנדר גאָלדשטיין און אַ געוויסער אַדוואָקאַט פון ווילנע. די געסט זיינען אָנגעקומען אונבאַמערקט פון קיינעם, ווייל זיי האָבען געוואָלט בלייבען אינקאָגניטאָ. זיי האָבען זיך ניט פאָרגעשטעלט מיט זייערע נעמען, אָבער „סוד ה׳ ליראיו״. איידער זיי האָבען אָנגעפאַנגען צו רעדען האָט דער חפץ חיים אָנגעהויבען אַ שמועס וועגען פרייען חינוך, וועגען די תרבות שולעס, וועגען איסור פון „נשים

נבריות״ א. א. וו. אויף דער פראגע פון מר. גאלדשטיין וואס ער דענקט וועגען די מאדערנע ארץ ישראל, האט ער זיי געענטפערט:

„אויב איהר מיינט בויען אן ארץ ישראל אזוי ווי די תורה וויל איז גוט — נאר אויב איהר מיינט „נהי׳ ככל הגוים״ ווערט דאס ניט טויגען...״

ניט איינמאל פלעגט מען איהם געפינען וויינען אויפ׳ן קול איבער די הפקרות וועלכע געוויסע עלעמענטען ברייגגען אריין אין הייליגען לאנד.

עש״ק ויקרא תרצ״א, האט ער פארעפענטליכט א מאמר אין וועלכען ער זאגט צווישען אנדערעס:

„אויב דאס הארץ וועהטאגט אויף די ליידען פון אונזערע דריי מיליאן ברידער אין רוסלאנד וועלכע ווערען פארפאלגט צוליב זייער רעליגיאן און גלויבען, ד׳ ירחם! איז דער צער אונגעהויער גרעסער דערהערענדיג אז אויפ׳ן באדען פון אונזער הייליגען לאנד געפינען זיך קאלאניעס וואו די איינוואוינער האבען זיך אפגעקערט פון אויבערשטען, וואו אמונה איז פאר־לוירען און אפגעשניטען פון זייערע ליפען, חילול שבת קודש, אכילת נבלות וטרפות, אכילת חמץ בפסח, ביטול טהרת המשפחה — אט די אלע יסודי הדת זיינען געווארען אזוי ווי הפקר ח״ו, אויף וועלכע זיי זיינען עובר מיט גלייכגילטיגקייט. אויך ווערט דארטען וואס וויטער אלץ מעהר פארשפרייט דער סיסטעם פון פרייע ערציהונג. וועה, וועה צו די אויגען וועלכען זעהען עס צו! וועה צו די אויערען וועלכע הערען עס! און וועה צו אונז צו וואס מיר האבען דערלעבט! אויב מיר וועלען ח״ו שטעהן פון דערווייטענס און בלייבען גלייכגילטיג צו אזעלכע שרעקליכע געשעהענישען, אויב מיר וועלען ניט זעהן עפעס טהאן כל זמן ס׳איז נאך דא צייט, ווער ווייס צו וואס מיר קאנען חלילה דערגרייכען?!

„ראשית כל דארפען מיר קאנצענטרירען אלע כחות בנוגע די ענינים פון חינוך הבנים והבנות, צו גרינדען פאר אונזערע זיהן און טעכטער חדרים און שוהלען, כשר׳ע לויט די פאדערונגען פון אונזער הייליגע תורה אהן קיינע פשרות און ויתורים. ניט לאזען אונזערע קינדער באזוכען אזעלכע לעהר אנשטאלטען וועלכע זיינען פול מיט כפירה און אפיקורסות. מ׳דארף זיך אלע ארגאניזירען פאר׳ן קיום פון די יסודי היהדות און די פארשטארקונג פון אונזערע טהעטיגקייטען פאר החזקת התורה...״

כג.

# זיין פטירה

דער חפץ חיים איז וואָס ווייטער אלץ מעהר און מעהר פיזיש אָפּגעשוואכט געוואָרען. ער פלעגט שוין מעהר ליגען ווי ארומגעהן. אין יאָהר תרצ״ג, איז ער שוין כמעט פון בעט ניט אראָפּ. די תלמידים פון דער ישיבה זיינען פון איהם ניט אָפּגעטראָטען, האָבען איהם געהיט און באַדינט טאָג און נאַכט. ס׳פלעגען זיין טעג ווען ער האָט זיך געפיהלט אזוי שוואך, אז עס איז איהם פשוט שווער געווען צו רעדען. פלעגט ער דאַן אַ פאַרטראַכטער ליגען און שעפטשען מיט די ליפּען.

אין מיטען פון חדש אלול, איז ער קראנק געוואָרען אויף אַ פאַרקיהלונג. אבוואָהל די סימפּטאמען זיינען ניט געווען ערנסט, האָט מען צו איהם ארויס־גערופען ספּעציעל אַ דאָקטאר פון ווילנע, וועלכער האָט איהם ערקלערט אויסער געפאַהר. ליידער צום טיפען צער און גרויס באַדויערן פון כלל ישראל איז אונערוואַרטעט געקומען אַ שינוי. די פאַרקיהלונג האָט זיך אנט־וויקעלט אין אַ לונגען־ענטצינדונג. די לאגע איז געוואָרען קריטיש; די תלמידים האָבען די גאנצע צייט געהאַלטען אין איין תהלים זאָגען. אָבער „נצחו אראלים את המצוקים ונשבה ארון הקודש!״

פרייטאג, כ״ד אלול תרצ״ג, אין דער פריה, איז דער חפץ חיים נפטר גע־וואָרען. די לויה איז, לויט׳ן באַשלוס פון הגאון ר׳ חיים עוזר, אָפּגעלייגט געוואָרען אויף זונטאג, משום כבודו של נפטר. די טרויעריגע ידיעה איז גלייך דורך קייבעל פאַרשפּרייט געוואָרען אין דער גאַנצער וועלט.

זונטאג פריה, דעם טאָג פון דער לויה האָבען אויף אַלע וועגען וואָס פיהרען קיין ראַדין זיך געצויגען לאַנגע שורות אויטאָמאָבילען, פוהרען און פוס־געהער פון אַלע אַרומיגע, נאָהענטע, ווייטע און גאָר ווייטע קהלות וועלכע האָבען זיך געאיילט אָפּגעבען דעם לעצטען כבוד דעם סבא קדישא זצ״ל. תלמידים פון אלע ישיבות זיינען געקומען צוזאמען מיט זייערע ראשי ישיבות און מנהלים, בראש אויך דעלעגאציעס פון פארשידענע אינסטיטוציעס און

מוסדות פון גאנצען געגענד. אויך האָט די רעגירונג געשיקט פאַרטרעטער. טראָץ די שטערונגען פון דעם שלעכטען וועטער און שלעכטע קאמוניקאציע, האָט זיך פארזאמעלט אין דאָס קליינע שטעטעלע איבער פינף טויזענט מענשען. זעהר זעלטען ווען עס קלייבט זיך צונויף אויף איין אָרט אַזאַ כינוס צדיקים וגדולים, ווי די וועלכע עס זיינען געקומען מקרוב ומרחוק לכבוד דעם חפץ חיים זצ״ל.

צו דער טהרה זיינען צוגעלאָזען געוואָרען נאָר די תלמידים זיינע וועלכע האָבען איהם משמש געווען בחייו. געטראָגען דעם ארון האָבען נאָר תלמידים בני הישיבה און איניגע רבנים. צווישען די מספידים זיינען געווען באקאנטע רבנים. זיין זוהן הרב ר׳ ליב, וועלכער האָט אזוי נאָהענט און אינטים געקאָנט זיין גרויסען פאָטער, האָט אין ריהרענדע ווערטער געשילדערט זיין גרויסע אַרבייט און מסירת נפש פאַר תורה און כבוד שמים פאַר די לעצטע יאָהרען; זיין איידים הרב רממ״י זאַקס, דער ראש הישיבה, האָט צווישען אנדערעס געזאָגט: קיינער איז ניט בכח מגלה צו זיין אפילו אַ מקצת מן המקצת פון די גדלות פון גרויסען נפטר. דער נסתר פון איהם האָט פיעל איבערגעשטיגען דעם נגלה. די נעמען פון זיינע ספרים זיינען ניט קיין צופעליגע. זיי האָבען אויסגעדריקט דעם מהות פון זיין פערזענליכקייט „חפץ חיים״, ווייל נאָר ער האָט פאַרשטאַנען דעם ווערט פון לעבען, ער האָט דאָס לעבען פאַרהערליכט, ער האָט זיך דערהויבען צו דער העכסטער מדרגה. „אהבת חסד״, ווייל ער איז געווען די פאַרקערפערונג פון חסד און זיין גאַנץ לעבען איז אַ קייט פון חסד... זיין איינגסטער זוהן און די אייניקלאך הרבנים מהר״י לעווינסאָן און הרא״ז קאַפלאַן, האָבען ארויסגעבראַכט יעדערער אויף זיין אופן די כאַראקטעריסטישע שטריכען פון זייער גרויסען פאָטער און פאָטער פון כלל ישראל.

זעהר ריהרענד און האַרציג זיינען געווען די ווערטער פון אלטען ראש ישיבה, וועלכע האָבען ארויסגערופען ביי אלעמען אַ יללה:

— „אויף וועמען האָסטו אונז איבערגעלאָזען?״ רופט אויס הר״ר משה — „דער מצב פון אידישען פאָלק איז דאָך איצט אזוי טרויעריג. דריי מיליאָן אידען מאַטערען זיך אין רוסישען גיהנם און יעצט דאָס אידענטום אין דייטשלאַנד!! טרויעריג איז די לאַגע פון אידישען פאָלק, מ׳זעהט ניט קיין אויסוועג. אויף וועמען האָסטו אונז, אונזער פאָטער, איבערגעלאָזען?״

„הייליגער רבי!״ שרייט ער אויס, „געהט ארויף אין הימעל אריין, זאַמעלט צונויף די הייליגע אבות, און געהט צוזאַמען מיט זיי צום כסא הכבוד

און פרעגט: רבונו של עולם! ווי לאַנג נאָך וועלען דיינע קינדער אָפּגעהן מיט בלוט און זיין אויסגעשטעלט צו שאַנד און צו שפּאָט, ווי לאַנג נאָך וועלען מיר זיין אזוי פאַרוואָגעלט? עס איז דאָך ניטאָ אויף דער גאַנצער וועלט קיין איין גאַנץ אידיש האַרץ, צובראָכען כחרס הנשבר זיינען די אידישע הערצער — און ווי לאַנג וועט עס אזוי דויערען?

„הייליגער רבי! איהר האָט דאָך תמיד געהאָפט אויף משיח'ן, איהר האָט דאָך אזוי שטאַרק געגאַרט אויף דער גאולה שלמה, אַז אידען זאָלען אויפגעריכט ווערען. זייט'זשע אַ מליץ יושר פאַר'ן כלל ישראל און באַמיהט זיך אַז עס זאָל שוין קומען די גאולה, עס איז שוין די העכסטע צייט".

ער האָט דאַן אין וואַרימע ווערטער אַפּעלירט צו די פאַרזאַמעלטע מ'זאָל געדיינקען אָן דעם לעבענס־ווערק פון גרויסען נפטר און אונטערהאַלטען זיין גרויסע ישיבה.

## רעליגיעזע אידען פייערען ניט קיין געבורטסטאָג

„עיר פרא אדם יולד", דער מענש ווערט דאָך געבוירען אַ ווילדע זאַך, אַ רויער חומר וואָס דאַרף זיך אליין שפּעטער אויסאַרבייטען, טאָ וואָס איז זיך דאָ צו פרעהען? דער הויפּט איז דאָך ווי דער מענש לעבט, די היסטאָריע וואָס ער האָט געשאַפען אין זיין לעבען.

אויב אונזערע חכמים ווילען וויסען ווען משה רבנו אָדער דוד המלך איז געבוירען געוואָרען דרינגען זיי עס פון טאָג ווען זיי זיינען געשטאָרבען, ווייל „הקב"ה ממלא שנותיהם של צדיקים מיום ליום". מיר האַלטען זעלטען אַ געבורטס רעקאָרד פון אונזערע גדולים.

דערפאַר היט מען אָפּ דעם יאָהרצייט פון אונזערע גרויסע מענשען, ווייל דאָס גיט אונז אַ מעגליכקייט זיך צו שאַפען אַ באַגריף פון זיינע מעשים און דערגרייכונגען. ווייל ריכטיג אָפּשאַצען אַ מענשען איז אוממעגליך, סיידען מען האָט פאַר די אויגען אַ פאלקאמנעם רעקאָרד פון זיין גאַנצען לעבען, פון זיין ווירקונג און שאַפונג. דער מענש קאָן דאָך ווערען בעסער אָדער ערגער כל זמן ער לעבט. דער טאָג פון יאָהר־צייט איז דאריבער אַ טאָג פון עראינערונג און אינספּיראַציע, פון נשמה דערהויבונג און באַשלוסען פאַר העכערע שטרע־בונגען און מעשים טובים.

גרויס און וויכטיג, הייליג און טייער, וועט בלייבען דער טאָג פון כ"ד

אלול תרצ״ג, פאַר אונצעהליגע דורות, און ספּעציעל פאַר די וועלכע האָבען געהאַט די זכיה זיך צו וואַרימען אין די שטראַהלען פון אַט דער מאַיעסטעטישער זון וועלכע האָט 96 יאָהר באלויכטען דעם אידישען הימעל אין דער גאַנצער וועלט — דער חפץ חיים.

עס איז שוין כמעט געוואָרען אַן אָנגענומענער מנהג צווישען די תלמידים אינ׳ם יאָהר־צייט טאָג, הויפּטזעכליך צו לערנען דעם ספר „חפץ חיים״, און זיך מתבונן צו זיין אין די הייליגע דברי תורה ומוסר וואָס מ׳האָט געהאַט די זכיה פון איהם מקבל צו זיין.

## הגאון ר׳ חיים עוזר׳ס אָפּשאַצונג

הגאון ר׳ חיים עוזר גראָדזענסקי, האָט אַמאָל באַמערקט:

„מיר אַלע זיינען דאָך מעהר אָדער ווייניגער משוחדים פון געלד, כבוד און אַנדערע תאוות. ער איז אָבער געווען באשיצט מיט אַ פאַנצער פון קדושה וטהרה אַז קיין שלעכטס האָט צו איהם ניט געקאָנט צוקומען״.

אויך ביי אַן אנדער געלעגענהייט האָט דער זעלבער גאון אמאָל כאַראַקטעריזירט דעם חפץ חיים אזוי:

„דער חפץ חיים איז מיט זעקס דורות גרעסער פאַר אונז, ווארום דער חפץ חיים איז דאָך שוין געווען אַ חפץ חיים מיט דריי דורות צוריק, און דאָס איז דאָך בלי ספק אַז אונזער דור איז אַראָפּ נידעריגער אַמווייניגסטענס מיט דריי דורות ווי ער האָט באַדאַרפט זיין״.

צו דער לויה האָט ר׳ חיים עוזר, צוליב זיין קראנקהייט, נישט געקאָנט אַנוועזענד זיין. ער האָט זיין הספד פאַרעפענטליכט אין אַ ספּעציעלען בריוו וועלכען מיר זעצען דאָ איבער פון העברעאישען אריגינאַל:

„אין פאַרלויף פון אונזער לאַנגען גלות האָט השי״ת מיט זיין גרויסען חסד אונז פאַרזאָרגט מיט גרויסע פאָלקס־פיהרער וועלכע ער האָט פאַרפלאַנצט אין יעדען דור. זיי זיינען געווען אונזערע ליכט וועלכע האָבען באלויכטען די פינסטערקייט פון אונזער גלות. זאָגאַר ווען די דורות זיינען געפאַלען פון זייער אַמאָליגע הויך און די הערצער זיינען געוואָרען גייסטיג שוואַך, האָט דאָך דער אויבערשטער פון צייט צו צייט באלויכטען אונזערע הימלען מיט שטראַהלענדע שטערענס וועלכע ער האָט נאָך איבערגעלאָזען פון אַמאָל. זיי האָבען אויסגעקוקט ווי גייסטיגע ריעזען אין פאַרגלייך מיט זייערע דורות.

„אויך אין אונזער צייט, אין אָט דעם פאַר׳יתום׳טען דור אין וועלכען זיינען כמעט ניט געבליבען קיין אמת׳ע גרויסע מענשען; ווען די זון איז פאַרדונקעלט און פינסטערניש באדעקט אונזער וועלט — האָט די השגחה איבערגעלאָזט בלויז איינינע געצעהלטע גדולים. און איינער וועלכער איז (אחד המיוחד) באַזונדערס אויסגעצייכענט געווען מעהר פון אלע, און ווי אַ שיינענדע זון באַלויכטען די גאַנצע וועלט, איז געווען אונזער רבי און פיהרער, די ליכט פון ישראל, הגאון ר׳ ישראל מאיר הכהן מראדין זצוקללה״ה. ער איז געווען דער פערזאָן וועמען די השגחה האָט געלאָזען פאַר אונז פון אַ פריהערדיגען דור און וועמעס גלייכען עס איז פאַר פיעלע דורות יאָהרען ניט געווען; אַ הייליגער צדיק וועלכער איז געווען געאַכטעט און פאַרהייליגט ביי אַלעמען; וועמען דאָס גאַנצע פאָלק ישראל — אָהן אונטערשיעד — האָבען ערקלערט אַלס קדוש וטהור. ער האָט געלערנט תורה לשמה, ער האָט ווירקליך זוכה געווען צו דברים הרבה, „כל הלומד תורה לשמה זוכה לדברים הרבה״. דער תנא זאָגט ניט צו וואָס. באַטראַכטענדיג אָבער דעם חפץ חיים, זיין גייסטיגע ערהאַבענקייט און וועלט אַנערקענונג פארשטעהט מען דאַן קלאָר דעם פשט פון „דברים הרבה״, אלעס וואָס ער האָט געטהאַן איז געווען בלויז לשם שמים, און כדי צו פאַרמעהרען דעם כבוד שמים אויף דער וועלט.

„פון הימעל האָט מען איהם מזכה געווען מחבר צו זיין זיינע הייליגע ספרים, וועלכע זיינען פארשפרייט געוואָרען אין דער גאַנצער וועלט, און וועלכע ווערען איבעראַל געלערענט פון יחידים און חברות. זיי זיינען אָנגענומען געוואָרען ביי אַלעמען אזוי ווי די ווערטער פון אורים ותומים. אַלע זיינע יאָהרען זיינען געווען אַ לאַנגע קייט פון תורה און עבודה און חסד. ווען ער איז שוין זאַגאַר זעהר אַלט און קראַנק געווען האָט ער אונערמידליך און מיט אויסערגעוועהנליכע מסירת נפש זיך איבערגעגעבען צו כלל זאַכען און גייסטיגע ענינים אויף אַזאַ הויכען מאַסשטאַב אַז עס איז ממש אומבאַגריי־פליך און אַן איבעראַשונג פאַר אונז. דאָס גאַנצע פאָלק ישראל האָט אַנ־ערקענט זיין גרויסע צדקות און חסידות און האָט הויך געשעצט זיינע באַמיהונ־גען צו שטאַרקען און מוטהיגען די שוואַכע און איינצואוואָרצלען די אמונה טיף אין אַלעמענס הערצער.

„ניין, ניט פאַר׳יתום׳ט און עלענד איז אונזער דור געווען כל זמן דער צדיק איז געווען צווישען די לעבעדיגע מיט אונז. עלענד, פאַרלאָזען, און פאַר׳יתום׳ט האָבען מיר זיך אָבער דערפיהלט ווען מיר האָבען דערהערט די טרויעריגע

און ערשיטערענדע נאַכריכט אַז דער ארון הקודש איז געפאַנגען געוואָרען און אַז דער דור האָט פאַרלוירען דעם צדיק . . .״

אזוי שרייבט דער וועלט באריהמטער ווילנער רב — וועלכער האָט מעהר און בעסער פון אַלע אַנדערע געקאָנט און פאַרשטאַנען ווער און וואָס עס איז געווען ר׳ ישראל מאיר הכהן.

# עוסק זיין אין תורה

רבי מאיר אומר הוי ממעט בעסק ועסוק בתורה, ואם בטלת מן התורה יש לך בטלים הרבה כנגדך, ואם עמלת בתורה, יש לו שכר הרבה לתן לך (פרקי אבות, ד').

מען דארף פאַרשטעהן א) פאַרוואָס זאָגט דער תנא אַז פאַר לערנען קריגט מען אַסך שכר, פאַרוואָס עפּעס אַסך? מעהר וויפיעל מען פאַרדינט גיט מען דאָך נישט, ב) פאַרוואָס קומט עפּעס אַסך שטראָף פאַר ביטול תורה, מעהר וויפיעל מען פאַרדינט? ג) וואָס איז דער פשט פון „כנגדך"?

ווי באַוואוסט איז דער עיקר תכלית פון מענשען אויף דער וועלט, צו ווידמענען זיך צו לימוד התורה (תלמוד תורה כנגד כלם), דער מענש האָט דאָך אָבער מאטעריעלע פאַרפליכטונגען אויך, ער דאַרף דאָך עסען, טרינקען, שלאָפען, ועל כלם דאַרף ער דאָך ארבייטען פאר פרנסה. פאַרשטעהט זיך אַז וואָס ער מוז, מוז ער; אָבער ער דאַרף אמווייניגסטען זיין פאַרזיכטיג נישט צו פאַרטאַכלעווען קיין איבעריגע צייט, נאָר באַנוגענען זיך בלויז מיט הכרחיות און אָפּשפּאָרען וואָס מעהר צייט אויף לימוד התורה, דאַן ווערט די צייט אין וועלכער ער איז זיך עוסק מיט זיינע מאטעריעלע אינטערעסען אויך וויכטיג, ווייל ער וואָלט דאָך ליבערשט די צייט אָפּגעגעבען פאַר תורה, ווען ער וואָלט נישט געווען געצוואונגען צו ארבייטען פאַר זיינע קערפּערליכע נויטווענדיגקייטען; לויטען כלל „אונס רחמנא פטריה", דאַרף ער נעמען שכר אפילו פאַר אָט דער צייט. „חשב אדם לעשות מצוה ונאנס ולא עשאה מעלה עליו הכתוב כאילו עשאה" (ברכות ו' ע"א). נישט אזוי אָבער ווען ער פאַרטאַכלעוועט זיין ליידיגע צייט אויף דברים בטלים, דאמאלט קאָן ער שוין מעהר ניט מאָנען קיין שכר פאַר'ן עוסק זיין אין עניני עולם הזה, ווייל ווי קאָן ער זאָגען אַז ער וואָלט געלערענט ווען ער וואָלט געהאַט צייט, ער אליין באַווייזט דאָך אַז אפילו האָבענדיג צייט לערענט ער אויך נישט, קומט אויס אַז אנשטאט שכר, פאַרדינט ער גאָר אַ עונש, פאַר נישט עוסק זיין אין נשמה זאַכען.

עצה'ן דאריבער די חז"ל: „הוי ממעט בעסק ועסוק בתורה", דאָס הייסט שפּאָר אָפּ וואָס מעהר צייט פאַר לימוד התורה, ואם בטלת מן התורה, דאָס הייסט אויב עס איז ביי דיר רעכט צו פאַרברענגען די צייט פאַר גאָרנישט, ווערסטו נישט נאָר פאַר דאָס באַשטראָפט, נאָר „יש לך בטלים הרבה כנגדך", מיינענדיג זאגאר פאַר דער צייט וואָס דו פאַרברענגסט אויף מאַטעריעלע נויטווענדיגקייטען וועסטו אויך באַשטראָפט ווערען.

דאגעגען, ואם עמלת בתורה יש לו שכר הרבה ליתן לך, אויב דו פאַר־שווענדסט ניט די ליידיגע צייט, נאָר דו ביזט וואָס מעהר עוסק אין תורה, דאָן באַקומסטו אַסך שכר, אפילו פאַר דער צייט וואָס דו ביזט עוסק אין עניני עולם הזה.

———0———

# זיך מבזה זיין צוליב תורה

אַמאָל איז דער חפץ חיים געגאנגען צו אַ ווארשעווער נגיד, וועלכער איז געווען באוואוסט אַלס אַ גרויסער קמצן, אום צו קריגען אַ נדבה פאַר זיין ישיבה, געהענדיג אויף די שטיגען האָט ער געשעפּטשעט צו זיך די ווערטער (דעם מאמר חז"ל), יחזקאל בן בוזי בן ברכיה שמו ונקרא בן בוזי בן שמבזה את עצמו על כבודו של מקום ועל כבודו של ישראל (ויקרא רבה).

„רבונו של עולם איך געה זיך יעצט מבזה זיין פאַר דיין כבוד וועגען, פאַר'ן כבוד ישראל, פאַר כבוד התורה!"

———0———

# ערגער ווי בלינדע.

מרגלא בפומיה — אָהן תורה זיינען מיר ערגער ווי בלינדע. אפילו אַ בלינדער קאָן געפינען אַן אַלטען אויסגעטראָטענעם וועג אָהן אַ פיהרער, אָבער אָהן תורה קאָנען מיר אויף אַזאַ וועג אויך פאַרבלאָנדזשען. אַ פשיטא שוין ווען מיר לאָזען זיך אָהן פיהרער אויף נייע וועגען, זיינען מיר פאַרלאָרענע.

# אייביגער לעבען

דער הייליגער תנא ר׳ יוחנן בן זכאי זאָגט: „אם למדת תורה הרבה אל תחזיק טובה לעצמך כי לכך נוצרת״ (פרקי אבות). אַ מענש דאַרף זיך פרעגען, נאָך וואָס בין איך געקומען אויף דער בלאָטיגער וועלט, עולם הבא האָט דאָך דער רבונו של עולם געקאָנט געבען אויף יענער וועלט אָהן דעם קומען אהער אויך. מוזען מיר אָבער וויסען אַז קיין תורה איז דאָרט נישטאָ, „לא בשמים היא״, און אָהן תורה איז מען אַן אייביגער ארימאַן. מען זאָל פרעגען איינעם, וואָס ווילסטו זיין איין יאָהר אַן ארימאַן און נאָכדעם זיבעציג יאָהר אַ גביר, אָדער זיין איין יאָהר אַ גביר און שפּעטער זיבעציג יאָהר אַן אָרימאַן. וועט אַ מענש אַ בר דעת געוויס זאָגען זיין ענטפער, אַז עס איז בעסער צו זיין אַ ווײַלע אַן אָרימאַן כדי שפּעטער צו ווערען אַ גביר פאַר אַ לאַנגער צייט.

גילקליך זענען יעניגע וועלכע באַגריפען די אומשאַצבארע רייכטימער פון דער תורה, וועלכע זענען אָפען פאַר אַלעמען.



# אַ פרוי׳ס חלק אין תורה

נשים במאי זכיין באקרויי בנייהו לבי כנישתא ובאתנויי גברייהו בי רבנן ונטרן לגברייהו עד דאתי מבי רבנן (ברכות י״ז, ע״א).

ווי באַוואוסט זיינען פרויען גופא פטור פון לערנען תורה, פונדעסט־וועגען זיינען זיי מחויב אין אַלע מצות עשה שלא הזמן גרמא און אין אלע מצות לא תעשה, קאָנען זיי דאָך האָבען זכויות מקיים זייענדיג די מצות וועלכע זיי זיינען פאַרפּליכטעט מקיים צו זיין, טאָ וואָס זשע פרעגט די גמרא צוליב וואָס פאַר אַ זכות פאַרדינען די פרויען עולם הבא?

דער תירוץ איז, אַז האָבענדיג תורה האָט מען שוין אלץ, און אָהן תורה האָט מען גאָרנישט. ווי די חז״ל זאָגען, אַז דער וואָס באַנוצט זיך מיט דער ליכטיגקייט פון דער תורה איז די ליכט פון דער תורה איהם מחיה (כתובות קי״א).

ווען איינער בויט אַ הויז איילט ער זיך די הויז צו פאַרזיכערען (אינשורען) טראַצדעם וואָס עס איז אַ וויטלויפיגע מעגליכקייט אַז די הויז זאָל אָפּברענען. דעם מענשענ׳ס גוף וועט דאָך געוויס פאַרברענט ווערען אין דער ערד, דאַרף דאריבער דער מענש זיך פאַרזיכערען ער זאָל בכח זיין אויפצושטעהן תחית המתים.

און דאָס קאָן דערגרייכט ווערען נאָר דורך **תורה**.

עס איז דאריבער קיין וואונדער נישט וואָס די חכמים ערקלערען, אַז כאָטש אַ פרוי זעלבסט איז אויסגעשלאָסען פון לימוד התורה, פונדעסטוועגען קאָן זי האָבען אַן אומדירעקטען זכות דורך באַאיינפלוסען איהר מאַן און קינדער זיי זאָלען לערנען. אָהן דעם וואָלטען אלע זכויות איהר נישט בייגע־שטאַנען (זעה דעם ספר „חובת השמירה״). אלס אילוסטראציע קאָן דינען דער פאלגענדער סיפור:

דער שאגת אריה, זייענדיג רב אין וואלאזשין, האָט צוליב זיין אָרימקייט אליין נישט פאַרמאָגט קיין ספרים צו לערנען. איז ער איינמאָל געזעסען אין דער הויז פון ר׳ איצעלע׳ן, דער פאָטער פון ר׳ חיים וואלאזשינער, און דאָרט מעיין געווען אין פאַרשידענע ספרים. דאַן איז פונקט די מוטער פון ר׳ חיים׳ן, געגאַנגען צו קינד און געווען אין מיטען פון איהרע חבלי לידה. וויסענדיג אז דער רב זיצט יעצט און לערענט, האָט זי זיך קאָנטראלירט די גאַנצע צייט און נישט געקרעכצט, נאָר האָט געליטען די וועהען אין דער שטיל.

נאָכהער ווען דער שאגת אריה האָט זיך דערפון דערוואוסט, איז ער זעהר געריהרט געוואָרען פון אַזאַ בראַווקייט לכבוד התורה.

ער האָט דאַן אויפגעהויבען די הענט און געשפּטשעט אַ **תפילה**:

„רבונו של עולם, דערפאַר וואָס די פרוי האָט זיך איינגעהאַלטען און נישט געשריהען לכבוד התורה, בענש איהר מיט אַ זוהן וועלכער זאָל פאַרשרייען די וועלט מיט זיין תורה״.

די ברכה איז מקוים געוואָרען. עס איז געבאָרען געוואָרען ר׳ זלמנ׳קע, וועלכער האָט ווירקליך פאַרקלונגען די וועלט מיט זיין תורה.

**„אָט דאָס הייסט האָבען אַ חלק אין דער תורה״.**

———o———

# אליין לערנען

רעדענדיג וועגען דעם חפץ חיים׳ס ווארימע ווערטער מכח דעם גלייכען חלק אין זכות פון אַ מחזיק תורה מיט׳ן לומד תורה, האָט ר׳ הירש, זיין אידים באַמערקט, אַז אמת טאַקע אַ גלייכער חלק, אָבער עס איז דאָך מעהר נישט ווי אַ געקויפטער חלק, אַ געקויפטע עולם הבא, עס קומט דאָך אָבער נישט צום פאַרגעניגען וואָס אַ מענש האָט פון יגיע כפיו, פון זיין אייגענער הארע־וואניע. ווי ריכטיג עס זאָגען די חז״ל „רוצה אדם בקב שלו מתשעה קבין של אחרים״. אַז איין מאָס פון אַ מענשען׳ס אייגענער הארעוואניע, פון אייגענער פראצע, איז איהם ליבער ווי ניין מאָס וואָס ער קריגט פון אנדערע.

---

# שטענדיגקייט פון דער תורה

קיין אידעע, קיין באוועגונג, האָט נישט קיין עקזיסטענץ, בארעכטיגונג, אויב עס איז אָפּהענגינג בלויז אויף אַ געוויסען יחיד.

דער גרעסטער אידעאל אין דער וועלט איז די תורה. דער גרעסטער פיהרער פון אידישען פאָלק איז געווען משה רבנו.

דער לעצטער האָט מעהר אויפגעטהאָן פאַר זיין נאציע, ווי אירגענד וועלכער אנדערער אידישער מנהיג; ער האָט פארוואנדעלט די אידען אין אַ פאָלק און זיי דערהויבען צו זעהר אַ הויכער מדרגה פון גייסטיגער הויכקייט און גרויסקייט. פון דעסטוועגען כאָטש משה רבנו איז געשטאָרבען אין דער מדבר, האָט דאָס פאָלק באַדאַרפט פאַרזעצען זיין אייגענארטיגען לעבען. גאָט זאָגט יהושע׳ן, „משה עבדי מת״. אמת משה איז געשטאָרבען, ער האָט אָבער אייך איבערגעלאָזען די תורה און איהר עקזיסטענץ איז נישט אפּהענגיג אין קיין איינצעלנע פערזאָן, אפילו אויב די פערזאָן איז אַ משה רבנו. „רק חזק ואמץ לא ימוש ספר התורה הזה מפיך״. געדענק אַז דער קיום איז ניט תלוי אין אַ געוויסער צייט, אָרט, אָדער מענש.

זיי דאריבער געשטארקט און היט איהר אָפּ.

# ווי אַזוי

ותתצב אחותו מרחק לדעה מה יעשה לו.
(שמות ב׳)

זיין שוועסטער מרים האָט זיך אָוועקגעשטעלט פון דערווייטענס כדי צו וויסען וואָס עס וועט מיט איהם געטהאָן ווערען, ד. ה. זי האָט געוואוסט און געפיהלט אַז משה וועט גערעטעוועט ווערען, זי האָט בלויז נישט געוואוסט אויף וואָס פאַר אַן אופן.

אַז אזוי איז דער פשט, קאָן מען ברענגען אַ ראיה פון במדבר ט״ו. ביים מקושש עצים שטעהט, „כי לא פורש מה יעשה לו״, זאָגט רש״י, לא היה יודע באיזה מיתה ימות, אבל יודע היה שמחלל שבת במיתה, וד״ל...

דער חפץ חיים האָט דאָס באטאָנענדיג זיך אויסגעדריקט, עס איז ביי מיר קיין ספק נישט אַז די ישיבות וועלען עקזיסטירען, תורה וועט נישט אונטערגעהן, איך ווייס אָבער נישט ווי אזוי.

———0———

# לערענט מיט׳ן בעל עגלה

ר׳ ח. א. וו., אן איישישאקער, יעצט אין אמעריקא, דערצעהלט דאָס איינ־מאָל אין אַ ווינטער נאַכט איז ער געפאָרען צוזאַמען מיט ר׳ ישראל מאיר׳ן אלס דעם לעצטענס בעל עגלה, דער חפץ חיים וועלכער איז געזעסען פאַר־טראַכט אין זיינע געדאַנקען, טהוט פלוצלונג אַ זאָג צו איהם, ר׳ ח. א. איהר שלאָפט? ניין! ניין! רבי איך שלאָף נישט, האָט ער איהם געענטפערט. איהר ווייסט וואָס איך טראַכט, ר׳ ח. א.? מען ווערט דאָך עלטער, קאָן מען דאָך חלילה בלינד ווערען און נישט אומשטאַנד זיין צו לערנען פון אַ ספר, דאַרף מען זיך גאָר אויסלערנען אַביסעל משניות אויף אויסוויינינג, אָט זאָלען מיר ביידע צוזאַמען איבער חזר׳ן עטליכע משנות! אבער רבי, זאָגט דער בעל עגלה צו איהם, איך קאָן קוים אביסעל אינוויינינג, טאָ ווי אזוי קאָן איך גאָר לערנען אויסוויינינג? זאָגט דער חפץ חיים צו איהם, זאָלען מיר זאָגען צוזאַמען וועלן מיר זיך דערמאָנען איינער דעם אנדערען, און ער האָט אָנגעפאַנגען צו זאָגען משניות מיט׳ן ר״ב און תוספות יו״ט און דער בעל עגלה האָט איהם

נאָכגעזאָגט, דער לעצטער האָט געמיינט ער וועט זאָגען בלויז עטליכע משנות, אָבער דער חפץ חיים האָט געהאַלטען אין איין זאָגען פרקים, מסכתות, ער האָט זיך אזוי פארטיעפט דאָס ווען ער האָט געענדיגט איז שוין לאַנג די נאַכט געוועזן פאַרשוואונדען.

---

## אונפאַרגלייכבאר

כל חפציך לא ישוו בה (משלי ג׳).

זאָגען די חז״ל, אַז אַלע טייערסטע זאַכען פון דער וועלט קאָנען זיך נישט פאַרגלייכען צו איין זאַך פון דער תורה. מ׳קאָן עס פאַרשטעהן מיט אַ משל:

אַ גרויסער מלך האָט אַמאָל באַשטעלט ביי אַ קינסטלער אין אַ אַנדער שטאָדט אַ קרוין, נאָכדעם ווי די קרוין איז געמאַכט געוואָרען, האָט ער געשיקט איינעם פון זיינע מיניסטאָרען עס אָפצוברענגען. אויפ׳ן וועג דורכפאָרענדיג אַ דאָרף, האָט ער באַמערקט ווי אַ פויער אַקערט אַ פעלד מיט אַ פאָר שעהנע אָקסען. האָט ער דעם פויער צוגערופען און געבעטען איהם זיי צו פאַרקויפען. דער פויער האָט זיך אָבער ענטזאָגט עס צו טהאָן. האָט דער מיניסטער לפנים וועגען, איהם פאָרגעלעגט די קרוין אַ חילוף פאַר די אָקסען, אָבער דער פויער אין זיין אומוויסענהייט האָט ערקלערט, אַז ער וועט די אָקסען פאַר קיין געלד אין דער וועלט נישט פאַרבייטען. ליידער דאַרף מען ניט זוכען דוקא צווישען די פויערים מענשען מיט אזעלכע קליינליכע השגות, מיר געפינען זיי אומעטום. מענשען פאַרשטעהען ניט די אונפאַרגלייכליכע חשיבות פון כתר תורה. אזוי ווי יענער פויער, ווילען זיי נישט אומבייטען זייער אָקסען־לעבען אפילו פאַר דער קרוין פון דער תורה.

---

## ליידען פאַר תורה

וירא מנחה כי טוב ואת הארץ כי נעמה ויט שכמו לסבל (בראשית מ״ט).

„דערזעהענדיג אַז מנוחה איז גוט און די לאַנד איז אַנגענעהם, האָט ער געבויגען זיין שולטער צו טראָגען די לאַסט פון דער תורה" (זעה רש״י).

מ׳קען עס פאַרשטעהן מיט אַ משל. אַ איד איז געפאָרען צום לייפציגער יריד, דאָרט האָט זיך איהם געמאַכט צו קויפען אַ גרויסע מציאה פאַר וועלכער ער האָט קוים געהאַט געלט. האָט ער דאריבער אָפּגעקאַרגט פון אַלע זיינע הוצאות הדרך, זיך באַנוגענט מיט זעהר ווייניג, מיט דער האָפנונג, אַז צוריק קערענדיג זיך אַהיים מיט דער מציאה וועט ער ערשט דאמאלט קענען געניסען.

כך, אזוי דאַרף אַ מענש אָפּקאַרגען פון אלע אנדערע הוצאות אום זיך איינצושאַפען אַ חלק אין דער תורה, ווייל פאַר דער תורה לוינט אלעס צו ליידען.

---

# גאַנצקייט פון תורה

די חז״ל זאָגען, אַז ווען שלמה האָט געהייראט מעהר פרויען ווי עס איז איהם ערלויבט לויט׳ן דין, האָט די תורה פראָטעסטירט פאַר גאָט, אַז שלמה וויל אויסרייסען דעם יו״ד פון „לא ירבה לו נשים״. האָט איהר גאָט באַרוהיגט צוזאָגענדיג, אַז טויזענטער שלמה׳ס וועלען אונטערגעהן אָבער נישט קיין אות פון דער תורה (ירושלמי סנהדרין פ״ב).

דאַרף מען פאַרשטעהן פאַרוואָס מיר געפינען ניט, אַז די תורה זאָל האָבען אַ טענה קעגען אַנדערע גרויסע מענשען וועלכע האָבען געבראָכען דעם אָדער יענעם געזעץ. למשל דוד, באַגעהענדיג דעם חטא מיט בת שבע׳ן? עס שטעהט אויך אַז, „אלמלא קבל דוד לשון הרע לא נחלקה מלכות בית דוד, ולא עבדו ישראל עבודה זרה״ (שבת נ״ז). און דאָך האָט קיין חלק פון דער תורה נישט פּראָטעסטירט צום רבש״ע?

קאָן מען דערויף ענטפערען אזוי:

עס אז ידוע, אַז עס איז כמעט אוממעגליך פאַר אַ יחיד מקיים צו זיין די גאַנצע תורה. אויב איינער איז אַ מחלל שבת געפינען זיך דאָך דערפאַר אַסך שומרי שבת, אובי איינער זינדיגט אין מאכלות אסורות, זיינען דאָך דאגעגען דאָ פיעל כשרות אָפּהיטער, ממילא ווערט פון דעם כלל אָפּגעהיט די גאַנצע תורה. דערפאַר ווען גרויסע מענשען האָבען פאַרבראָכען געוויסע פרינציפּען פון דער תורה, איז נישט געווען אַזאַ גרויסער אומגליק, ווייל

אַסך אַנדערע האָבען עס מקיים געווען. למשל, דוד׳ס זינדיגען מיט א אשת איש, אָדער זיין חטא פון לשון הרע.

אנדערש אָבער איז געווען דער חטא פון „לא ירבה לו נשים” וואָס שלמה האָט עובר געווען. דער דין האָט דאָך געהאָט צו טהאָן נאָר מיט אַ מלך ישראל, און אויב ער האָט עובר געווען, אויב דער קעניג האָט עס געבראָכען, וועט דאָך קיין אנדערער עס נישט קאָנען מקיים זיין. נמצא אַז צוליב שלמה׳ס חטא איז דער גאַנצער דין צושטערט געוואָרען. איבער דעם האָט דער „לא ירבה” זיך געקלאָגט פאַר דעם רבש״ע.

הגאון ר׳ משה לאנדינסקי, האָט צו דעם צוגעגעבען, אַז דער תירוץ מאַכט רעכט נאָך אַ גמרא (יומא כ״ב): „שאול באחת ועלתה לו דוד בשתים ולא עלתה לו”. ד. ה. שאול האָט נאָר איינמאָל געזינדיגט, רחמנות האָבענדיג אויף אגג׳ן, וואָס איז איהם קיינמאָל נישט פאַרגעבען געוואָרען. דוד אָבער וואָס איז באַגאַנגען אזעלכע גרויסע עבירות ווי שפיכות דמים און גילוי עריות, זיינען זיי פון דעסטוועגען פאַרגעבען געוואָרען, ווען ער האָט תשובה געטהאָן, פאַר־וואָס? ווייל שאול׳ס זינד איז געווען קעגען אַ זינד וואָס איז הויפּטזעכליך געווען באַצויגען אויפ׳ן מלך ישראל, אזוי ווי עס שטעהט:

„על שלשה מצות נצטוו ישראל בכניסתם לארץ: להעמיד להם מלך, מלחמת עמלק, ובנין בית המקדש (סנהדרין כ׳). משמעות אַז די לעצטע צוויי האָבען געהאָט צוטהאָן אינגאַנצען מיט׳ן מלך ישראל. מיר זעהן אויך, אַז קומענדיג קיין ארץ ישראל, האָבען אידען זיך נישט גענומען גלייך צום בנין ביהמ״ק, נאָר זיך פריהער באַפעסטיגט מיט אַ מלך. דאריבער איז שאול׳ס פאַרנאכלעסיגונג פון דער מצוה מחית עמלק, איהם נישט פאַרגעבען געוואָרען.

———0———

# אַ חלק אין תורה

ער פלעגט זאָגען: צו באַקומען אַ חלק אין יענעמ׳ס תורה, איז נאָר מעגליך אויב מ׳העלפט דעם תלמיד חכם איידער ער לערענט.

אָבער נאָך דעם ווי ער האָט שוין אָפּגעלערענט, קאָן מען שוין קיין חלקים פון איהם ניט קויפען. אזוי ווי עס שטעהט אין פסוק, „אם יתן איש את כל הון ביתו באהבה בוז יבוזו לו” (שיר השירים ה׳).

# ביטול תורה

ביטול תורה איז זעהר אַ גרויסער חטא, אָבער נאָך גרעסער איז דער חטא אויב מען איז מבטל די תינוקות של בית רבן. די חז״ל זאָגען (שבת קי״ט), אַז אפילו לבנין בית המקדש טאָר מען זיי אויך נישט מבטל זיין.

תורה איז די לעבענס־בלוט פון פאָלק ישראל. די מאָדערנע מעדעצין האָט געפונען אַ מיטעל צו העלפען בלוט אָרימע דורך בלוט איבערגוס (טראַנס־פיוזאַציע). ס׳זיינען דאַריבער פאַראַנען מענשען וואָס פאַרקויפען בלוט פאַר געלט, מיר האָבען דערוויל אָבער נאָך נישט געהערט אַז עלטערען זאָלען צושטימען צו פאַרקויפען זייערע קינדערס בלוט פאַר געלט, אַזעלכע עלטערען וואָלטען אָנגערופען געוואָרען אכזרים.

דאָס זעלבע טאָר אונטער קיינע אומשטאַנדען נישט ערלויבט ווערען מבטל צו זיין קינדער פון תורה, ובפרט צוליב אוועק צורייסען זיי פון חדר כדי זיי זאָלען פאַרדינען געלט.

דאָס מיינט דאָך צו באַראַבעווען זיי פון זייער גייסטיגער חיות.



# אַ לעבען פון צער

כך היא דרכה של תורה פת במלח תאכל, ומים במשורה תשתה ובתורה אתה עמל, ועל הארץ תישן וחיי צער תחי׳, אם אתה עושה כן אשריך וטוב לך, אשריך בעולם הזה וטוב לך בעולם הבא (פרקי אבות ו׳).

ווי באַוואוסט פרעגט די וועלט, ווי אַזוי קען אַ לעבען פון צער מאַכען אימיצען גליקליך אויף דער וועלט?

דער תירוץ איז אַזוי:

ווען איינער פאָרט אויף אַ יריד לשם מסחר, קומט ער אָפּ אויף דעם וועג מיט גאָרנישט, ער עסט פראָסטע מאכלים און איז מקמץ מיט אַנדערע הוצאות, ווייל ער ווייסט ניט אויב ער וועט מצליח זיין אין זיינע עסקים. אַנדערש איז אָבער ווען ער פאָרט שוין צוריק פון יריד און ער ווייסט אַז ער

האָט מצליח געווען אין זיין מסחר, דאַן לאָזט ער זיך שוין וואויל געהן אין האָט הנאה פון דער וועלט.

דאָס זעלבע איז אויך ווען איינער פאָרט לערנען תורה, מוז ער ביי זיך באַשטימען אַז קיינע נויטען און שווערקייטען וועלען איהם נישט צוריק־האַלטען פון לערנען. דאָס אַלעס איז צוליב דעם ווייל „כך היא דרכה של תורה”, ווייל ער איז דאָך יעצט אויף דעם וועג פון דער תורה, ער פאָרט דאָך ערשט אויף דעם יריד.

אָבער ווען ער האָלט שוין ביי דער מדרגה פון „יגעת ומצאת”, ער האָט שוין זיין צוועק דערגרייכט, אם אתה עושה כן, אַז דו האָסט שוין אזוי גע־טהאָן און האָסט מצליח געווען אין עסק התורה, דאַן איז צו האָפען אַז עס וועט זיין, אשריך בעולם הזה וטוב לך בעולם הבא.



# זוכען צו געפינען

אם תבקשנה ככסף וכמטמנים תחפשנה; אז תבין יראת ד' (משלי ב').

די ערד פאַרמאָגט גרויסע און קאָסטבארע אוצרות, אַלעס איז אָבער פאַרדעקט און בעהאַלטען אין איהרע טיפענישען, מען דאַרף גראָבען און נישטערען ביז וואַנענט מען געפינט אויס איהרע רייכטימער, ביז מען ענט־דעקט איהר זילבער, גאָלד און בריליאנטען, אָבער דאָס איז נאָך ניט אַלץ דאַרף מען עס לייטערען, רייניגען און שלייפען. אזוי האָט די השגחה באַ־וואָרענט אין דער נאַטור.

אזוי אויך איז מיט די טייערע בריליאנטענע אוצרות פון דער תורה. נאָר אויב מען זוכט טיף און מען גראָבט גרינדליך און אונערמידליך, קאָן מען אויסגעפינען איהרע אוצרות. נישט אַנדערש און נישט דורך קיינע אַנדערע וועגען, אזוי מיינט דער וואָרט „אז”, דוקא דורך דעם וועג און ניט קיין אנדערען. אַ ראי' פון די חז"ל וואָס זאָגען: „אסור לאדם למלא פיו שחוק בעולם הזה, שנאמר אז ימלא שחוק פינו”. איז דאָך דאָרט דער טייטש „אַז נאָר אזוי, אָדער נאָר דאמאלט און נישט אנדערש. אזוי דאָ אויך מיינט דער

**וואָרט „אז” אַז דאָס איז דער איינציגער וועג און נישט קיין אנדערער, אויס־צוגעפינען די חשיבות פון דער תורה, איז אנדערש ניט מעגליך, נאָר דורך מיה און אַנשטרענגונג.**

———0———

# כבוד אב און כבוד התורה

די תורה איז געווען טייערער ווי דאָס לעבען ביי אונזערע עלטערען, דאַרף זי אזוי אויך זיין ביי אונז און ביי אונזערע קינדער. קיין אָרענטליכער מענש וויל ניט מאַכען זיין פאָטער פאַר אַ שוטה און ווען ער וועט הערען אַז איינער וועט זאָגען עפּעס אַ שלעכטס וואָרט אויף זיין פאָטער וועט ער איהם זיין דער גרעסטער שונא. און מיר אליין ווען מיר מאַכען צו גאָרנישט די הייליגע תורה, וואָס זי איז געווען ביי אונזערע עלטערען זייער גאַנצער חיות, מאַכען מיר דאָך זיי פאַר שוטים און מיר לאַכען אָפּ פון זיי.

מיר דאַרפען דאָך קיין אָרט נישט האָבען פון בזיונות ווען מיר דער־מאָנען זיך וועגען אונזערע עלטערען, אונזערע אבות אבותינו, וועלכע האָבען זייער בלוט פאַרגאָסען פאַר דער הייליגער תורה. זיי האָבען זיך געלאָזט קוילענען, ברענען, געהן אין גלות פון לאַנד צו לאַנד און נישט עובר געווען אויף איין דין פון דער הייליגער תורה.

אין מדרש (פ׳ בחוקתי) שטעהט: מען פלעגט פרעגען אַ אידען פאַר־וואָס פירט מען דיר צו פאַרשטיינען מיט שטיינער? פלעגט ער ענטפערען: ווייל איך האָב מל געווען מיין זוהן. — פאַרוואָס פירט מען דיר פאַרברענען? ווייל איך האָב געהיט שבת. — פאַרוואָס פירט מען דיך קוילענען? ווייל איך האָב געגעסען מצה. — פאַרוואָס שמייסט מען דיך? ווייל איך האָב גע־מאַכט אַ סוכה, מקיים געווען די מצוה פון לולב, איך האָב געטהאָן דעם רצון פון פאָטער און הימעל. אויך אין די שפּעטערדיגע דורות איז פיעל אידיש בלוט פאַרגאָסען געוואָרען פאַר תורה און אידישקייט, און מיט זייער בלוט האָבען זיי אונז איבערגעלאָזען די הייליגע תורה, וואָס אַ דאַנק איהר, דער הייליגער תורה, זיינען מיר געבליבען אַ פאָלק ביז היינטיגען טאָג.

איצטער ווען מען לאָזט אונז ב״ה היטען די תורה ווי מיר ווילען, דאַרפען מיר זיך דאָך שעצען גליקליך און מיט צופרידענהייט מקיים זיין איהרע מצוות.

# שכר פאַר ארבייט

אנו עמלים והם עמלים, אנו עמלים ומקבלים
שכר והם עמלים ואינם מקבלים שכר (חז"ל).

אייגענטליך דאַרף מען פאַרשטעהן די כונה פון „מיר מאַטערען זיך אין דער תורה ומצות און נעהמען שכר, אָבער זיי מאַטערען זיך און נעהמען נישט קיין שכר" — מיר ווייסען דאָך אַז די אלע וואָס מאַטערען זיך אין עניני עולם הזה ווערען גוט באַלוינט?

נאָר דער פשט דערפון איז אזוי:

אמת מענשען ארבייטען און פאַרדינען שכר, אָבער דאָס איז נישט פאַר זייער ארבייט. דער שוסטער למשל, נעמט ניט קיין שכר פאַר דער עצם ארבייט, פאַר זיין צייט און מיה, אויב עס זאָל איהם אָנקומען שווערער און געדויערען מעהר צייט צו מאַכען אַ פּאָר שיך ווי אַן אַנדערען, קריגט ער פאַר דעם נישט באַצאָהלט מעהר, ווי דער וואָס האָט געמאַכט די שיך גרינ־גער און ווינציגער צייט.

אָבער די יעניגע וועלכע זיינען עוסק אין תורה און מצות, ווערען באַ־לוינט פון השי"ת פאַר דער עצם ארבייט, פאַר דעם מאָס ליידען און אָנ־שטרענגונג וואָס עס קאָסט זיי צו טהאָן אַ גוטע זאַך. אזוי ווי דער אבות דר' נתן זאָגט: „טוב אחד בצער ממאה פעמים שלא בצער".

דאָס איז די כוונה, מיר מאַטערען זיך און נעמען שכר פאַר דעם.



# סיום — אַ התחלה

לעיני כל ישראל, — בראשית ברא ה' את השמים ואת הארץ. נאָך אַ סיום, מאַכט אַ איד אַן התחלה. שמחת תורה פאַרענדיגט די תורה מיט'ן „כל ישראל", פאַנגט ער גלייך אָן מיט'ן „בראשית ברא", ווייל די תורה האָט קיין סוף נישט. לעיני כל ישראל, קאָן דינען פאַר אַן הקדמה צו בראשית ברא. דער זהר הקדוש זאָגט: נשמתן דצדיקא אתבריאו קדם דאיתברי עלמא (תיקוני י"ח). ד. ה., אַז די נשמות פון צדיקים זיינען שוין געווען באַ־

שאַפען נאָך פריהער פון הימעל און ערד. עיני העדה, באַציהט זיך צו די אויסדערוועהלטע מענשען פון פאָלק. „לעיני כל ישראל“, קאָן אויך אזוי אויסגעטייטשט ווערען, נעמליך, אַז אין דער אנוועזענהייט פון די בחירי האומה, די צדיקים, „לעיני כל ישראל — בראשית ברא“

אזוי איז דער סוף התורה פאַרבונדען מיט דער התחלת התורה.



# ביטול תורה

אין וידוי פון „אשמנו בגדנו“, אין וועלכען עס ווערט לויט'ן אלף בית אויסגערעכענט די פאַרשידענע זינד, פלעגט דער חפץ חיים צוגעבען „בטלנו מן התורה“.

די וועלכע האָבען געהאַט די זכי' צו זיין נאָהענט צום חפץ חיים, ווייסען, אַז איינע פון זיינע גרעסטע מעלות איז געווען דאָס וואָס ער האָט זיך קיינמאָל ניט מסיח דעת געווען פון תורה. ער פלעגט זאגאר אין די לעצטע עלטערע יאָהרען עוסק זיין בתורה ביז איבער האַלבע נאַכט און נאָכ'ן אָפּשלאָפען עטליכע שטונדען, אויפשטעהן און פאַרזעצען זיין הייליגע עבודה. דאָך האָט ער אין זיין גרויס ענִיוות זיך געשראָקען פאַר ביטול תורה!

לימוד התורה טאָר קיינמאָל ניט אויפהערען.

אונזערע חכמים האָבען געגליכען די אידען מיט דער תורה, צו אַ פיש אין וואַסער. אזוי ווי אַ פיש קאָן אויף קיין איין מינוט ניט לעבען אויסער'ן וואַסער, אזוי וואָלט דאָס אידישע פאָלק ניט געקאָנט עקזיסטירען איין ווילע אָהן תורה.

דאביי פלעגט ער דערצעהלען, אַז ר' ישראל סאלאנטער, האָט עס אַמאָל ערקלערט מיט אַ משל. זאָל קומען איינער און איבערהאַקען צוויי איילען אין מיטען פון טויזענדער מייל־לאַנג אויסגעלייגטע רעלסען, אויף וועלכע עס לויפט אַ צוג, ס'איז דוכט זיך בלויז אַ קלייניקייט, וואָסער אַ באַטרעף האָבען צוויי איילען אין טויזענדער מיילען? מען פאַרשטעהט אָבער לייכט די געפאַהר. אזוי איז אויך מיט דער תורה, אויף וועמענס ליניע דאָס פאָלק ישראל פאָהרט שוין טויזענדער יאָהרען, — אויב עס זאָל חלילה איין שטונדע איבערגעהאַקט ווערען...

# קויפען דעם זכות

ווי עס גיט איבער דער אמעריקאַנער אידישער שרייבער מר אפרים קאפלאן, האָט ער צו איהם בעת זיין וויזיט אין ראדין געזאָגט:

„זאָגט די אמעריקאַנער אידען, אַז לאחר מאה שנה, ווען זיי וועלען אַלע זייערע פאַרדינסטען איבערלאָזען אויף דער ערד, וועלען זייערע הויפט ווערטהפולע פאַרדינסטען זיין, דאָס וואָס זיי האָבען געשטיצט די תורה. משל למה הדבר דומה, צו וואָס איז די זאַך געגליכען? צו אַ חולה וועמען דער דאָקטאר האָט פאַרשריבען אַ זעהר ביטערען רעצעפט. מאַכט דער חולה צו איהם: אדוני דאָקטאר, איך קאָן אזעלכע רפואות ניט טרינקען, אפשר איז רעכט אַז איך זאָל דינגען איינער זאָל עס טרינקען פאַר מיר? נאטירליך, האָט איהם דער דאָקטאָר געענטפערט, אַז דאָס איז אוממעגליך.

אָבער מיט תורה וואָס איז דער גרעסטער „סם חיים”, די בעסטע רפואה, איז אַזאַ זאַך יאָ מעגליך. די אמעריקאַנער אידען קאָנען אליין דעם רעצעפט נישט נעמען, זיי האָבען קיין צייט נישט, זיי זיינען גרויסע טרודים, נו, אודאי איז בעסער אליין צו לערנען, וויפיעל עס לאָזט זיך נור, אָבער אויב נישט, איז כאָטש גוט אַז זיי צאָהלען פאַר דעם רעצעפט ... אנדערע לערנען און זיי טהיילען דעם זכות.

---o---

# כל ישראל ערבים זה לזה

נאָך דעם ווי מיר זאָגען: „אבינו מלכנו סלח ומחל לכל עוונותינו”, און „מחה והעבר פשעינו וחטאתינו מנגד עיניך”, — בעטענדיג אַז אַלע אונזערע זינד זאָלען ווערען פאַרגעבען, זאָגען מיר אָבער אויך: „אבינו מלכנו מחוק ברחמיך הרבים כל שטרי חובותינו”, זאָלסט מיט דיין גרויס רחמנות אויפ־מעקען אַלע אונזערע שולד וועקסלען.

אין פלוג קוקט עס אויס ווי אַן איבער׳חזר׳ונג פון דער פריהערדי׳גער בקשה?

אָבער דער אמת איז, אַז די ערשטע בקשה איז פאַר די אייגענע זינד און די לעצטע בקשה איז וועגען פרעמדע זינד, פאַר די וועלכע מיר זיינען פאַראַנטווארטליך אַלס ערבות, דאָס מיינט שטרי חובות.

# קיין לעבען אָהן תורה

הוא ינוס אל אחת הערים האלה וחי
(דברים י״ט).

אויב איינער הרג'ט אַ מענשען בשוגג, ווערט ער פאַרטריבען אין גלות וואו ער בלייבט לעבען. זאָגען אויף דעם די חז״ל, אַז אויב א תלמיד ווערט פאַר'משפט, מוז זיין רבי מיטגעהן מיט איהם אין גלות. וואָרום די תורה זאָגט „וחי״, ער זאָל בלייבען לעבען, סאַ ווי זשע קאָן ער לעבען אויב ער האָט נישט קיין רבי'ן פון וועמען צו לערנען תורה? אָהן תורה איז דער לעבען קיין לעבען נישט.

———0———

# אלעמאָל איין תפלה

אחת שאלתי מאת ד' אותה אבקש שבתי בבית ד' (תהלים כ״ז).

מען דאַרף פאַרשטעהן, פאַרוואָס האָט דוד המלך באַנוצט זיך אין זעלבען פסוק עבר און עתיד. ער זאָגט, איין זאַך האָב איך פערלאנגט פון ג־ט און אויף דעם וועל איך בעטען.

אין פלוג האָט ער זיך געדאַרפט אויסדריקען, „איין זאַך האָב איך פער־לאַנגט און געבעטען״, אָדער „איין זאַך וויל איך פאַרלאַנגען און בעטען?״

דער תירוץ איז:

די פאַרלאַנגען פונ'ם מענשען ענדערען זיך פון צייט צו צייט. ווען איינער ווערט קראַנק בעט ער נאָר אויף געזונט. ווען ער ווערט באַפרייט פון זיינע יסורים, פאָדערט ער שוין עפּעס אנדערש, ער זוכט שוין באַקוועמ־ליכקייטען, ער וויל שוין עשירות און לוקסוס, א. א. וו., אַ מענש איז קיינ־מאָל נישט צופרידען מיט זיין חלק, אַלעמאָל פאַרגלוסט זיך איהם עפּעס נייעס.

דוד המלך אָבער איז געווען אנדערש.

זיין שטענדיגער אידעאל און שטרעבונג איז געווען עוסק צו זיין אין תורה; צו דערגעהן די וואונדער אום געהעריג צו קאָנען אָפּשאַצען די געט־ליכע ערשיינונגען אין דער נאַטור.

סיי אין דער פאַרגאנגענהייט און סיי אין דער צוקונפט, האָט ער געהאַט בלויז איין תפלה, אימער די זעלבע, נעמליך:

„צו וואוינען שטענדיג אין גאָט׳ס הויז״.

---

## ניט געמאַכט קיין טעות

אַ באַוואוסטער בעל הוראה, איז אַמאָל געקומען צו איהם מיט אַ פאַרטיגען כתב יד אויף יורה דעה, אַ חבור עהנליך צום משנה ברורה, און האָט פון איהם געבעטען אַן הסכמה.

דער חפץ חיים, האָט נאָכדעם, ווי ער האָט אַביסעל דורכגעקוקט דעם כתב יד, זיך געווענדעט צום מחבר מיט די פאלגענדע ווערטער

„עס קוקט אויס צו זיין ניט שלעכט, אָבער אום צו זיין זיכער, אַז איהר האָט קיין טעות ניט געמאַכט, וואָלט איך אייך געראטהען צו פאָהרען צו ר׳ אלי׳ דוד מירער, אָדער צו אַן אנדער גדול און איהם בעטען ער זאָל עס גרינדליך דורכקוקען, אנדערש זאָלט איהר עס ניט דרוקען״.

ווי דער מחבר אליין דערצעהלט, איז ער, הערענדיג די פשוט׳ע תמימות׳־דיגע ווערטער, דערציטערט געוואָרען און עס איז איהם שוין אָפּגעפאַלען דער חשק עס צו דרוקען.

---

## לערנען משניות נאָך זיך

פיעלע מאָל פלעגט ער ראטהען עלטערע אידען, וועלכע זיינען געקומען איהם פרעגען עצות וואָס צו טהאָן, דאָס זיי זאָלען לערנען משניות און זאָגען נאָכדעם אַ קדיש יעדען טאָג נאָך זיך אַליין און זיך ניט פאַרלאָזען אויף קינ־דער אָדער אַנדערע.

# אונענדליכער קוואַל

ס׳איז ניטא קיין חכמה אין דער וועלט וועלכע זאָל ניט זיין מרומז אין דער תורה. די וויסענשאַפט פון אסטראנאמיע וועלכע האָט צו טהאָן מיט דער לעהרע בנוגע די הימלישע וועזענס, ווי די זון, לבנה, פלאַנעטען און שטערן, איז הויפט־זעכליך מרומז אין דער הלכה וועלכע איז איבערגעגעבען געוואָרען צו משה רבנו איבערגעגעבען געוואָרען בעל פה די אלע כללים אין סודות העיבור. אנאטאמיע איז אויך מרומז אין דער הלכה וועלכע איז איבערגעגבען געוואָרען צו משה רבנו אין צוזאמענהאַנג מיט דער הויפט צאָל פון אברים אין מענשען, די חכמה פון מאטעמאטיק, אלגעבריע, טריגאנאמעטריע, א. א. וו., געפינט זיך אין מסכתות כלאים פ״ג ופ״ה (זעה דעם רמב״ם און תוספות יום טוב), אין שבת פ״ד, אין עירובין ע״ז און אין סוכה ח׳. חכמת הבאטאניקע געפינט זיך אין דעם סדר זרעים. און אזוי אלערליי חכמות האָבען זייערע וואָרצלען אין רמזים אין דער תורה. לערען דעם ערשטען פרק אין בכורות ועסטו זעהן נפלאות.

זעה וואָס דער מדרש דערצעהלט אין פ׳ בראשית. אַ געלערענטער אין רוים האָט געוואָלט אויסגעפינען ווי לאַנג עס דויערט די שוואנגערשאַפט פון אַ שלאַנג. האָט ער נאָך אַן עקספערימענט דערגאנגען אַז עס נעהמט זיבען יאָהר..

האָט פאַסירט, אַז רבן גמליאל און רבי יהושע זיינען געקומען קיין רוים. האָט זיי דער ארטיגער געלערענטער אַ פרעג געטהאָן, — ווי לאַנג עס טראָגט אַ שלאַנג. האָט איהם ר׳ יהושע אויפגעוויזען פון אַ פסוק אין דער תורה, אַז זיבען יאָהר. האָט זיך דער געלערענטער פון גרויס ערשטוינונג אָנגעפאַנגען צו קלאַפען מיט דער קאָפּ אין וואַנט, אויסרופענדיג אין התפעלות: „וואָס וואָס איך האָב זיך געמאַטערט צו דערגעהן גאנצע זיבען יאָהר, ווייסען זיי עס פון זייער תורה״.

כידוע איז די תורה שבעל פה וועלכע מיר האָבען, בלויז אַ הונדערט חלק פון די וועלכע מיר האָבען פאַרמאָגט אין אריגינאַל. די פריהערדיגע דורות, פאַר׳ן סידור המשניות, האָבען געוואוסט גאַנצע זעקס הונדערט סדרים, אנ־שטאט די זעקס סדרים וואָס די לעצטע דורות ווייסען (חגיגה י״ד).

אברהם אבינו וועלכער האָט מקיים געווען די גאנצע תורה שבכתב און שבעל פה, האָט לויט דער טראדיציע, געוואוסט פיער הונדערט פרקים פון

מסכת עבודה זרה, אנשטאט די פינף פרקים וואָס מיר ווייסען (ע"ז י"ד). דאָס אלעס איז פון אונז פאַרלאָרען געגאַנגען... („שם עולם", חלק א', פרק י"ב).

---

# וואָס פריהער אלץ גרעסער

דער רמב"ם און דער אלפ"ס, וועמעס גרויסקייט איז מורא'דיג, דאָך אין פאַרגלייך מיט די רבנן סבוראי, זיינען די לעצטע פיעל גרעסער, ווייל — וואָס פריהער אלץ גרעסער („אם הראשונים כמלאכים..."). רב אשי מיט רבינא'ן זיינען געוועזן גרעסער ווי די רבנן סבוראי. די לעצטע זיינען קלענער געוועזן אין פאַרגלייך מיט די פריהערדיגע דורות פון אמוראים, ווי רב ושמואל, און רב ושמואל זיינען אונפאַרגלייכבאר מיט רבי ר' חייא און רבי אושעיא, די זאמלער פון די ברייתות. און זיי מיט די תנאים רבי מאיר און רבי יהודה, רבי מאיר מיט רבי יהודה'ן זיינען אונפארגלייכבאר מיט זייער רבי'ן רבי עקיבא. רבי עקיבא איז געוועזן קלענער ווי רבי אליעזר, און אזוי אויך ר' אליעזר און זיינע חברים קעגען זייער רבי'ן, רבי יוחנן בן זכאי. רבי יוחנן בן זכאי איז געוועזן דער קלענסטער פון די אכציג תלמידים פון הלל הזקן. וועגען רבי יוחנן בן זכאי ווערט דערצעהלט, אַז ער האָט ניט אויסגעלאָזען קיין פסוק, קיין משנה, קיין גמרא, קיין הלכה און קיין הגדה, פון מלאכים שפראך ביז פלאנצונגען, אין אלעס איז ער געוועזן באַהאַוועגט. קאָן מען זיך שוין פאָרשטעלען ווי גרויס ס'איז געוועזן זיין רבי, הלל הזקן.

און ווי גרויס ס'זיינען געוועזן די רביים פון הלל הזקן, שמעי' און אבטליון. וועהרענד די לעצטע זיינען גאָר געוועזן פון די שפעטסטע און דאריבער פון די קלענסטע צווישען די אנשי כנסת הגדולה. זייערע פאָרגעגנער חגי, זכרי' און מלאכי, זיינען געוועזן נביאים. ווי באַוואוסט איז מלאכי „עזרא", און עזרא, כידוע, איז געוועזן אַ תלמיד פון ברוך בן נריה און ברוך בן נריה איז געוועזן אַ תלמיד פון ירמיהו הנביא און אזוי ווייטער, ביז יונה בן אמתי. וועלכער איז געוועזן קלענער ווי זיין רבי אלישע, און אלישע איז געוועזן קלענער ווי זיין רבי אליהו הנביא, און אליהו הנביא פון זיין רבי'ן אחיה השילוני, און אחיה איז געוויס געוועזן קלענער ווי זיין רבי דוד המלך, און דוד המלך שרייט אויס „גר אנכי בארץ", וועלכעס באַדייט לויט'ן מדרש, אַז ער האָט זיך גע־

פיהלט ווי אַ פרעמדער אין דאָס וויסען פון דער תורה. אבוואהל ער איז געווען זעהר גרויס, זייענדיג פאַררעכענט אלס איינער פון די אכט און פערציג נביאים וואָס האָבען געלערענט תורה פון שמואל הנביא, ער האָט אין איין נאַכט איבערגענומען מעהר וויפיעל אַן אויסגעצייכענטער תלמיד נעהמט איבער אין פיעלע יאָהרען (ילקוט, שמאול א׳, רמז י״ט).

אויך אזוי שרייט אויס דער חכם מכל אדם: „אמרתי אחכמה והיא רחוקה ממני״. קאָנען מיר שוין פאַרשטעהן ווי קליין און נישטיג ס׳איז אונזער וויסען אין דער תורה...

(שם עולם, ח״א, פרק י״ב).



לעצטע בילד פון חפץ חיים אין יאָהר תרצ״ג

## לייכט צו זיין אַ איד

היינטיגע צייטען איז פיל לייכטער צו זיין אַ איד ווי אַמאָל. די בחינה פון אידישקייט איז היינט שוואַכער ווי דאַמאָלט, צוליב דעם פאַקט וואָס די הפקרות איז איצט אזוי גרויס און דער נסיון אזוי שטאַרק.

אין „אבות דר׳ נתן" ווערט געבראַכט אַז „טוב אחד בצער ממאה פעמים שלא בצער", איין מצוה וואָס קומט אָן מיט צער, איז חשוב׳ער ווי הונדערט וועלכע קומען אָן לייכטער. כדי צו ווערען אַמאָליגע צייטען אַ צדיק, האָט מען באַדאַרפט זוכען צו דערגרייכען הויכע מדרגות. היינט אָבער, קאָן יעדער איד גרינג ווערען אַ צדיק טאַקע צוליב דעם ווייל עס זיינען דאָ אזוי פיל רשעים.

אין אַ צייט פון מלחמה, ווען עס איז אַ מאַנגעל אין שפייז, ווערען די ביליגסטע פּראָדוקטען פאַררעכענט אַלס גוט; דאָס זעלבע אויך אין גייסטיגען זין: ווען מעשים טובים ווערען אַ זעלטענהייט, איז מען נישט צופיל בודק די גאַנצקייט פון אַ מצוה.



## טריף פסול

מר. ס. פון ראַדין האָט זיך אין יאָהר 1913 געמאַכט אַ פּרנסה פון אַ פּריוואַט ביבליאָטעק און פלעגט צושטעלען טריף־פסול ביכלאך צו בני הישיבה.

ווען ר׳ ישראל מאיר האָט זיך פון דעם דערוואוסט, האָט ער פון איהם אָפּגעקויפט אַלע ביכלאך און זיי דן געווען לשרפה.

אויף דער טענה פון מר. ס. אַז דאָס איז געווען זיין קוואל פון חיונה, האָט ער געענטפערט:

„שטעלט זיך פאָר! מען זאָל זאָגען אַ אידען אַז ער וועט קריגען 10 רובל אַ וואָך פאַר׳ן שטעהן און קלינגען מיט קלויסטער־גלאָקען צו רופען אַלעמען אין זייער תפלה. וואָלט אַ איד מסכים געווען דערצו?

„פאַרשטעהט איהר נישט אַז דאָס וואָס איהר ווילט טהאָן איז גלייך צו עבודה זרה? ווי עס שטעהט: ,וסרתם ועבדתם אלקים אחרים׳, אַז דאָס

אָפּקערען זיך פון דער תורה פיהרט צו עבודה זרה. און דערצו ברייגגען דאָך די ספרי מינים צו אפּיקורסות!"

---

## טהאָן און האָפען

ויעתק משם ויחפר באר אחרת... ויקרא שמה רחובות... כי עתה הרחיב ה' לנו.
(בראשית כ"ו)

אַז מען וויל עפּעס אויפטהאָן דאַרף מען נישט מיד ווערען. מ'דאַרף פון קיין זאַך נישט נתפעל ווערען נאָר אָנגעהן מיט דער אַרבייט. אַז מען פאַלט דורך איינמאָל, דאַרף מען זיך נישט אָפּשרעקען און אָנהויבען פון דאָס נייע.

די תורה דערצעהלט אונז דאַריבער, אַז ווען יצחק האָט נישט געפונען קיין וואַסער, האָט ער געגראָבען איין ברונעם נאָכ'ן אַנדערען ביז וואַנעט ער האָט ענדליך דערגרייכט זיין וואונש, געפינענדיג אַ ברונעם וואָס ער האָט אַ נאָמען געגעבען רחובות.

אַ מענש טאָר זיך קיינמאָל נישט מיאש זיין; קיין מאָל נישט פאַרלירען קיין מוטה און האָפנונג. ער דאַרף טהאָן דאָס זייניגע און האָבען בטחון אין גאָט, אַז ער וועט איהם סוף־סוף ערמעגליכען צו דערגרייכען „רחובות".

---

## חכמה אליין נישט גענוג

כל שמעשיו מרבין מחכמתו חכמתו מתקימת וכל שחכמתו מרבה ממעשיו אין חכמתו מתקימת (פרקי אבות ג').

צו באַזיצען תורה אָהן יראה איז אַ גרויס געפאַהר, ווייל „כל הגדול מחברו יצרו גדול ממנו", וואָס גרעסער אַ מענש איז, אַלץ גרעסער איז זיין יצר הרע

און אלץ שטאַרקער מוז דאריבער זיין דער קאמף געגען איהם. דער הויפט וואפען איז יראת ה׳ און מעשים טובים, חכמה אליין איז נישט גענוג.

דאָס מיינט דער תנא, אויב גוטע מעשים שטייגען איבער זיין חכמה, דאַן האָט די חכמה אַ קיום, אויב די חכמה וועגט איבער זיינע מעשים, האָט זי קיין ממשות נישט — ווייל ער איז נישט באַוואָפענט מיט גענוג מעשים טובים צו באַזיגען דעם יצר הרע.



## הויכער אידעאל

בכל דרכיך דעהו והוא יישר אורחותיך
(משלי ג׳).

אין אַלע דיינע וועגען זאָלסטו איהם אַנערקענען און ער וועט אויסגלייכען דיינע שטעגען.

בעפאָר דו טהוסט עפּעס דאַרפסטו פריהער פון אַלץ זיין זיכער צו השי״ת איז מסכים צו דעם. אויב דו טהוסט אַ זאַך אין איינקלאַנג מיט׳ן וואונש פון רבש״ע, „בכל דרכיך דעהו״, איז אַבוואָהל עס דאַכט זיך דיר אַז עס וועט אויסזעהן קרום אין די אויגען פון מענשען, מעגסטו זיין בטוח אַז השי״ת וועט דאָס גלייך מאַכען, „והוא יישר אורחותיך״.



## עסען אהן אַ היטעל

מען האָט איהם אַמאָל געפרעגט צו איז עס אַן איסור צו עסען אָהן אַ היטעל. האָט ער אויף דעם שמייכלענדיג געענטפערט: „דער וואָס עסט אָהן אַ היטעל איז נישט קיין גוי; אָבער אַ גוי עסט אָהן אַ היטעל״.



# אויבערפלעכליכע גלאַטקייט

אשר חלק ה׳ אלקיך אותם לכל העמים — רש״י טייטשט דעם אשר חלק — החליקם בדברי הבליהם — לא מנען מלטעות אחריהם כדי לטרדם מן העולם (דברים ד׳).

רש״י פאַרענטפערט דאָמיט אַן אַלטע קשיא: ווי קומט עס וואָס די גוים גלויבען אין געצענדינסט און זעהן ניט איין זייער נאַרישקייט?

אַמאָל זעהט מען אַ געגענשטאַנד וואָס עס איז זעהר שעהן און גלאַט פון אויבען, אָבער באמת איז דאָס נאָר צוזאַמענגעשטעלט פון אַזעלכע טיילען וועלכע זיינען אַן און פאַר זיך שוין גאָרנישט גלאַט. ווען מען צונעמט עס זעהט מען דאָ אַ לאָך, דאָ אַ סענק, דאָ אַ באַרג. אַז עס איז בלויז צוזאמענגע־קלעפּט און פאַרהעבליוועט, דאריבער קוקט עס אויס אויבערפלעכליך גלאַט.

אזוי איז אויך מיט די אמונות פון די אומות העולם וועלכע באַשטעהען פון נאַרישקייטען, פון לעכער און סענקען. אויבערפלעכליך זעהן זיי נישט די קרומקייטען ווייל זיי זיינען צוזאַמענגעקלעפּט און פאַרגלעטיגט און פאַרשמירט.

דאָס מיינט רש״י אשר החליקם — ער האָט זיי פאַרגלעטיגט פון אויבען און זיי נישט געשטערט פאַרפיהרט צו ווערען. אָבער לעתיד לבא וועלען זיי עפענען די אויגען און דערזעהן די אויבערפלעכליכקייט פון זייערע לעכערליכע גלויבענס.



# קיינע קשיות אויף דער השגחה

ויהי בשלח פרעה את העם ולא נחם אלהים דרך ארץ פלשתים כי קרוב הוא (שמות מ״ג).

דער אויבערשטער האָט באַפוילען משה׳ן נישט צו פיהרען דאָס פאָלק דורך ארץ פלשתים, אַ נאָהענטען וועג, נאָר דורך אַ ווייטען.

ס׳אַרא גרויסע מאמינים די אידען האָבען דאַן געמוזט זיין! נישט פרע־גענדיג קיין קשיות, זיינען זיי לאָיאַל נאָכגעגאנגען משה׳ן. זיי האָבען געגלויבט

אַז אלץ ווערט געטהאָן פון זייער טובה וועגען. צום סוף האָט אבער פּאַסירט אַז די מורא פון „פּן ינחם העם בראותם מלחמה ושבו מצרימה״, איז געווען גוט־באַגרינדעט, ווייל זאָגאַר געהענדיג מיט׳ן לענגערען וועג, זיינען געווען אַזעלכע וואָס האָבען זיך געוואָלט אומקערען קיין מצרים.

די אלע קשיות וואָס מיר פרעגען אויף דער השגחה, זיינען בלויז אַ פּועל־יוצא פון אונזער קורצזיכטיגקייט און שוואַכער בעאָבאַכטונגס־קראַפט.

מ׳שטיינס געזאָגט, ווי לאנג לעבען מיר דען אויף דער וועלט — קאָנען מיר דען באגרייפען אַלע סבות וואָס ציהען זייער יניקה פון לאַנג־פאַרגאַנגענע צייטען, אָדער זיינען פארבונדען מיט געשעהענישען אין דער צוקונפט?

גאַנץ ריכטיג האָט דער אר״י הקדוש באַמערקט: „הלואי וואָלט דער מענש געלעבט פיר הונדערט יאָהר און געזעהן מיט זיינע אויגען דאָס קומען און אַוועק פון עטליכע דורות. ער וואָלט דאַן נאָהענט געקאָנט בעאָבאַכטען די מעשים פון יעדען דור, און ער וואָלט דאַן מעהר קיין קשיות ניט געהאָט צו פרעגען אויף די פיהרונגען פון דער השגחה.



## דער אמת׳ער ברויטגעבער

צום חפץ חיים איז איינמאָל געקומען אַ בעל־עגלה און מיט טרערען אין די אויגען דערצעהלט וועגען זיין אומגליק: „רבי, אין פארלויף פון אַ קורצער צייט זיינען ביי מיר דריי פערד געפאַלען! מיינע ברויטגעבערס זיינען זיי געווען! בין איך, רבי, געקומען צו אייך איהר זאָלט אויף מיר רחמנות האָבען און מתפלל זיין אַז דער אויבערשטער זאָל מיר העלפען!״

דער חפץ חיים, דערהערענדיג אַזעלכע ווערטער, האָט אַ טיפען זיפץ געטאָן און געזאָגט צום בעל־עגלה: „וואָס קאָן מען שוין פאַר אייך טאָן, אויב די פערד זיינען אייערע ברויט־געבערס געווען! איהר האָט פאַרגעסען אַז דער רבש״ע, איז דער זן ומפרנס לכל, ער איז דער אמת׳ער ברויטגעבער.

„נאַרישע מענשען וואָס זיי זיינען! דער בעל־עגלה באַטראַכט דעם פערד אַלס זיין גאָט, דער סטאָליאר אָדער האָלץ־סוחר פאַרגעטערט האָלץ (האומרים לעץ אבי אתה), און דער נאַרישער בעל־מלאכה מיינט אַז די מאַשין איז זיין ברויט־געבער!״

# נישט צופיל מחמיר זיין ביים סמיכה געבען

ר׳ יוסף זונדל איישישקער האָט איינמאָל קריטיקירט געוויסע גדולים פון זיין דור פאַרוואָס זיי זיינען נישט מחמיר אין געבען סמיכות צו יונגעלייט וועלכע זיינען נישט גוט קלאָר אין ש״ס און אין אַלע חלקים שלחן ערוך. דער חפץ חיים האָט אָבער אויף אַלע און אַלעמען געהאַט אַ זכות.

„איך געדענק״, האָט ער איהם געזאָגט, „אַז אין דער צייט פון דער פראַנצויזיש־דייטשער מלחמה האָבען די דייטשען מאָביליזירט אַלס אָפיצירען די סטודענטען פון זייערע קאַדעטען־שוהלעס. דער קייזער האָט דאַן אין אַ רעדע צו זיי געזאָגט אַז כאָטש ער ווייסט אַז זיי באַזיצען נאָך נישט צו פולע מיליטערישע קענטניש, דאָך ווייל דאָס לאַנד איז איצט אין געפאַהר ווערען זיי גערופען זיך צו שטעלען אין די ערשטע רייהען איהר צו פאַרטיידיגען פון שונאים. ער האָפט אָבער, אַז זיי וועלען במשך פון זייער דינסט זיך אליין פאַרפאָלקאָמענען אין די נויטיגע ידיעות.

דאָס זעלבע אין אַזאַ געפעהרליכע צייט, ווען שונאים אַטאַקירען אונז מבפנים ומבחוץ, קאָנען מיר נישט זיין קיין מחמירים און פאָדערען פון אַ יונגערמאַן ער זאָל האָבען אלע ידיעות וואָס אַן אמאָליגער מוסמך פלעגט באַזיצען. ס׳איז אַ צייט פון מלחמת ה׳, מוזען מיר מאָביליזירען אונזערע יונגעלייט זיי זאָלען זיך שטעלען אַן דער שפּיץ, און ווי בראַווע פיהרער באַשיצען די קינדער פון ישראל. מיר מעגען אויך האָפען אַז במשך זייער דינסט וועלען זיי ערלערנען אלע נויטיגע ידיעות.

כידוע, דער חנוך פון אַ כהן גדול אין דער צייט פון בית שני (ווען ס׳איז מעהר ניט געווען די „שמן המשחה״ איהם מחנך צו זיין), פלעגט זיין „עבודתן מחנכתן״.

---

# די ליבע פון השי״ת

אין יאָהר תרצ״א איז דער חפץ חיים זעהר קראַנק געוואָרען. האָט ער צו־גערופען זיינע קינדער און צו זיי געזאָגט: עס איז נישט נויטיג מפרסם צו זיין אַז איך בין אין אַזאַ געפערליכען מצב. איך בעט אייך אָבער אַז איהר

זאָלט מתפלל זיין פאַר מיר צום רבש״ע ער זאָל מיר שיינקען נאָך אַ פּאָר יאָהר. איך וועל איהם דערפאַר אָפּדינען . . .



## פאַר׳ן אויבערשטען

רחש לבי דבר טוב אומר אני מעשי למלך.
(תהלים מ״ה)

אַז מען איז עוסק בתורה לשמה, זאָגט דער תנא, איז מען זוכה לדברים הרבה. דאָס זעלבע אַז מען טהוט אויך די אַנדערע מצוות התורה לשמה. די וועלכע אַרבייטען פאַר אַ מלך, האָבען אַלעמאָל ספּעציעלע פּריווילעגיעס; זיי האָבען אַ צוטריט צו אַזעלכע הויכגעשטעלטע ערטער וואו אַ געוועהנליכער מענש קאָן נישט צוקומען. פאַר זיי זיינען אַלע טירען שטענדיג אָפען. דאָס איז די כונה פון דעם אויבענדערמאָנטען פּסוק. ווען איך טראַכט אין האַרצען צו טהאָן אַ גוטע זאַך, זאָג איך אַז איך געה עס טהאָן לכבוד ה׳.
נו, אַז איך אַרבייט נאָר פאַר׳ן מלך, איז מיר שוין לייכט צו דערגרייכען די העכסטע מדרגות.



## דער אמת׳ער מאמין

מה רב טובך אשר צפנת ליראיך פעלת לחוסים
בך נגד בני אדם (תהלים ל״א).

מענשען פרעגען קשיות וועגען דעם רבש״ע׳ס הנהגה: „פאַרוואָס צדיק ורע לו רשע וטוב לו״, וכדומה. דער אמת׳ער מאמין פרעגט נישט קיין פראַגעס; ער איז זיכער אַז אַלץ איז פון זיין טובה וועגען. אָבוואָהל מענשען

לאַכען און זיינען געגנעריש צו איהם.

ווי גרויס איז דיין גוטסקייט וועלכע דו האָסט באַהאַלטען אין עולם הבא פאַר דיינע גלוביגע! כאָטש דאָ קוקט עס אויס „נגד בני אדם״, קעגען די ערדישע באַגריפען פונ׳ם מענשען.



## תהלים זאָגען

ער פלעגט זאָגען: אין יעדער עת צרה כאַפּט זיך דער איד צום תהלים, כדי אויסצוגיסען זיין האַרץ פאַר׳ן רבש״ע, ווייל דוד המלך האָט אין פארלויף פון זיין לעבען פיל געליטען און אַ סך דורכגעמאַכט. זיינע ליידען אזוי גוט ווי זיינע פריידען, האָט ער, ווי אַ קינד פאַר׳ן פאָטער, אויסגעדריקט אין זיינע אונשטערבליכע קאפּיטלאך תהלים.



## מאַכען אַ חשבון

על כן יאמרו המושלים באו חשבון — באו ונחשב חשבונו של עולם. הפסד מצוה כנגד שכרה ושכר עבירה כנגד הפסדה (ב״ב ע״ט).

אום צו פאַרשטעהן די ווערדע פון אַ מצוה, איז נויטיג צו מאַכען אַ וועלטליכען חשבון, חשבונו של עולם. אויב דו קאָנסט זיך פאָרשטעלען דעם חשבון פון דער וועלט, איהר גרויסקייט און פאַרנעם, איהר ברייטקייט און הויכקייט, און אַנטקעגען שטעלען די באַלוינונג פון דער אייביגער וועלט, וועסטו באגרייפען וואָס מיינט שכר מצוה.

מ׳קאָן דאָס בעסער פאַרשטעהן מיט אַ משל:

צו אַ גרויסען מאַטעמאַטיקער איז געקומען אַ מאַן און געפרעגט: וויפיל קערענדלאך זיינען דאָ אין אַ הויפען תבואה? האָט ער פריהער אויסגערעכענט די צאָהל פון קערענדלאך אין אַ טאָפּ, און נאָכהער וויפיל טעפּ אין אַ הויפען און דאַן געקאָנט געבען אַ קלאָרע תשובה.

האָט איהם דער מאַן געפרעגט וויפיל קערענדלאך עס זיינען פאַראַן אין אַ פולען וואָגען תבואה? האָט דער בעל חשבון ווידער אויפ׳ן זעלבען שטייגער אויסגערעכענט.

נאָכדעם האָט ער איהם געפרעגט וויפיל קערענדלאך עס זיינען פאַראַן אין הונדערט, אין טויזענט וועגענער תבואה, א. א. וו., און דער מאטעמאַטיקער האָט אַלץ בארעכענט.

לסוף זאָגט דער מאַן צום בעל חשבון: אויב דו בינסט שוין יאָ אַזאַ חכם, וועל איך דיר פרעגען אַן אַנדער פראָבלעם. אַ ריזיגע קופּע תבואה וואָס דערגרייכט פון ערד ביז׳ן הימעל, איז אַ פויגעלע דאָרט געשטאַנען און געגעסען; עס דויערט איהר 100 טעג אויפצועסען איין קערענדעל — ווי לאַנג דאַרף איהר דויערען אויפצועסען די גאַנצע קופּע?

דאַן איז דער מאטעמאטיקער שטיל געבליבען און נישט געוואוסט וואָס צו ענטפערען. מיר פאַרשטעהען אַז עס וואָלט דער פויגעלע זיכער געדויערט אַן אייביגקייט. אזוי קאָן מען אויך נישט אויסרעכענען דעם שכר פאַר אַ מצוה לויט די באַגריפען פון דער וועלט, ווייל עולם הזה איז באַגרענעצט און יענע וועלט איז אַן ענדלאָזע.



# שקר אַ ירושה

אליך גוים יבאו מאפסי־ארץ ויאמרו אך שקר
נחלו אבותינו הבל ואין בם מועיל.
(זעה רד״ק ירמיהו ט״ז)

מ׳וואונדערט זיך ווי קומט עס וואָס די גוי׳אישע וועלט האַלט זיך אזוי פיל דורות אין אבערגלויבערישע עבודה־זרות. זייער גלויבען איז דוכט זיך אזוי לעכערליך און נאַריש און דאָך האָט עס פאַרבלענדעט אפילו די חכמים פון די אומות העולם.

מ׳קאָן עס פאַרענטפערען מיט אַ משל:

אַ פויער איז אַמאָל אויפגעשטאַנען אין אַ ווינטערדיגען פאַרטאָג כדי צו פאָהרען פון דאָרף אין שטאָדט אריין. דער וועג איז געווען פאַרשנייט און

פאַרוועהט ווי נאָך אַ זאווערוכע. דער פויער האָט מיט גרויס שוועריגקייט זיך קוים דורכגעשלאָגען אַ וועג אין דער געדיכטער פינסטערניש.

שפּעטער זענען אַנדערע פויערים אָנגעפאָהרען, אָבער זיי האָבען שוין געפונען אַ מעהר־וויניג אויסגעטראָטענעם וועג, האָבען זיי נישט זוכענדיג קיין אַנדערע וועגען נאָכגעפאָלגט דעם סליאד פון ערשטען פויער. פאַר דורות לאַנג האָבען אַלע זיך באַנוצט מיט אָט דעם שליאך, ביז אינזשענירען זענען געקומען און האָבען אויפגעצייגט די קרומקייט פון נוצען אַזאַ פאַרדרעהטע וועג, אין דער צייט וואָס עס איז דאָ אַ פיל גלייכערער און מעהר דירעקטער וועג, וועלכער איז פאַרלאָזט און פאַרנאַכלעסיגט געוואָרען.

אזוי איז אויך מיט די גוי'אישע אמונות. לעתיד לבא, זאָגט דער נביא, וועלען די גויים איינזעהן דעם אמת'ן דרך אמונה: „צו דיר רבש"ע וועלען פעלקער קומען פון אלע עקען וועלט און זאָגען אַז בלויז פאַלשקייט (עבודה זרה) האָבען אונזערע עלטערען אונז געלאָזען פון דור צו דור אלס ירושה". זיי וועלען איינזעהן זייער ווירקונגסלאָזע נאַרישקייט, אַז „אך שקר נחלו אבותינו", אַז בלויז שקר האָבען זייערע עלטערן זיי געלאָזען פאַר אַ נחלה.

---o---

## די ליבע פון השי"ת

כאשר ישא האמן את היונק (במדבר י"א).

אזוי ווי אַן אם הויבט אויף דאָס זויגענדע קינד, אזוי טהוט השי"ת מיט'ן פאָלק ישראל. שפּייזענדיג זיי, וואַרט נישט דער רבש"ע, אַז זיין קינד ישראל זאָל זיך דערהויבען צו איהם, נאָר ער אין זיין גרויסע ליבע בויגט ער זיך איבער איהם כדי איהם צו באַשיצען.

---o---

## לייענען קריאת שמע ניט געוווינהייט

אהבת ה' איז אַ אידען'ס העכסטע מדה. ווי נאַריש זיינען אָבער די יעניגע וואָס דענקען אַז זיי זיינען יוצא בלויז מיט'ן זאָגען „ואהבת את ה' אלהיך".

שטעלט זיך פאַר: אַ סוחר וועלכער איז אַוועקגעפאָהרען אין מרחקים, האָט געלאָזען בכתב געוויסע פאַראָרדנונגען צו זיינע דינערס. דער אויפ־זעהער פלעגט יעדען טאָג צוזאַמען רופען די אַנגעשטעלטע און פאַר זיי פאָר־לעזען דעם כתב, אונטערשטרייכענדיג יעדען וואָרט. פלעגען די דינערס אויסהערען מיט אויפמערקזאמקייט, און נאָכדעם, פאַנאַנדערגעהענדיג־זיך, טהאָן וואָס זיי ווילען ...

דער הויפט תכלית פון לייענען קריאת שמע, באַשטעהט דאָך נישט אין זאָגען אליין. דער עיקר איז דאָך דאָס פיהלען מיט האַרץ און נשמה און ועל כלם, פאַרווירקליכען די פרינציפען פון דער פרשה אין לעבען.



## נאַראָנים פאַר זיך

די וועלט זאָגט, אַז אַלע נאַראָנים זענען קלוג פאַר זיך, און איך זאָג, אַז אַלע חכמים זענען פאַר זיך נאַריש.



## אַ ברכה פון השי״ת

איינער פון זיינע תלמידים האָט אַמאָל געבעטען פון איהם אַ ברכה, האָט ער געענטפערט „גוואַלד וואָס דאַרפט איהר בעטען פון אַ מענשען וואָס וויל נישט און קאָן נישט. איהר בעסער בעט ביי גאָט, וועלכער וויל און קאָן יאָ; און אַז איהר בעט, בעט פאַר כלל ישראל — וועט איהר דאַן אליין במילא געהאָלפען ווערען״.



## זיך לערנען פון אונזערע אבות

זעהר פיל ליידען האָבען מיר שוין דורכגעמאַכט אויף אונזער לאַנגען גלות וועג. דאָך טראָץ אַלע צרות טאָר מען זיך נישט מיאש זיין פון דער

גאולה. אַז מיר טראַכטען זיך אריין טיפער אין דער היסטאָריע פון אונזער פארגאנגענהייט, זעהן מיר די וואונדערבארע וועגען פון דער השגחה. אזוי האָט שוין פּאַסירט מיט אונזערע עלטערן, און מעשה אבות סימן לבנים.

אברהם אבינו ווען ער איז ערשינען אויף דער וועלט מיט זיינע נייע אידייען, האָט געהאַט גענוג אויסצושטעהן, מען האָט איהם גע'רודפ'ט און געטריבען, אָבער צום ענדע האָט ער געקראָגען די אנערקענונג אלס „אב המון גוים", אָדער אלס אַ „נשיא אלקים".

אזוי האָט אויך פּאַסירט מיט יצחק'ן, ווען די פלשתים האָבען לכתחלה ארויסגעטריבען פון זייער לאַנד מיט דער טענה „לך מאתנו כי עצמת ממנו — געה אוועק פון אונז ווייל דו ביזט רייך געוואָרען אויף אונזער רעכנונג", און נאָכהער זענען די זעלבע פלשתים צו איהם געקומען זיך בעטען ער זאָל וואוינען מיט זיי און איהם אָנגערופען „ברוך ה'".

יעקב, דער בחיר פון די אבות, ווייסען מיר דאָך וויפיל ער האָט זיך אָנגעליטען, דאָ פון עשו'ן, דאָ פון לבן'ן, דאָ פון זיין זוהן יוסף'ן. אָבער די ענדע האָט ער געלעבט במנוחה און געקליבען נחת.

אזוי האָט אויך פּאַסירט מיט'ן גאַנצען פאָלק. נאָך די ליידען פון שקלאַ־פעריי אין מצרים, און נאָכהער אין דער מדבר, זענען זיי געקומען „אל המנוחה ואל הנחלה".

איבער דעם האָבען אונזערע חכמים מתקן געווען, אַז מען זאָל דעם ערשטען טאָג פון יאָהר, ראש השנה, לעזען די פרשה פון „וה' פקד את שרה", ווי עס ווערט דערצעהלט, אַז שרה האָט נאָכדעם ווי זי איז שוין געווען אויף דער עלטער און נאָכדעם ווי זי איז געווען ניינציג יאָהר קינדערלאָז, איז זי באַגליקט געוואָרען מיט אַ זוהן.

אויך אויף אברהם'ן שטעהט „והאמין בה' ויחשבה לו צדקה", זאָגט רש"י, אַז דער אויבערשטער האָט אברהם'ס שטאַרקע אמונה באַטראַכט אלס צדקה. דאַרף מען דאָך פאַרשטעהן אין וואָס עס איז באַשטאַנען די גרויסקייט פון זיין גלויבען?

נאָר ווען מיר באַטראַכטען, אַז אברהם איז בעת דער הבטחה, אַז ער וועט האָבען אַ זוהן פון שרה'ן, ביים „ברית בין הבתרים" — אַלט געווען 95 יאָהר, אַלזאָ האָט ער אין דער עלטער פון 75 יאָהר ביז 100 יאָהר אַלץ גע־גלויבט, אַז ער וועט נאָך האָבען אַ זוהן, און קיין צווייפעל האָט זיך די גאַנצע צייט נישט אריינגעכאַפּט אין זיין געדאַנק.

אַט אזעלכע עהנליכע פרטים קאָנען און דאַרפען דינען פאַר אונז אלס ליכט אויף אונזער גלות־וועג, מיר זאָלען קיינמאָל נישט פאַרלירען קיין האָפנונג.



# אַ ריינע קאמפאניע

מהרו בניך מהרסיך ומחריביך ממך יצאו; שאי סביב עיניך וראי כלם נקבצו באו לך.
(ישעיה מ"ט).

אַמאָל ווען כבוד התורה און אידישקייט איז געווען שטאַרק ביי אידען, איז לייכט געווען פאַר'ן תלמיד חכם און פרומען אידען עוסק צו זיין אין תורה ומצוות. עס האָט איהם דאָך געבראַכט „מתן שכרה בצדה", כבוד וגדולה פון אַלע זייטען. עס איז אָבער זעהר שווער געווען צו טהאָן אַלעס ערנסט און לשם שמים — הונדערט פראָצענט. היינט אָבער ווען לערנען און מקיים זיין די תורה ברענגט קיין כבוד ניט, און אַמאָל ברענגט עס גאָר בזיון, איז דאָך דער יעניגער וואָס טראָגט אַלע ערנידערונגען און שווערקייטען ווידמעט ער זיך דאָך צו טהאָן די מצוות ה', איז עס דאָך אין גאַנצען לכבוד השם.

זאָגען טאַקע די חז"ל, אַז בעפאָר משיח וועט קומען וועלען קיין צוויי־זייטיגע אָדער פאַרשטעלטע אידען נישט זיין. דער דור וועט זיין „כולו זכאי" אָדער „כולו חייב", מיינענדיג דאָס דער יעניגער וואָס וועט זיין זכאי, וועט עס זיין אין גאַנצען הונדערט פראָצענט, און דער רשע וועט אויך זיין אַ גאַנצער רשע. עס וועט זיין פאָלקאָמענע מצוות און עבירות. דער צדיק וועט זיין אָפּגעטיילט פון רשע, עס וועט זיין אַ קלאָרער גרענעץ צווישען זכות און חוב. דאָס מיינט אויך דער נביא, דער רבש"ע וויל לעתיד לבא האָבען אַ ריינע קאמפאניע, פאלקאמענע אידען. דאריבער „זאָלען די צושטערער און חרוב־מאַכער פון דיר ארויסגעהן און דו וועסט זיך ארומקוקען וועסטו זעהן, אַז די איבערגעבליבענע וועלען זיין לויטער ריינע, אַלע פאַרזאמעלט און נאָהענט צו השי"ת, און באַצירטע מיט זויבערע קליידער", א. א. וו.

# אומריינע געדאנקען.

ונשמרת מכל דבר רע; כי יהי' בך איש אשר לא יהי' טהור מקרה לילה (תצא כ"ג).
שלא יהרהר אדם ביום ויבא לידי טומאה בלילה (ע"ז ב').

אייגענטליך וואו ליגט עס אט דער געדאנק פון די חז"ל אין פסוק?
דער תירוץ איז אזוי. די תורה זאגט: אז עס וועט זיין צווישען דיר א מענש וועלכער ער וועט זיין ניט ריין — לא טהור — טמא איז ער נאך ניט, נאר בלויז ניט ריין. זאגען די חז"ל, אז מיט דעם מיינט מען אן אומריינעם געדאנק — וועלכעס ברייננגט נאכהער צו אומריינקייט ביינאכט — מקרה לילה.

———0———

# גוט פארדינטען שכר

ברוך משלם שכר טוב. ותן שכר טוב.

מיר ווייסען אז דער ווארט שכר אליין באדייט באלוינונג פאר גוטס, דאגעגען גמול מיינט באצאהלען פאר שלעכטס, טא צו וואס צולייגען דעם ווארט טוב? דער תירוץ איז, מיר בעטען פון השי"ת אז אונזער שכר זאל זיין גוט פארדינט, נישט אומזיסט. אמת דער רבש"ע אין זיין חסד קאן געבען שכר אהן א שיעור. מיר ווילען אבער ניט קיין נהמא דכסופא.
און דאס האט ער דערקלערט מיט א משל. א פאבריקאנט האט איינמאל פארשטעלטערהייט באזוכט זיין פאבריק און האט באמערקט א גוט באצאהלען אנגעשטעלטען זיך ארומדרעהען ליידיג, וד"ל.

———0———

# דער אינהאלט פון אונזערע ימים נוראים תפלות.

רעדענדיג וועגען דעם כאראקטער פון אונזערע ימים נוראים תפלות, פלעגט ער דערצעהלען, אז ווען ניקאליי איז שוין געווען אראפגעזעצט פון

זיין טראָן און צוזאַמען מיט דער פאמיליע געווען אונטער ארעסט (אין דער צייט פון קערענסקי׳ס הערשאַפט), האָט ער געבעטען מען זאָל איהם פאַר־גרעסערען די פאַרציעס עסען. האָבען אַלע דאַן געלאַכט, אַז דער געוועזענער מעכטיגער הערשער איז געפאַלען אזוי נידעריג אַז ער מאָהנט שוין ניט צוריק זיין מלוכה, נאָר אַ גרעסערער חלק ברויט מיט קאַרטאָפעל.

„וואָס דען קאָן מען ערוואַרטען פון אַזאַ טפש !״, האָבען אַלע געשפּאַסט.

כך אזוי, דאָס פאָלק ישראל זענען דאָך בני מלכים, וועלכע זענען פאַר־טריבען געוואָרען מעל שלחן אביהם, זאָלען מיר אקארשט ניט זיין אזעלכע נאַראָנים ווי ניקאליי, און מתפלל זיין בלויז אויף ברויט מיט קאַרטאָפעל.

אין אונזערע תפלות זאָלען מיר באמת בעטען „ובכן תן פחדך על כל מעשיך״, „ובכן תן כבוד לעמך״, „ותמלוך אתה ה׳ לבדך״, א. א. וו. אונזער הויפּט בקשה דאַרף זיין, אַז דער כבוד שמים זאָל פאַרגרעסערט ווערען, און דאָס געטליכע וויסען זאָל אריינדרינגען אין יעדער ווינקעלע פון דער ערד. זאָל נאָר דער אלמעכטיגער קעניג זיך צוריק קערן צו זיין טראָן, „ותחזינה עינינו בשובך לציון ברחמים״, וועט ער שוין ניט לאָזען די פּרינצען הונגערן, זיי וועלען שוין ממילא זיין באַזאָרגט מיט כל טוב. זאָלען מיר גאָט בעטען אויפ׳ן עיקר, אזוי ווי עס פּאַסט פאַר בני מלכים. דער טפל וועט שוין נאָכ־קומען.



## אייביגע שאַנדע

ועל ידם החזיקו התקועים, ואדיריהם לא הביאו צורם בעבודת אדניהם (נחמיה ג׳).

דער פסוק דערצעהלט אונז, אַז צווישען די אידען פון תקוע וועלכע האָבען מיטגעהאָלפען בויען דעם צווייטען בית המקדש האָבען זיך די ארטיגע בעלי בתים ניט באַטהייליגט. זיי זענען דאריבער פאַרשריבען צו אייביגער שאַנדע, אַז זיי די גבירים פון תקוע האָבען ניט געטהאָן זייער פליכט. געווען חרפה פאַר זיי לעולם ועד !

דאָס זעלבע, פלעגט ער זאָגען, וואָלט געווען אַ יושר צו מאַכען אַ ספּעצ־יעלען פנקס אין וועלכען עס זאָל אריינגעשריבען ווערען די נעמען פון די

פאַרמעגליכע אידען וועלכע טרייסלען זיך אָפּ פון צו טהאָן זייער פליכט צו זייער פאָלק...

---o---

# פאר'ן כלל ישראל

ווען אַן אמעריקאַנער בחור, אַ תלמיד פון זיין ישיבה, הרב גאָלדענבערג, האָט איהם דעם לעצטען ערב יוכ"פ געבעטען אַ ברכה אויף פרנסה פאַר זיינע עלטערן, האָט ער זיך ענטזאָגט צו געבען, צו דער איבערראשונג פון אַלע אָנ־וועזענדע. ער אליין האָט אָבער עס גלייך ערקלערט.

וואָס הייסט אַ יחיד ליידט, דער גאַנצער כלל ישראל איז דאָך שרוי בצער, דארף מען דאַריבער בעטען אַז השי"ת זאָל רחמנות האָבען אויפ'ן כלל ישראל און בתוכם אויך אויף..."

---o---

# יעדען ראש השנה אַ נייעם קאָנטראַקט

אמר ר' יצחק כל שנה שרשה בתחילתה מתעשרת בסופה, שנאמר מראשית השנה וגו', (ר"ה ט"ז).

אויב דער אָנפאַנג יאָהר איז ארים וועט דער סוף יאָהר זיין רייך. דארף מען פאַרשטעהן דעם געדאַנק פון אָט דעם מאמר.

דער ראש ישיבת „חפץ חיים", הגאון ר' נפתלי טראפּ זצ"ל, האָט עס אַמאָל ערקלערט אזוי: ראש השנה בעטען מיר פון אויבערשטען פרנסה און געזונד. מען בעט נאָר אויף נייע זאַכען, דיינקענדיג אַז דאָס וואָס מען באַזיצט איז דאָך שוין אונזערס. מיר מאַכען אָבער אַ גרויסען טעות, ווייל באמת אַז עס קומט ראש השנה ענדיגט זיך אונזער אַלטער קאָנטראַקט אויף אַלעס וואָס מיר האָבען געהאַט דעם פארגאנגענעם יאָהר, ווייל מיר זענען בלויז געווען אזוי ווי אויפזעהערס אויף פרעמדע פאַרמעגענס, וועלכע אזוי גיך ווי עס ענדיגט זיך דער טערמין פון זייער אָפּמאַך מיט'ן בעל הבית, האָבען מיר שוין ווייטער מעהר קיין דעה ניט. בלויז די וועלכע ווייסען ניט קאָנען מאַכען דעם טעות, אַז זיי זענען געווען די בעלי בתים.

ליינגער אַ קאָנטראַקט ווי פון איין ראש השנה ביז׳ן אנדערען קאָנען מיר נישט באַקומען. דאריבער ווען עס קומט ראש השנה דאַרפען מיר זיך פיהלען אזוי ווי הילפלאָזע אָרימע־לייט וועלכע האָבען גאָר נישט, נאָר אַלעס דאַרף מען אויף דאָס ניי בעטען ביי השי״ת, פרנסה, געזונט, הצלחה, א. א. וו. דאַן וועט זיך אונזער פאָטער אין הימעל אויף אונז מרחם זיין אַז דער סוף יאָהר זאָל אונז מאַכען רייך...

פיהלענדיג זיך אזוי אָרים און מאַכטלאָז איז שוין קיין וואונדער ניט פאַרוואָס מיר זאָגען אין אונזערע תפלות, „כדלים וכרשים דפקנו דלתיך״, אזוי ווי אָרימע און ליידענדע קלאַפען מיר אין דיינע טירען. דער אָרימאַן וואָס האָט נאָך עפּעס, קלאַפּט ניט אין די טהירען ווען ער קומט בעטען אַ נדבה, ער טהוט אַ הוסט מען זאָל איהם הערען, א א. וו. דער יעניגער אָבער וואָס ער איז הונגעריג, קראַנק, נאַקעט און באָרוועס, ער קאָן זיך שוין ניט קאָנטראלירען, ער קלאַפּט אָן אין דער טהיר און שרייט ראַטעוועט...

---o---

# אַ שעדליכע סביבה.

ואמרת לעבדך, ליעקב, מנחה היא שלוחה לאדוני לעשו (בראשית ל״ב).

די תורה דערצעהלט אונז, אַז ווען יעקב אבינו האָט דורך די מלאכים געשיקט אַ גרויסע מתנה פון שאָף און רינדער צו זיין ברודער עשו, האָט ער באַפעהלען דעם ערשטען פון זיי, „אויב עשו וועט דיך באַגעגענען און פרעגען צו וועמען געהערסטו? וואוהין געהסטו? און פאַר וועמען זיינען די אַלע זאַכען? זאָלסטו ענטפערען, איך באַלאַנג צו יעקב׳ן און די מתנה איז פון איהם געשיקט צו מיין האַר עשו״ (בראשית ל״ב).

יעקב אבינו האָט עס דייטליך באַוואָרענט, כדי עשו זאָל ניט מאַכען קיין טעות, אַז ער שיקט איהם אויך קנעכט אלס מתנה — ניין, דאָס ניט. צו עשו׳ן זיינע קנעכט וועט ער ניט איבערגעבען, ווייל עס איז דאָך קעגען דעם דין פון דער תורה (מפני שמפקיע אותו מן המצוות), האָט ער דאריבער זיי גע־הייסען זאָגען, „ואמרת לעבדך ליעקב מנחה היא שלוחה לאדוני, לעשו״, אַז זיי

אליין געהערען צו יעקב׳ן, און צו עשו׳ן שיקט ער אלס מתנה בלויז די שאָף און רינדער.

אבוואהל לויט איין דעה אין מדרש זענען עס געווען „מלאכים ממש״, פונדעסטוועגען האָט ער זיי אין עשו׳ס שוהלע ניט געוואָלט אַנטרויען...

שעדליך און רואינירענד איז אַ גייסטיג־קאַלטע אטמאספערע און אַ רעליגיעז־פרייע סביבה פאַר עלטערע, די געפאהר איז אָבער אומגעהויער גרעסער פאַר קליינע אומשולדיגע קינדער!!...



## די רעליגיעז־פרייע שוהלעס

רעדענדיג אַמאָל פאַר אַ גרויסע פאַרזאַמלונג, מיט זיין ספעציפישען חפץ־חיים פייער, געגען יענע עלטערן וועלכע גיבען אָפּ זייערע קינדער אין רעליגיעז־פרייע שוהלעס, האָט ער באַמערקט: וועה! וועה! אזוינע עלטערן באַהאַנדלען דאָך זייערע קינדער נאָך ערגער ווי פרעמדע דיענסטען!

אין תלמוד ווערט געבראַכט, אַז אויב איינער פאַרקויפט צו אַ גוי זיין „עבד כנעני״ (גוי׳אישען קנעכט אָדער דיענסט, וועלכער איז פאַרפליכטעט מקיים צו זיין מצוות כאשה), קנס׳נט מען איהם, אַז ער זאָל איהם אויסלייזען צוריק פון גוי, זאגאר אויב ער דאַרף באַצאָהלען צעהן מאָל אזוי פיל ווי זיין ווערדע, ווייל דאמיט האָט ער דעם קנעכט געשטערט פון קאָנען ערפיהלען די מצוות פון דער תורה וועלכע ער האָט גענומען אויף זיך אָפצוהיטען בעת ער האָט זיך פאַרקויפט צום אידען.

דאָס גלייכען, אַז מען שיקט אַ קינד זיך לערנען אין אַן אפיקורסישע שוהלע, וועלכע באַראַבעוועט עס פון אלע הייליגע געפיהלען און טראַדיציעס, איז מען דאָך עס מפקיע מן המצוות, ווי גרויס וועט זיין די שטראָף פאַר אזעלכע עלטערן!



## פאַלגען די חכמים

די לעצטע יאָהרען ווען ער האָט שוין צוליב שוואַכקייט ניט אימשטאַנד געווען אַרום צוגעהן, פלעגט ער זיך דאָך שטאַרקען און נאָכ'ן עסען געהן איבער'ן הויז עטליכע טריט. געהענדיג אזוי מיט פיעל אָנשטרענגונג, האָט ער אַמאָל באַמערקט, „שוין דאָ דוכט זיך פיר איילען, געגונג, מעהר בין איך ניט מחויב".

אזוי הייסען די חז"ל טהאָן צוליב'ן געזונד.

—————0—————

## פאַר משיח'ן

זיין אויסערגעוועהנליך שטאַרקע אמונה אין ביאת הגואל, האָט געשלאָגען איהרע טיעפע וואָרצלען אין זיין לעבען פון זיין פריהסטע יוגענד אָן. זייענדיג אַ יונגער בחור'ל, פלעגט ער דערצעהלען, אין שטעטעלדיגען בית המדרש האָט מען איינמאָל ערוואַרטעט אַ באַזוך פון גאון וצדיק ר' אלי'נקע קראַטינגער. אלע בחורים וועלכע פלעגען שלאָפען אין בית המדרש זיינען דאַן אויפגע־שטאַנען פאַרטאָג און האָבען צו־געראַמט דעם בית המדרש. „בעת ר' אלי'נקע איז געקומען", פלעגט דער חפץ חיים צוגעבען, „האָב איך זיך באַהאַלטען אין ווינקעלע, איך האָב מורא געהאַט ער זאָל מיך ניט באַמערקען". „היינט"— פלעגט ער מיט התלהבות אויספיהרען — „אויב פאַר אַ גאון ווי ר' אלי'נקע האָט מען זיך אזוי פיעל געגרייט און געגרייט, טאָ ווי דאַרף מען זיך שוין גרייטען פאַר משיח'ן ?!"

—————0—————

## אייביגע שאַנדע

זיין אינגסטע טאָכטער פייגע'לע, איז אַלס קינד איינמאָל אוועק צו אַ שכן אין הויז כדי זיך דאָרט צו שפּילען מיט איהרע קליינע פריינדינעס. פאַר־זאמענדיג זיך דאָרט אַ קליינע ווייל'ע, איז זי שנעל צוריקגעקומען אַ פאַר־

ברוגז׳טע און באליידיגטע. ווען איהר מוטער האט איהר געפרעגט די אורזאכע, האט זי אויסברעכענדיג אין א געוויין דערצעהלט, אז זיי ווילען זיך ניט שפילען מיט איהר און האבען איהר דאריבער פארשעהמט. לאנג האט דער מוטער גענומען ביז וואנעט ס׳איז געלונגען איהר טאכטער צו בארוהיגען.

ווען דער חפץ חיים האט דאס דערהערט, האבען זיך טרערען באוויזען אין זיינע אויגען און ער האט א טיעפען זיפץ געטהאן, און רעדענדיג אזוי ווי צו זיך: „פייגעלע, א קינד פיהלט זיך געקריינקט און באליידיגט ווען איהרע חברת׳ריגס ווילען זיך ניט שפילען מיט איהר. טא ווי גרויס וועט שוין זיין דער וועהטאג און שאנדע ווען מ׳וועט זיך וועלען אוועקזעצען לעתיד לבא אין דער קאמפאניע פון צדיקים און מ׳וועט ניט לאזען, ס׳אן אייביגער בזיון!...

---

# לי הכסף ולי הזהב

אין ווינטער פון יאהר תרס״ט, איז דער חפץ חיים געקומען קיין מאהליב, צוזאמען מיט אנדערע גדולי ישראל אויף א וויכטיגע רבנים־קאנפערענץ. די גאנצע אידישע באפעלקערונג איז דעמאלט ארויס מקבל פנים צו זיין די חשוב׳ע געסט. פון דער אכסניה איז דער חפץ חיים געפאהרען צו דעם פלאץ וואו די אסיפה איז אפגעהאלטען געווארען אין א שליטען. ארויסנעמענדיג קליינגעלט צו באצאהלען דעם בעל־עגלה, איז פון זיין האנט ארויסגעפאלען זילבערנע מטבעות אין שנעע. דער עולם האט זיך א לאז געטהאן אויפצו־קלייבען פאר איהם די מטבעות, צווישען זיי איז אויך געווען דער בעל עגלה. האט גראד דער אינגעל שלמה אהרן קאזארנאווסקי (איצט רב אין ברוקלין), באמערקט אז דער בעל עגלה אנשטאט צוריקצוגעבען דעם חפץ חיים, האט ארייגעטהאן א מטבע צו זיך אין קעשענע, האט ער אויסגעשריהען: „רבי דער איזוואשצשיק האט גענומען אייער געלט!״

„ניין, ניין, זאג עס ניט מיין קינד, זאג עס ניט!״ האט זיך דער חפץ חיים צו איהם אפגערופען, „ער האט מיין געלד ניט גענומען — לי הכסף ולי הזהב— זאל עס איהם וואויל באקומען!״

# לערנען דעם ספר „חפץ חיים"

אין „האסיף" פון יאָהר תרמ"ח, אין אַ רעצענזיע וועגען ספר „משנה ברורה", שרייבט דער מבקר יצחק סובאלסקי, צווישען אנדערעס:

„מברכותיו של אדם ניכר אם תלמיד חכם הוא. המחבר הנכבד משוש כל בני ליטא, המספרים ממנו גדולות, המחבר הזה אשר ראה עולמו בחייו וזכה כי ספריו „שמירת הלשון" ו„חפץ חיים" נעשו לקנין כל בני ליטא. היראים נושאים אותם בתוך תיק הטלית ולומדים בפומבי בבתי כנסיות ובבתי מדרשות, המחבר הזה אשר ככהן הגדול בברכה משולשת מברך לה' ויודה לו ג' פעמים בשער ספרו, המחבר הזה המפורסם לירא אלקים וצדיק כביר..."

דער גרויסער גאון ר' אלכסנדר משה לפידות, אין זיין ספר „דברי אמת" (געדרוקט מיט פיעלע צעהנדליגע יאָהרען צוריק), שרייבט דאָרט בזה הלשון:

„נגע צרעת כי תהי' באדם, המה העבירות התלויות בפה ובלשון אשר המה נגעי בני אדם, ורוב בני אדם נכשלים בהם. והובא איש כזה אל הכהן הגדול מאחיו, הוא הגאון הצדיק האמיתי, בעל „חפץ חיים" שליט"א, ללמוד בספריו היקרים והמה יורו לו איך להתנהג בזה. ואשרי האדם שילמוד על מנת לקיים, בספריו הקדושים אשר המה מלאים דברים יקרים נבחרים, איש כזה את נפשו יציל משחת ויזכה בזה לרוב עונג ונחת".

אויך שרייבט הגאון הצדיק ר' אלי' קראטינגער זצ"ל, אין זיין צוואה (געשריבען מיט פופציג יאָהר צוריק, געפינט זיך אין ספר „אזהרת שבת" פון הרב ר' יצחק מאלצאן), למעה"ש צו לערנען דעם „חפץ חיים".

———0———

# אַ בריוו פון גערער רבי'ן ר' אברהם מרדכי אלטר שליט"א

פון ירושלים צו זיינע חסידים, געשריבען אין יאָהר תרצ"ה

„איך פאַרלאַנג פון אייך, אזוי ווי עס האָבען זיך ליידער געמעהרט די צרות מבית ומבחוץ, און מיר דאַרפען גלויבען די חז"ל, אַז אלע ליידען ווערען פאַראורזאַכט צוליב די זינד פון לשון הרע און שנאת חנם, דאריבער איז מייך

עצה, אַז איהר זאָלט לערנען דעם ספר חפץ חיים און שמירת הלשון, אמ־וויניגסטענס צוויי מאָל אַ וואָך.

„איך קאָן עדות זאָגען אויף מיר אליין שמים וארץ, אַז נאָכדעם ווי איך האָב דורכגעלערענט די אויבענדערמאָהנטע ספרים, האָב איך געפיהלט אַ גרויסע ווירקונג לטובה. דאריבער רעקאמענדיר איך דיזע ספרים זאגאר צו די וועלכע זיינען פאלקאמענע אין זייערע מדות, ווייל עס וועט זיכער משפיע זיין אויף זיי לטובה...״

—o—

# אַ שעהנער פאַרגלייך!

דער חפץ חיים האָט אַמאָל אויסגערעדט איינעם וועלכער האָט געוואגט צו מאַכען אַן אומפאַסיגע באַמערקונג אין עניני אמונה. ווען דער לעצטער האָט זיך געפּרובירט צו פאַרטיידיגען מיט דעם, אַז דער אבן עזרא אין זיין פּירוש מאַכט אַן עהנליכע באַמערקונג, האָט איהם דער חפץ חיים געענטפערט מיט אַ משל:

„ווען אַ פאַבריקאַנט האָט אַ גרויסען סוחר אלס זיין קונה, וועלכער גיט איהם תמיד אַסך צו לייזען, וועט ער זיך ניט וויסענדיג מאַכען אויב אפילו דער קאסטאמער וועט איהם פאַראורזאַכען אַן אומוויכטיגען שאָדען, אויס־האַקען אַ פענצטער וכדומה. אנדערש איז אָבער אויב ס׳קומט אַזאַ איינער וועלכער איז ניט זיין קאסטאמער און האַקט איהם אויס אין זיין געשעפט אַ פענצטער, דאַן וועט ער פאָדערען באַצאָהלט פאַר דעם קלענסטען שאָדען.

„כך, אזוי, דער אבן עזרא איז געווען איינער פון די חשוב׳סטע קאסטאמער ביים רבונו של עולם, ער האָט זיך תמיד אָנגענומען פאַר׳ן כבוד שמים און שטענדיג געזוכט צו פאַרגרעסערן דעם כבוד התורה. נו, אויב אפילו ער האָט צופעליג דורך זיינע אַן אומפאַרזיכטיגע באַמערקונג פאַראורזאכט אַ וועלכע עס איז שאָדן, וועט עס איהם השי״ת פאַרזעהן, אָבער איהר...״

—o—

# שטאַרבען ווי אַ איד

תמות נפשי מות ישרים ותהי אחריתי כמוהו.
(במדבר כ"ג)

בלעם ווינשט זיך צו שטאַרבען אַ אידישען טויט. אַזאַ רשע! עס גלוסט זיך איהם צו שטאַרבען ווי אַ איד, אָבער צו לעבען ווי אַ איד ווילט זיך איהם ניט.

ווי באוואוסט, די מנוחת הנפש וואָס אַ איד פיהלטביים טויט, רופט אלע מאָל ארויס די באַוואונדערונג פון אנדערש־גלויביגע.



# ניט געהן

ותלחץ את רגל בלעם אל הקיר (במדבר כ"ב).

„דער אייזעל האָט צוגעדריקט בלעם'ס פוס צו דער וואַנט", פרעגט זיך אַ פראַגע: פאַרוואָס עפּעס דוקאַ זיין פוס? דער תירוץ איז, ווייל בלעם איז געגאנגען טהאָן שלעכטס צו אידען, האָט איהם דער אייזעל, אַ קוועטש טהו־ענדיג דעם פוס, געגעבען אָנצוהערעניש ער זאָל בעסער ניט געהן.



# אַ חלק עולם הבא

כל ישראל יש להם חלק לעולם הבא, שנאמר ועמך כלם צדיקים, לעולם יירשו ארץ נצר מטעי מעשי ידי להתפאר (פרקי אבות).

די פראַגעס זיינען זעלבסט פאַרשטענדליך: 1) פאַרוואָס קומט עס

דעם רשע אַ חלק לעולם הבא? 2) אויב דער רשע איז זיכער צו קריגען אַ חלק לעולם הבא, וועט ער דאָך זיך קיינמאָל ניט קימערען וועגען זיינע זינד?

אויף דעם האָט דער רבי אין פאַרשידענע שמועסען געענטפערט מיט עטליכע תירוצים:

א) אַז דער תנא זאָגט דאָך ניט „יהיה להם חלק לעולם הבא", מיינענדיג אַז זיי וועלען זיכער האָבען אַ חלק. אנשטאט דעם זאָגט ער דאָך בלויז, — „יש להם" — אַז עס איז פאַראַן פאַר זיי אַ חלק, אָבער צו זיי וועלען דאָס קריגען איז אַ פראַגע.

כדי דאָס בעסער צו פאַרשטעהן, איז נויטיג צו ציטירען דעם מאמר פון רבי עקיבא (חגיגה ט"ו):

„דער אויבערשטער האָט באַשאַפען צדיקים און אויך רשעים; ער האָט באַשאַפען אַ גן עדן און אויך אַ גיהנום. סיי דער צדיק, סיי דער רשע, האָבען צוויי חלקים: איינער אין גן עדן, דער צווייטער אין גיהנום. אויב דער צדיק פאַרדינט זיך, נעהמט ער זיין חלק און דער חלק פון רשע אין גן עדן. אויב דער רשע ווערט געפונען שולדיג, נעמט ער זיין חלק און דעם חלק פון צדיק אין גיהנום.

פאַרוואָס עס איז אזוי, איז לייכט צו פאַרשטעהן: דער צדיק מיט זיינע מעשים טובים מאַכט לייכטער פאַר'ן רשע צו טהאָן גוטעס; דער רשע, אָבער, מיט זיין שלעכטס מאַכט שווערער פאַר'ן צדיק צו טהאָן מצוות. און אידען זיינען דאָך — „ערבים זה לזה" — יעדער איינער איז מאראליש פאַראַנטווארטליך פאַר'ן צווייטען.

ב) דאָס וואָרט „חלק" אין העברעאיש קאָן אויך מיינען: אַ פלאַץ, אָדער אַ ליידיגען פעלד (אזוי ווי ס'שטעהט „ואכלה את החלק", עמוס ז').

פאַר יעדען איינעם איז באַשטימט אַ „חלק", אַ פעלד, מיינענדיג אַ ליידיגען פלאַץ, וועלכעס ער דאַרף ענטוויקלען, אקערען און פאַרפלאַנצען. אנדערש בלייבט עס פוסט און וויסט; עס ווערט זומפּיג אָדער פאַרוואָקסען מיט שעדליכע געוויקסען וועלכע זיינען אַ געפאהר פאַר איהם. כדי ס'זאָל דעם מענשען ברענגען געהעריגע פרוכט פון זיין גייסטיגען חלק, מוז ער דאָס בעאַרבייטען און קולטווירען. אויף דעם ברענגט דער תנא אַ ראיה פון פסוק, וואָס זאָגט דייטליך, „דיין פאָלק ישראל זיינען אַלע צדיקים, זיי ירש'נען אימער לאַנד, אָבער זיי דאַרפען אויפפאַסען אויף די פלאַנצונגען, אויב זי ווילען אַז זייער ארבייט זאָל זיין לויבענסווערטה".

ג) ס׳שטעהט „יש להם חלק לעולם הבא״, דאגעגען אין פילע ערטער אין תלמוד ווערט געזאָגט „בן עולם הבא״ (צב״ש, „איזהו בן עולם הבא, ענוותנן ושפל ברך שייף ועייל שייף ונפיק וגריס באורייתא תרידא״, אָדער „השונה הלכות בכל יום מובטח לו שהוא בן עולם הבא״), וואָס איז דער אונטערשייד?

ווען למשל, אַן ארימאַן קומט צו אַ נגיד׳ישע חתונה, גיט מען איהם אויך אַ חלק, אָבער ווען, און ווי אזוי קריגט ער זיין חלק? ער שטעהט ביים טהיר און מוז מי־יודע ווי לאַנג וואַרטען. דאגעגען, אַ וויכטיגען גאַסט באַזעצט מען אויבען־אַן און מען דערלאַנגט איהם גלייך פון דאָס בעסטע.

אין דעם פאַל איז אויך אזוי. אמת טאַקע, יעדער קאָן האָפען צו באַ־קומען אַ חלק, אָבער ווער צו אַזאַ חלק. אַ חלק פון אַ גייסטיגען ארימאַן, אַ שלעפּער! גליקליך איז דער חשוב׳ער מחותן וואָס איז שטענדיג פון די ערשטע און קריגט אלעמאָל פון דאָס שעהנסטע און בעסטע.

ד) „כל ישראל יש להם חלק לעולם הבא״, אלע אידען האָבען אַ חלק אין עולם הבא, דער רשע אָבער נעהמט אָפּ זיין חלק אויף דער וועלט.

איינער האָט געהאַט אַ פּרעכטיגען פּאַלאַץ, וועלכער איז געוועזען אויס־געשטאַט מיט די שעהנסטע מעבעל און קונסטבארע כלים. יעדער חדר מיט זיין אייגענטימליכען חן, און האָט פאַרשאַפט דעם בעל הבית גרויס גענוס. איינמאָל האָט אויסגעבראָכען אַ פייער, זיינען געקומען פייער־לעשער און האָבען די טייערסטע אנטיקען ארויסגעשטעלט אין פאַרהויז, און דער בעל הבית גופא, האָט דאָרט געמוזט עסען, טרינקען און שלאָפען.

די וועלט, ווערט פון אונזערע חכמים, צוגעגליכען צו אַ פּרוזדור, אַ פאַרהויז און יענע וועלט צו אַ טרקלין, אַ פּאַלאַץ. דער רשע צוליב זיין בייז־וויליגקייט, צושטערט דאָך זיין פּאַלאַץ דאָרטען, געניסט ער דאריבער אַלע תענוגים אין דער פאַרהויז, אויף דער וועלט. פאַר׳ן צדיק אָבער, דינט אָבער די וועלט בלויז אלס אַ „פּרוזדור״, אַ דורכגאַנג צום טרקלין.

דאָס קאָן אויך דערקלערט ווערען דורך אַן אנדער משל.

עס איז דער שטייגער ווען אַ גביר מאַכט חתונה זיינס אַ קינד, מאַכט ער מיט אַ טאָג אָדער פריהער, אַ סעודה, צו וועלכער ער לאַדט איין אלע ארימעלייט.

ערשט נאָכדעם, פאַרבערייטערט ער אַ סעודה פאַר זיינע גביר׳שע געסט.

נאַרישע קבצנים דענקען, אַז זיי זיינען חשוב׳ער ביים גביר, ווייל ער האָט דאָך פאַר זיי צום ערשטען געפראַוועט די סעודה.

דאָס זעלבע קאָנען נאַר שוטים קלערען, אַז זיי זיינען יחסנים, צוליב דעם וואָס זיי קריגען זייער חלק פריהער אויף דער וועלט. דער אמת אָבער איז, אַז דער רבש״ע פטר׳ט אָפּ קודם כל די גייסטיגע קבצנים, כדי ער זאָל זיך אויפ׳ן עולם אבא, שפּעטער, קאָנען אומגעשטערט פרעהען מיט די אמת׳ע מחותנים — צדיקים.



## עמפּפינדליכקייט פון דער פרוי

ותרא האשה כי טוב העץ למאכל ותאוה הוא לעינים, ונחמד העץ להשכיל ותקח מפריו ותאכל ותתן גם לאישה עמה ויאכל (בראשית).

ווען די פרוי האָט געזעהן ווי גוט די פרוכטען פון׳ם בוים זיינען צום עסען, ווי אנגענעהם זיי זיינען פאַר׳ן אויג, און ווי אָנציהענד פאַר׳ן שכל; האָט זי גענומען פון די פרוכט און אליין געגעסען און עס אויך געגעבען איהר מאַן צום עסען.

עס זיינען פאַראַן צוויי סאָרטען מענשען: איינער באַטראַכט אלס זיין הויפּט פאַרגעניגען אין לעבען געשמאַק צו עסען און טרינקען. אַ צווייטער זאָגט, אַז קיינער קוקט איהם נישט נאָך וואָס ער עסט; דער הויפּט פאַרגע־ניגען ביי איהם באַשטעהט אָנצוזעטיגען דאָס אויג, צו ערשיינען אין דער געזעלשאַפט אָנגעטהאָן אין שעהנע טייערע קליידער; וואוינען אין אַ פיינער הויז און זיך באַפּוצען מיט קאָסטבארע מעבעל און געשיר. דער דריטער באַטראַכט השכלה, אויפקלערונג, אַלס הויפּט פאַרגעניגען פון ז י י ן לעבען. דאָס הייסט, לערנען, וויסען און פאַרשטעהן מעהר פון אנדערע.

דערצעהלט אונז די תורה, אַז די פרוי אין איהר פאַנטאזיע, האָט זיך פאָרגעשטעלט, אַז עסענדיג פון דעם עץ הדעת, וועלען אלעמאָל באַפרידיגט ווערען איהרע הויפּט שטרעבונגען אין לעבען. זי האָט נעמליך געטראַכט, אַז די פרוכט איז געשמאַק סיי צום עסען, סיי עס זעטיגט אָן דאָס אויג (ד. ה.,

זיך קאָנען אויספיינען פאַר לייטען), סיי עס איז רייצענד פאַר׳ן געדאַנק — מיינענדיג אויפקלערונג, אָדער השכלה.

זי איז אָבער פאַרפיהרט געוואָרען פון איהר פאַנטאַזיע און פון אלצדינג האָט זיך אויסגעלאָזט אַ פוסטער חלום. חוה האָט איהר ציל ניט דערגרייכט. ווייל אמת׳ער פאַרגעניגען אין לעבען איז אונמעגליך, אויב די מיטלען עס צו דערגרייכען זיינען געגען גאָט׳ס ווילען.



# דאַנקען גאָט

אהללה לה׳ בחיי אזמרה לאלהים בעודי.
(תהלים קמ״ו)

זמרה, געזאַנג, דריקט אויס אַ גרעסערע שמחה ווי הלל, לויב. „ווען אלע זאָגען מיר אָפּ מיין לעבען, ווען עס דוכט זיך אַז אָט, אָט און כ׳בין שוין מעהר ניטאָ, און דאָך לעב איך און עקזיסטיר, פאַר דעם טהו איך זינגען צו גאָט״, — זאָגט דער משורר.



# ליכט און האָפנונג

והארץ היתה תהו ובהו וחשך על פני תהום.
(בראשית א׳)

איידער עס ווערט ליכטיג, הערשט זעהר אַ געדיכטע פינסטערניש: „העם ההלכים בחשך ראו אור גדול״ (ישעיה ט׳).
לערענט אונז די תורה ביים סאַמע אָנפאַנג, אַז מען טאָר קיין מאָל ניט

פאַרלירען די האָפנונג, נאָר מען דאַרף וויסען, אַז אפילו ווען עס איז אַ תהו ובהו און אַ חשך איז איבערגעצויגען איבער׳ן אָפּגרונט, שוועבט אויך דאַמאלט דער געטליכער גייסט. „ויאמר אלקים יהי אור ויהי אור״, — מען דאַרף שטענדיג האָפען אויף ליכטיגקייט וועלכע וועט געוויס קומען. אָנפאַנגענדיג חומש, לערענט שוין דאָס אידישע קינד אָט דעם פּרינציפּ פון בטחון, וועלכער האָט דעם אידען שטענדיג אויפגעהאַלטען אין אַן אָפּטימיסטישער שטימונג; דער איד באַמערקט ליכטיגע שטראַלען זאָגאר אין דער געדיכטסטער פינסטערניש.



# יעקב מיט עשו׳ן

ויתרוצצו הבנים בקרבה (בראשית כ״ה).

רש״י זאָגט: מהי רציצה זו? אין הימעל האָט מען זיך אַביסעל צוריקגעהאַלטען ארויס צולאָזען עשו׳ן אויף דער וועלט, ווייל דאָס באַדייט דאָך אַ חורבן פאַר אלץ וואָס איז שעהן און אידעאַליסטיש אין לעבען. ווידער, לאָזען יעקב׳ן אליין געבוירען ווערען, וואָלט דאָך קיין קונץ ניט געווען צו זיין אַ יעקב, אויב עס וואָלט קיין עשו ניט געווען! צוליב דעם איז געווען אַ „ויתרוצצו״, ווייל עס איז שוין לאַנג צייט געווען רבקה זאָל זיי געבוירען; מען האָט זיך אָבער אין הימעל שטאַרק מיישב געווען — און אלץ צוליב עשו׳ן.

ספרים זאָגען, אַז עשו איז געקומען צוליב רבקה׳ן, ווייל זי איז געווען אַ בת רשע און יעקב צוליב יצחק׳ן, ווייל ער איז געווען אַ צדיק בן צדיק. ויעתר לה ה׳, גאָט האָט זיך צוגעהערט צו יצחק׳ס תפלה צוליב יעקב׳ן, אָהן וועלכען די וועלט וואָלט זיך ניט געקאָנט באַגעהן. צוליב עשו׳ן וואָלט מען זיך גאָרנישט געאיילט.

ב.

נאָך איידער זיי זיינען געבאָרען געוואָרען, האָבען זיי שוין געקעמפט איינער מיט׳ן אנדערען (ויתרוצצו הבנים). ארויסקומענדיג אין דער וועלט, האָט שוין יעקב צוריקגעהאַלטען עשו׳ס טריט (וידו אוחזת בעקב עשו). דאָס

איז מרמז, אַז עשו וואָלט אימער גרייט געווען צו צעטרעטען יעקב׳ן, אויב דער לעצטער וואָלט איהם ניט געהאַלטען ביים קנאַפּעל.

ג.

יעקב האָט פאָראויסגעזעהן, אַז זיינע קינדער וועלען דאַרפען אויס־שטעהן אַ לאַנגען גלות אונטער עשו׳ן. גרויס און פיל־באדייטענד איז געווען דער זיגען פון געראנגעל מיט׳ן אומבאַקאַנטען, וועמען די חז״ל רופען אָן „שר של עשו״. „ויאבק איש עמו עד עלות השחר״. זייער שטרייט האָט געדויערט אַ גאַנצע נאַכט, ביז פריהמאָרגען. אמת, דעם מלאך האָט זיך איינגעגעבען אויסצולינקען אַ פוס ביי יעקב׳ן, אָבער באַזייטיגען איהם אין גאַנצען, האָט ער ניט געקאָנט. יעקב וועט טאַקע דאַרפען דורכגעהן אַ פינסטערען גלות, אָבער ענדליך וועט ער דערזעהן די ליכטיגקייט פון טאָג.

ד.

לעתיד לבא (בעלות השחר), וועט יעקב באַווייזען אַז אין דער צוריק־געשטאַנענקייט פון זיינע קינדער, זיינען גיכער שולדיג די עשו׳ס, ער (דער שר של עשו), איז פאַראנטווארטליך וואָס די פוס איז אוועקגערוקט געוואָרען פון איהר נאטירליכען אָרט. „ויגע בכף ירכו ותקע כף ירך יעקב בהאבקו עמו״, דאָס איז אַ רמז אויף זיינע קינדער, ווייל „ברא כרעיה דאבוה״.

---

# דער ריכטיגער וואונש

וגם כל העם הזה על מקומו יבא בשלום.
(שמות י״ח)

די חז״ל (ברכות ס״ד), זאָגען אַ כלל, אַז געזעגענדיג זיך מיט אַ טויטען דאַרף מען איהם ווינשען „לך בשלום״, און אַ לעבעדיגען דאַרף מען צו־ווינשען „לך לשלום״.

איז דאָך דעריבער אַ פראַגע, ווי אזוי קומט עס צו יתרו׳ן, וואָס רעדענ־דיג צו משה׳ן וועגען דאָס פאָלק, האָט ער געזאָגט „יבא בשלום״, אנשטאַט „יבא

לשלום״? יתרו האָט דאָך זיכער געוואוסט דעם אונטערשייד, והא ראיה, אַז ווינשענדיג משה׳ן, ווען ער איז געגאַנגען פון מדין קיין מצרים, ווערט גע־זאָגט בפירוש, „ויאמר יתרו אל משה לך לשלום״ (שמות ד׳).

דאָס צו פאַרענטפערען, איז נויטיג צו געדענקען, אַז אויב איינער פאַר־כאַפּט ביי אַ צווייטען אפילו אַ פּרוטה, העלפט קיין תשובה וחרטה ניט, סיידען ער קערט צוריק די גניבה. מקובלים זאָגען, אַז ווען אפילו די נשמה איז שוין געקומען אויף יענער וועלט, ווערט זי נאָך אַמאָל נתגלגל אויף דער וועלט אום צוריק צוקערען אַ גזלה צום נגזל.

יתרו, האָט ווי באַוואוסט, געראַטהען משה׳ן, ער זאָל איינפיהרען אַ גע־העריגען סיסטעם פון גערעכטיגקייט. די דיינים וועלען דאמאלט מציל זיין גזלה מיד הגוזל און פארמיידען איינער זאָל ניט פאַרכאַפּען דעם צווייטענס אייגענטום. אויב דאָס זאָל געשעהן, וועט דאָך יעדער יחיד אויף יענער וועלט האָבען אַ מקום מנוחה און ניט דאַרפען צוריקקומען אויף דער וועלט. דער אויבענדערמאָנטער פסוק פון יתרו׳ן, באַציהט זיך דאריבער אויף נאָכ׳ן טויט, לכן האָט זיך יתרו אויסגעדריקט „בשלום״.

———o———

# שטראָף מיט חסד

רבים מכאובים לרשע והבוטח בה׳ חסד יסובבנו.
(תהלים ל״ב ו׳)

אַ דאָקטאר גיט אַ רעצעפּט, וואָס איז אָפטמאָל זעהר ביטער. כדי דער קראַנקער זאָל עס קאָנען איינעמען, טהוט ער אריין דעם פראַשעק אין אַ קאפסולקע וואָס מאַכט אַז דער קראַנקער זאָל ניט פיהלען זיין ביטערקייט. אזוי איז אויך ווען השי״ת דאַרף שטראָפען דעם צדיק, וויקעלט ער ארום די שטראָף מיט חסד.

דאָס איז דער פשט פון אויבענדערמאָנטען פסוק: „דער רשע שטעהט־אויס פילע ליידען; און דער וואָס טרויט זיך אָן אין גאָט, ווערען ביי איהם די זעלבע וועטהאָגען ארומגערינגעלט מיט חסד״.

# טענץ

רעדענדיק איינמאָל פאַר די אידען פון שטעטעל, אַז זיי זאָלען ניט צו־לאָזען צו קיין געמישטע טענץ פון בחורים און בתולות אויף חתונות, וכדומה, האָט ער זיי אויפמערקזאם געמאַכט, אויף אַ שטעל אין רש"י, וואָס זאָגט, אַז די אידען, דינענדיק דעם עגל, האָבען עובר געווען אויף די דריי האַרבסטע עבירות: עבודה זרה, גלוי עריות ושפיכת דמים. האָב איך אימער געקלערט, אַז עס איז דאָרט געווען עבודה זרה, דאָס ווייסען מיר — דער עגל; שפיכת דמים, די ערמאָרדונג פון חור; אָבער פון וואנען דרינגט עס רש"י, אַז עס איז דאָרטען געווען זנות?

יעצט אָבער פאַרשטעה איך: דער פסוק זאָגט דאָך, אַז „וירא את העגל ומחלת", אַז משה רבנו האָט דערזעהן דעם עגל מיט די טענץ און אַז דאָרטען זיינען געווען טענץ (געמישטע), פאַרשטעהט מען שוין דעם פועל־יוצא. וואָס איז דער פועל־יוצא פון געמישטע טענץ, — גלוי עריות... 1).

1) אנמערקונג:
גאַנץ ריכטיג האָט אַמאָל דער גאון ר' חיים בריסקער באַמערקט: דער עגל איז צו־שטערט געוואָרען, אָבער די מחולות זיינען געבליבען און פון זיי ליידען מיר עד היום הזה.

———0———

# די עקשנות'דיגקייט אין אַ מחלוקה

העיני האנשים ההם תנקר לא נעלה.
(במדבר ט"ז)

דתן ואבירם, זיינען אזוי אריינגעטהאָן געווען אין מחלוקת, אַז זיי האָבען געזאָגט: אפילו אויב מען וועט אונז אויסשטעכען די אויגען, וועלען מיר בלינדערהייט פאָרזעצען דעם קריג". אזוי איז עס מיט מחלוקת: אבי אויס־פיהרען, — מעהר קלערען ניט די איינגעשפאַרטע רשעים.

צו דעם האָט דער ראדינער ראש הישיבה, ר' משה, צוגעגעבען:

יעקב אבינו האָט מתפלל געווען, „ובקהלם אל תחד כבודי", אַז אין דער מחלוקת פון קרח'ן, זאָל זיין נאָמען ניט דערמאָנט ווערען — און ער האָט

עס גע׳פועל׳ט. עס שטעהט, „ויקח קרח בן יצהר בן קהת בן לוי״, **אבער עס שטעהט ניט „בן יעקב״.**

איז דאך אייגענטליך א קשיה אויף יעקב׳ן: אויב שוין יא מתפלל זיין, האט ער שוין בעסער געדארפט בעטען, אז ס׳זאל קיין מחלוקת בכלל ניט זיין?

דער תירוץ איז, אז ער האט משמעות געוואוסט פריהער, אז אויף אזוי פיל וואלט אים זיין תפילה ניט געהאלפען. מחלוקת ווען שטענדיג מוזען זיין. האט ער דעריבער בלויז געבעטען, אז ז י י ן נאמען זאל כאטש ניט פארמישט ווערען.

---o---

# גאט איז גערעכט

צדיק ה׳ בכל דרכיו וחסיד בכל מעשיו.
(תהלים קמ״ח, י״ז)

דער רבש״ע איז שטענדיג גערעכט און איז גענעדיג אין אלע זיינע טהאטען, מען קאן עס פארשטעהן מיט א משל:

א גביר האט געהאט א בן יחיד, וועלכער איז געווען א מושלם אין אסך מעלות. איינמאל איז דער זוהן זעהר געפערליך קראנק געווארען, האט דער פאטער גערופען א קאנסוליום פון באריהמטע פראפעסארען. און דער גרעס־טער פראפעסאר מיט די הילף פון די איבעריגע, האט ערפונדען א רפואה צו זיין קראנקהייט און דורכדעם איז ער געראטעוועט געווארען פון א זיכערען טויט.

דער פראפעסאר האט אבער אנגעזאגט דעם גביר, אז ער מוז ווייטער זעהר פארזיכטיג אויפפאסען אויף זיין קינד׳ס דיעטע. ער זאל נישט עסען קיין פעטע אדער געדעמפטע פלייש, א. א. וו.

דער פאטער האט איהם א צייט אליין אפגעהיט און דער זוהן האט זיך געפיהלט געזונד.

איינמאל, ווען דער פאטער האט צוליב זיינע געשעפטען געמוזט פאר־לאזען די הויז, האט ער אנגעזאגט דער מוטער, זי זאל שטרענג אכטונג געבען

אַז דער זוהן זאָל נישט אריינכאַפּען קיין פאַרבאָטענע עסענוואַרג. ווען די מוטער האָט איינמאָל געהאַלטען אין מיטען עסען אַ שטיק פעטע און געדעמפּטע פלייש, האָט עס דעם זוהן פאַרשמעקט און ער איז ווילד אריינגעלאָפען און אַ כאַפּ געטהאָן פון טעלער די פלייש און עס גלייך אויפגעגעסען.

ווען דער פאָטער איז צוריק געקומען, האָט ער געפונען זיין בן יחיד אין אַ מצב מסוכן. ער האָט גלייך גערופען דעם גרויסען פּראָפּעסאָר. דער לעצטער, האָט ביים ערשטען בליק דערקאָנט, אַז דער קראנקער האָט מסתמא געגעסען אַ שעדליכען מאכל. „וועד ווייס", — האָט דער פּראָפּעסאָר אויסגעשריהען — „צו איך וועל איהם שוין יעצט קאָנען ראטעווען!"

דער פאָטער איז צוגעפאַלען צו איהם און האָט מיט טרערען זיך געבעטען, אַז ער זאָל רחמנות האָבען אויף איהם און נאָך אַמאָל פאַררופען צו אַ ראט די פּראָפּעסאָרען און זוכען אַלע מעגליכקייטען, כדי זיין זוהן צו ראטעווען.

כך הוה. עס איז געלונגען דעם פּראָפּעסאָר, איהם נאָך אַמאָל צו ראטעווען. דער פאָטער האָט שוין פון דאמאלט אָן גענומען אויף זיך פּערזענליך אויפצופּאַסען אויף זיין זוהן און איהם נישט טרויען צו אנדערע.

איינמאָל, ווען דער פאָטער האָט געמאַכט אַ סעודה פאַר געסט, האָט ער זעלבסט פאַרשטענדליך פאַראָרדענט דעם זוהן, אַז ער זאָל צום באַנקעט ניט קומען. דער לעצטער אָבער, דערשמעקענדיג פון ווייטענס דעם ריח פון די מאכלים, האָט זיך דוקא געריסען צו דעם באנקעט זאָל. דער פאָטער האָט אָבער פאַראָרדענט איהם ארויס צו טרייבען פון דאָרט. די פרעמדע צווישען די פאַרזאַמעמלטע האָבען נישט געקאָנט פאַרשטעהן דעם אינצידענט. אַ רייכער פאָטער זאָל נישט פאַרגינען זיין איין־איינציגען זוהן צו געניסען פון אַ געשמאַקער סעודה?

מיר ווייסען אָבער, אַז דער פאָטער האָט אַלץ געטהאָן צוליב זיין ליבע און רחמנות צום קינד. און נאָר צוליב דעם איז רעכט געווען ביי איהם צו ליידען אפילו בזיונות.

דאָס מיינט דער פּסוק: „דער רבש"ע איז אַ צדיק אין אַלע זיינע וועגען און מעשים". צוליב זיין אהבה צו זיינע קינדער, וויסענדיג אַז עס וואָלט זיי געשאַדט, דערלאָזט ער זיי מאָנכע מאָל נישט געניסען פון די גוטע און געשמאַקע זאַכען פון זיין רייכען טיש, ווייל וועד נאָך אזוי ווי ער פאַרשטעהט די געפאהר וואָס קאָן ארויסקומען פאַר זיין קינד (מענש) פון אזעלכע זאַכען.

# דער רשע אויף דער וועלט

מיר זעהען אָפט, אַז גראַד דעם רשע איז גוט אויף דער וועלט. פאַרוואָס? — די תורה ענטפערט אויף דעם: „ומשלם לשונאיו על פניו להאבידו״, ד. ה., אַז דער רבש״ע צאָהלט אָפּ דעם רשע אויף דער וועלט פאַר זיינע גוטע מעשים, כדי איהם צו באַזייטיגען פון יענער וועלט. דאָס וויל דאָך דער רשע שטענדיג, נאָר עולם הזה.

מען קאָן עס בעסער פאַרשטעהן מיט אַ משל:

אין אַ מדינה האָט אַ מאָל פּאַסירט, אַז אַ הויכער בעאמטער האָט פאַר־ראַטען דער מלוכה, פיר וועלכעס עס קומט טויט שטראָף. זייענדיג אַ מקורב למלכות, האָט דער קעניג באַפעהלען איהם ניט צו טויטען בידים, נאָר איהם אריינצוזעצען אין אַ הויז מיט גלעזערנע ווענט און איהם לאָזען דאָרט אָהן עסען און אָהן טרינקען ביז ער וועט פון הונגער אליין שטאַרבען. און דורך די ווענט וועלען אלע מענשען זעהן די שטראָף און זיך אַראָפּנעמען אַ מוסר, נישט צו באַגעהן מעהר קיין פאַרברעכענס. ווען דער הונגער האָט זיך אויף איהם געשטאַרקט, האָט ער געריסען שטיקער פלייש פון זיך און האָט עס געגעסען.

איז געקומען דאָרט אַ פרעמדער מענש און האָט דערזעהן ווי אַ מאַסע מענשען שטעהען ארום דער הויז און באַדויערען דעם אומגליקליכען ווי ער געהט אויס פון הונגער. וואונדערט זיך דער פרעמדער, „וואָס הייסט, ער געהט אויס פון הונגער, „אָט עסט ער דאָך גאָר פלייש!״

האָבען איהם אלע געענטפערט: וועה, וועה, צו אַזאַ עסען, ער עסט דאָך די פלייש פון זיין אייגען לייב, אַזאַ עסען איז דאָך שוין ניטא וואָס מקנא צו זיין!

אָט אזוי איז די באַדייטונג פון רשע׳ס עסען אויף דער וועלט. דער רשע עסט זיך אליין אויף אַ לעבעדיגער. ס׳שטעהט: „הכסיל חבק את ידיו ואוכל את בשרו״ (קהלת ד׳).

———0———

# דער שטן אויף רעכטס

והשטן עומד על ימינו לשטנו (זכרי' ג').

דער יצר הרע, זאָגען די חז"ל, זיצט על שתי מפתחות הלב; כאָטש די לינקע זייט פון האַרץ סימבאַליזירט די וואוינונג פון יצר הרע, טרעפט זיך אָבער, אַז ער טרעט אריבער זיינע גרעניצען און פאַרנעהמט זיך אויף רעכטס, דעם אָרט פון יצר טוב. וויסענדיג פאָראויס, אַז דער איידעלער מענש וועט זיך ניט לאָזען אָנרעדען צו באַגעהן אַ גראָבע עבירה, שטעלט דער יצר הרע עס איהם פאָר אַלס אַ מצוה.

דער יצר הרע, וועלכער באַקליידעט אויך דעם אַמט פון שטן, איז נאָכ־הער מקטרג אויפ'ן מענשען פאַר'ן בית דין של מעלה.

ווען עס האַנדעלט זיך וועגען אַן אדם גדול, ווערט דאריבער דעם שטן'ס קטרוג קאָנצענטרירט אויף רעכטס, ניט אויף לינקס. ד. ה. ער ווייזט־אויף די חסרונות און זיינע מצוות. דאָס מיינט דער אויבענדערמאָנטער פסוק, אַז ביי יהושע כהן גדול, איז דער שטן געשטאַנען אויף זיין רעכטער זייט, כדי משטין צו זיין אויף איהם.



# פון עבירות צו מצוות

כי תצא למלחמה על אויבך ונתנו ה' אלקיך בידך ושבית שביו. (דברים מ"ט)

עס איז באַוואוסט דאָס וואָס ספרים זאָגען, אַז דער פסוק איז מרמז אויף מלחמת היצר; אַז דער מענש גופא פאַנגט אָן אַ מלחמה קעגען דעם יצר הרע, העלפט איהם גאָט איהם צו באַזיגען. און אויב דער מענש טהוט תשובה באמת, ווערען די עבירות פארוואנדעלט אין מצוות.

„כי תצא למלחמה", אויב דו וועסט אליין ארויסגעהן אויף מלחמה, „ונתנו ה' אלקיך בידך", וועט דער אויבערשטער דעם יצר הרע איבערגעבען אין דיינע הענט, „ושבית שביו", וועסטו צוריקקריגען אפילו דאָס וואָס ער האָט פריהער פון דיר צוגענומען. אויף דעם שטייגער וועלען די זדונות ווערען זכויות.

# רשעות פון יצר הרע

יצרו של אדם מתגבר עליו בכל יום ומבקש להמיתו ואלמלא הקב"ה עוזרו אינו יכול לו, שנאמר צופה רשע לצדיק ומבקש להמיתו וה' לא יעזבנו בידו (קדושין ל').

„דער יצר הרע שטאַרקט זיך יעדען טאָג אין'ם מענשען און וויל איהם טויטען. אָהן דעם אויבערשטען'ס הילף, וואָלט ער איהם געקאָנט באַזיגען, ווי עס שטעהט אין פסוק: „אַז דער רשע קוקט אויס אויפ'ן צדיק און וויל איהם טויטען".

אייגענטליך איז עס דאָך אַ פראַגע: וואָס איז די ראיה פון פסוק אַז דער יצר הרע שטאַרקט זיך אַלע טאָג?

דער תירוץ איז: דער יצר הרע איז דעם מענשען'ס הויפט שונא. טהוט אַ מענש אַ גרויסע מצוה, זוכט ער צו פאַרקלענערען איהר ווערדע; טהוט אָבער אַ מענש די קלענסטע עבירה, פאַרגרעסערט ער דאָס וואָס מעהר. ווען אַ מענש איז זיך מזרז צו טהאָן אַ גרויסע מצוה, מאַכט דער יצר הרע דאָס אויך צו קליין־געלט. און פאר'ן בי"ד של מעלה זוכט ער צו פאַרביליגען די טייערסטע און חשוב'סטע מצוה.

„צופה", מיינט קוקען אזוי ווי דורך אַ גלאָז, וועלכעס פאַרגרעסערט אָדער פאַרקלענערט די זאַך וועלכע איז אונטער בעאבאַכטונג. דאָס איז וואָס דער יצר הרע טהוט מיט דעם מענשען'ס מעשים. צוערשט רעדט ער אָן דעם מענשען צו זינד, ער מינימיזירט דעם חטא און זיין עונש, און שילדערט דעם פיזישען תענוג און מאטעריאלען פראפיט אין אָנציהענדע און ליכטיגע פאַרבען. נאָכדעם ווי ער זעהט אַז דער מענש איז שוין אונטער זיין אבסאלוטע הער־שאַפט, זוכט ער מיט אלערליי תחבולות איהם צו דערשלאָגען. ער פאַרגרעסערט זיינע שלעכטע טהאַטען און פאַרקלענערט די ווערדע פון די גוטע.

---o---

## מענש העכער ווי מלאך

ווען ער האָט געהערט וועגען די חכמות וועלכע די באַטייליגטע אין די נאָרד־פּאָל עקספּעדיציעס האָבען געמאַכט; אַז זיי האָבען אין סאַמע ברען פון זומער זיך באַזאָרגט מיט גראָבע וואַרימע פעלצען, כדי זיי זאָלען קאָנען אויסשטעהן די דאָרטיגע קעלטען, האָט ער געזאָגט, אַז מיט דער מענשליכער נשמה איז אויך אזוי. אויף דער וועלט קאָן זי זיך ניט אויפהאַלטען סיידען זי איז אָנגעטהאָן אין אַ גראָבען פעלץ (דער גוף).

זאגאר די מלאכים, אַראָפּקומענדיג אויף דער וועלט צו אברהם'ן, האָבען זיך געמוזט אָנטהאָן אין אַ לבוש פון אַ בשר ודם. נאָר אויף יענער וועלט קאָן אַ מלאך עקזיסטירען אין זיין בלויז רוחניות'דיגען געשטאַלט.

און אזוי ווי מיר פאַרשטעהען די מעלה און חשיבות פון די יעניגע וואָס ווייזען בראַווקייט און העלדישקייט עקספּלאָדירענדיג דעם נאָרד־פּאָל און ווערען דערפאַר באַוואונדערט ביי די אין־דערהיים־פאַרבליבענע (כאָטש די לעצטע טהוען זייער פליכט צו דער געזעלשאַפט), אזוי איז אויך דער צדיק חשוב'ער און שטעהט העכער זאגאר ווי אַ מלאך, וועלכער בלייבט שטענדיג אויפ'ן הימעל.

---

## קאָנטראָלירען דעם פערד

אדם ובהמה תושיע ה' — אלו בני אדם שהם ערומים בדעת ומשימין עצמן כבהמה.
(חולין ה').

דער מאמר קאָן ערקלערט ווערען מיט אַ משל: אַ סוחר האָט געדונגען אַ בעל עגלה פאַר אַ רייזע. ביינאַכט האָט דער סוחר אָנגעזאָגט דעם בעל עגלה, אַז ער זאָל אַכטונג געבען אויף די פערד, ווייל ער, דער סוחר, וויל זיך צושפּאַרען אַ ווײַלע. דער בעל עגלה אָבער, האָט איינגעדרעמעלט און די פערד, ניט זייענדיג אונטער קיין קאָנטראָל, זיינען פאַרקראָכען אין אַ זומפּ

און איבערגעקערט דעם וואָגען. דער סוחר האָט זיך אויפגעכאַפּט אַ צע־טרייסלטער און פאַרוואונדעטער און האָט זיך צעשריהען אויפ׳ן בעל עגלה:
„כ׳האָב דיר דאָך געוואָרענט דו זאָלסט אכטונג געבען אויף די פערד! טאָ ווי אזוי האָסטו געוואָגט זיי צו לאָזען אליין?״
האָט דער בעל עגלה זיך פאַרענטפערט, אַז ער האָט די פערד געלאָזט געהן אליין, ערשט נאָכדעם ווי ער האָט זיי ארויסגעפיהרט אויפ׳ן גלייכען וועג.
„אָך, דו נאַר איינער״, — האָט זיך דער סוחר אָנגעבייזערט — „ווי אזוי האָסטו זיך געקאָנט פאַרלאָזען אויף זיי? זיי זיינען דאָך פערד, בהמות. ווי קאָנען זיי וויסען וואו צו געהן? מען מוז זיי שטענדיג האַלטען אין צוים״.
דאָס איז דער געדאַנק פון חז״ל: אַ מענש באַשטעהט פון גייסט און קערפּער, נפש שכלית און נפש בהמית. די מענשליכע בהמה מוז אלעמאָל קאָנטראָלירט ווערען פון דער נשמה. גליקליך איז דער מענש וואָס פאַרשטעהט ווי צו צוימען זיין בהמה; אַזאַ מענש איז אַ ערום בדעת, — ער דרעמעלט ניט און געטרויעט קיינמאָל ניט די בהמה.



# אַ מורד במלכות

דער באַריהמטער צדיק ר׳ הירש ברוידא, דער מנהל פון דער באַוואוסטער תלמוד תורה הגדולה אין קעלם (נאָך דער פּטירה פון זיין שווער ר׳ שמחה זיסל), האָט געהאַט באַשלאָסען צו פאָהרען קיין ארץ ישראל. ער האָט זיך מישב געווען מיט זיין שוואָגער, דעם באַוואוסטען גדול ר׳ נחום וועלוועל זיוו זצ״ל. דער לעצטער איז באַשטאַנען צו פאָהרען קיין ראַדין זיך אָנצופרעגען ביים חפץ חיים, צו עס איז ראַטזאַם אַז ער זאָל פאָהרען.
אויף דעם, האָט דער חפץ חיים, געענטפערט ר׳ נחום וועלוועל׳ען, מיט אַ משל:
מיר זעהען, אַז דאָס צוטיילען דאָס מיליטער אין פאַרשידענע פּונקטען און געגענדען פון לאַנד, ווי אויך דאָס באַשטימען די פּאַסיגע גענעראַלען און עלצטע, ליגט אין די הענט פון דעם גענעראַל־שטאַב. דאָרטען ווערט

אלעס אויסגערעכענט לויט דער וויסענשאַפט פון סטראַטעגיע און אלעס פאַר דער טובה פון לאַנד. יעדערער ווערט באַשטימט לויט זיינע פעהיגקייטען צו דינען אין דעם אָדער יענעם אָרט. אַ גענעראל זאָל אוועקגעהן צו אַנ־אנדער רעגימענט, כאָטש ער מיינט, אַז ער וועט נאָך מעהר און בעסער דינען דער מלוכה, איז אַ מורד במלכות.

„כך, אזוי, זעהענדיג פאַר פילע יאָהרען, אַז אייער שוואָגער ר׳ הירשל ברוידא, האָט זיך אויסגעצייכענט מיט זיינע מעלות און פעהיגקייטען אלס פיהרער פון דעם געטליכען רעגימענט (די בני הישיבה) אין קעלם, זעהט מען דאָך, אַז מען האָט איהם דערצו באַשטימט פון דער השגחה אַלס פאַסיגס־טען פערזאָן, גלויב איך נישט אַז עס איז גלייך אַז ער זאָל פאַרלאָזען דעם פלאַץ, כאָטש ער פערזענליך שטרעבט צו קאָנען דאָרטען מעהר צו דינען דעם בורא יתברך״.

---o---

# דאָס לערנען פון קליינע קינדער

די גמרא דערצעהלט, אַז דערהערענדיג, אַז די וועלט שטעהט אויף די קליינע קינדער, האָט רב פפא געפרעגט אביי׳ן: „וואָס איז מיט מיין תורה און מיט די תורה וואָס דו לערנסט ?״

האָט איהם אביי געענטפערט:

„אונזער תורה קומט גאָרניט צו די תורה פון אַ קליין אינגעל. ווייל די תורה פון אַ קליין אינגעל, וועמעס מויל איז ריין, האָט מעהר קדושה ווי די תורה פון גרויסע״, אבוואהל די לעצטע זיינען אמוראים.

פון דעם זעהען מיר, אַז ערמעגליכען קינדער צו לערנען, איז דאריבער חשוב׳ער ווי צו באַזעצען אמוראים, אָדער אפילו תנאים, זיי זאָלען לערנען.

---o---

# דער חפץ חיים און זיינע אור-אייניקלעך

אמאָל פלעגט טרעפען, אַז דער אלטיטשקער זיידע, פלעגט צונויפרופען ארום זיך זיינע קליינע אייניקלעך און אור־אייניקלעך און יעדען איינעם באַזונדער זאָגען:

„דו הערשעלע, דאַרפסט לערנען מעהר חומש און וויניגער שטיפען...
דו פנחס׳ל, דארפסט אביסעל שטיפען און אַסך עסען... דו... דאַרפסט
שוין לערנען גמרא, און דו ... דאַרפסט לערנען מעהר מוסר...״

אזוי פלעגט ער מיט שמחה שמועסען מיט זיינע אייניקלעך און אור־אייניקלעך און יעדען באַזונדער אָנזאָגען וואָס ער דאַרף לערנען און ווי זיך אויפצופיהרען.



# טרעט אָפּ דעם וועג

ער האָט איינמאָל דערצעהלט, אַז ער איז אַמאָל געגאנגען אין אַ גאַס פון אַ גרויסער רוסישער שטאָדט, איז איהם אנגעקומען אנטקעגען אַ זשאנדארם און דער חפץ חיים האָט איהם אָפּגעטראָטען דעם וועג. געהט צו דער זשאנדארם און פרעגט איהם: „וואָס אנטלויפסטו פון מיר? דו באַליידיגסט דאָך מיר! איך בין דען אַ בער?״

זאָגט צו איהם דער חפץ חיים: „ניין, איך בין ניט אנטלאָפען; נאָר איך בין זיך נוהג שטענדיג אָפּצוטרעטען יענעם דעם וועג!״

„אויב אזוי״, — זאָגט צו איהם דער זשאנדארם — „וועסטו דיין גאַנצען לעבען גליקליך זיין״.



# אליין זיך פּאַטשען

איינמאָל האָט איינער פון זיינע בני בית איבערדערצעהלט אַן עניין וועגען ר׳ מ., אין זיין אָנוועזענהייט. איז דער חפץ חיים, שטאַרק בייז געוואָרען און געזאָגט: „איך וויל נישט הערען רעדען וועגען אַן אנדערען, איך האָב גענוג מיינע אייגענע חסרונות פון זיי צו רעדען״.

ווען דער דערצעהלער האָט זיך פאַרטיידיגט, מיט דעם וואָס ר׳ מ., איז נאָר וואָס דאָ געוועזן און אז ער אליין האָט וועגען זיך דאָס דערצעהלט,

האָט דער חפץ חיים געענטפערט: „אַ מענשען פאַרדריסט נישט אויב ער גיט זיך אליין אַ פּאַטש, אָבער איהם פאַרדריסט אויב אַן אנדערער גיט עס איהם".



# די שטראָף פון לשון הרע

ווי גרויס די שטראָף פון לשון הרע איז, קאָנען מיר פאַרשטעהן, אַז די תורה האָט אונז אָנגעזאָגט, שטענדיג צו געדענקען, וואָס דער אויבערשטער האָט געטהאָן צו מרים'ען, צוליב איהר רעדען שלעכטס אויף איהר ברודער משה'ן.

דאָס קאָן מען פאַרשטעהן מיט אַ משל.

אַ פאָטער האָט אַמאָל געהאַט צוויי זיהן. איינער איז געווען אַן אויס־געצייכינטער, איבעראל באוואוסט אלס חיים'קע דער עילוי. און דער צווייט־ער איז געווען אַן איינפאַכער אינגעל. דער עילוי, פיהלענדיג זיין גרויסקייט, איז געוואָרען אַ בעל גאוה און האָט זיך מיט יעדערען געקריגט און דורכדעם פאַרשאַפט דעם פאָטער גרויסע בזיונות. כדי איינצושטילען אַ קריגעריי, האָט איהם דער פאָטער איינמאָל געגעבען אַ פּאַטש פאַר אלעמען אין די אויגען, דאָס האָט געהאָלפען. שפּעטער, ווען דער צווייטער זוהן, האָט זיך אויך גענומען האַלטען גרויס און זיך פאַרטשעפּען מיט מענשען, האָט איהם דער פאָטער געוואָרענט: געדענק, אז אפילו דיין באַריהמטען עילוי'שען ברודער, האָב איך אויך ניט געשוינט, וועסטו דאָך געוויס באַשטראָפט ווערען.

דאָס זעלבע זאָגט אָן די תורה:

„זכור את אשר עשה ה' אלקיך למרים", — געדענק, אַז אפילו מרים'ן, האָט השי"ת אויך נישט נושא פנים געווען. מרים, וועלכע איז געווען אַ צדקנית און האָט געהאַט אזעלכע גרויסע פאַרדינסטען פאַר'ן פאָלק. פערציג יאָהר האָבען די אידען אין מדבר געהאַט וואַסער אין איהר זכות, א. א. וו., דאָך איז זי נתפרסם געוואָרען צו שאַנדע פאַר אלעמען צוליב לשון הרע.



# ביים אייגענעם נאָמען

דער מנהג צו דערמאָנען דעם אייגענעם נאָמען נאָך שמונה עשרה, ביי „אלקי נצור לשוני מרע״, זאָגען ספרים, איז, כדי אַ מענש, לאחר מאה ועשרים שנה, זאָל געדענקען זיין נאָמען. די פראַגע איז: פאַרוואָס עפּעס פונקט ביי „אלקי נצור לשוני מרע״?

דער תירוץ איז, אַז דורך לשון הרע, איז דער מענש עלול צו פאַר־לירען זיין אייגענעם נאָמען. ווייל עס ווערט געבראַכט, אַז אויב איינער רעדט לשון הרע אויפ׳ן אנדערען, פאַרלירט דער באַרעדער זיינע מצוות צום באַ־רעדטען און דער לעצטער זיינע עבירות צו איהם.

דאריבער, כדי צו בלייבען ביים אייגענעם נאָמען, חזר׳ט ער עס איבער דעם נאָמען נאָך דעם ווי ער בעט גאָט, ער זאָל איהם העלפען פאַרהיטען זיין צונג פון שלעכטס.

———0———

# נישט רעדען וועגען קיינעם

רעדענדיג אמאָל וועגען לשון הרע, האָט ער געזאָגט:

ווען איינער קאָן נישט ביישטעהן דעם נסיון פון רעדען לשון הרע אויפ׳ן אנדערען, זאָל ער אומוויניגסטענס זיך היטען נישט צו דערמאָנען יענעם ביים נאָמען. משל למה הדבר דומה?

צו איינעם וואָס האָט צוגעזאָגט זיין אידים אַסך טויזענטער נדן און נישט האָבענדיג קיין געלט, האָט ער געגעבען אַ וועקסעל אויף וועלכען ער האָט זיין נאָמען נישט אונטערגעשריבען. דער אידים, פאַרזעהענדיג עס, האָט געמיינט, אַז ער פאַרמאָגט אַסך געלט. דער שווער אָבער, האָט געוואוסט אַז זיין וועקסעל איז גאָרנישט ווערטה אָהן זיין חתימה.

דאָס זעלבע איז ווען איינער רעדט לשון הרע אויפ׳ן צווייטען און דער־מאָנט ניט יענעמס נאָמען. דער באַרעדער האָט פון דעם הנאה, מיינענדיג אז ער האָט טאַקע גערעדט לשון הרע. אָבער מאָנען איהם אויפ׳ן עולם האמת וועט מען נישט קאָנען, ווייל ער האָט קיין נאָמען נישט דערמאָנט.

## ניט זיין „כנושה"

בעת דער חפץ חיים איז געווען אַ קרעמער, פלעגען ווי דער שטייגער איז, מענשען נעמען פון איהם וואַרע אויף באָרג. פלעגט ער זיך דאריבער היטען ניט פאַרבייצוגעהן די הויז וואו ס'האָט געוואוינט זיינער אַ בעל חוב. ס'זאָל ניט אויסקוקען אַז ער ווייזט זיך בכיוון פאַר כדי איהם צו דער־מאָנען אין זיין חוב.

---

## געכאַפּט דעם גנב

אין די יאָהרען ווען דער חפץ חיים האָט געהאַנדעלט, האָט פּאַסירט, אַז אַ רוסישער סאָלדאט האָט באַ'גנב'ט זיין קרעמעל, מ'האָט דעם גנב געכאַפּט. אַלס אַ מוסר השכל פלעגט דער חפץ חיים דערצעהלען מיט וועלכע תחנונים דער „סאָלדאטשיק נעבאך" האָט זיך געבעטען אַז ער וועט נעמען אויף זיך די הארבסטע שטראָף אבי מ'זאָל ניט „דאלאזשען נאטשאלסטווא" (איהם איבערגעבען צו דער העכערער מאַכט).

מצדו האָט איהם דער חפץ חיים גלייך לגמרי מוחל געווען.

צו באַרוהיגען זיינע בני־בית האָט ער געזאָגט:

„נו, וואָס וועט זיין אַז איך וועל איהם ניט מוחל זיין, וועט מען קומען לעתיד לבא צו אַ דין תורה, וועט זיך ארויסווייזען אַז איך בין גערעכט, אָבער געה משפט זיך מיט אַ גנב!"

---

## ביים אָפענעם גרוב

דער חפץ חיים אלס יונגערמאַן, האָט פאַר זיין התבודדות אויסגעקליבען דעם נאָהנטען וועלדעל אויסער'ן שטעטעל. זיינען אייניגע יונגעלייט וועלכע פלעגען לערנען מיט איהם אין בית המדרש געווען נייגעריג אויסצוגעפינען וואָס ר' ישראל מאיר טהוט דאָרט. האָבען זיי איהם איינמאָהל נאָכגעשפּירט

און פון אַ פאַרבאַהאַלטענעם אָרט איהם באַמערקט שטעהן ביי אַ גרוב וואָס איז דאָרט געווען. אַ שרעק איז זיי באַפאַלען ווען זיי האָבען איהם דערהערט רעדענדיג צו זיך אליין:

„ס'ווילט זיך דיר כבוד ישראל מאיר? פאַרוואָס און פאַרוועןן? הא, דו האָסט היינט געלערנט אַסך... דו האַלסט זיך שוין גרויס?! געדענק וואָס דיין סוף וועט זיין!... דו וועסט דאָך ליגען אין אַזאַ גרוב!...״

——0——

# ער זעהט

מ'דערצעהלט, בעת דער חפץ חיים איז געקומען צו ר' ישראל'ן מיט דעם כתב יד פון זיין ספר „חפץ חיים״, האָט ר' ישראל געבעטען איהם איבערצו־לאָזען דעם מאנוסקריפט אויף אַביסעל צייט איבערצוקוקען. ווען ער איז געקומען אָפנעמען, זאָל איהם ר' ישראל האָבען געפרעגט:

„איהר ברייננגט דאָרטען, אַז אויב איינער האָט גערעדט אויפ'ן צווייטען לשון הרע מוז ער איהם בעטען מחילה, פאַרשטעה איך ניט — אויב דו ווילסט תשובה טהאָן, פאַרוואָס זאָל דיר ערלויבט זיין מצער צו זיין אַ מענשען?״

אין זיין ענטפער וועלכער איז ר' ישראל'ן שטאַרק געפעהלען געוואָרען האָט זיך דער חפץ חיים פאַררופען אויפ'ן „רבנו יונה״, פון וועמעס ספר („שערי תשובה לרבנו יונה גירונדי״) ער האָט דעם דין געבראַכט.

נאָכדעם ווי דער חפץ חיים איז אוועק, האָבען די אַנוועזענדע תלמידים (ווי ר' שמחה זיסל זיוו, ר' איצעלע בלאזער, ר' נפתלי אמשטערדאם), גע־פרעגט זייער רבי'ן ווער דער מחבר איז וואָס ער האָט איהם אזוי שטאַרק מכבד געווען. האָט זיי ר' ישראל סאלאנטער געענטפערט:

„דער איד איז אַ גרויסער מאמין, אָבער ניט נאָר ער גלויבט, נאָר ער זעהט...״

——0——

# אנטלויפען פון אַ פייער

אין שטעטעל ראדין האָבען געוויסע מחרחרי ריב פאַראורזאַכט אַ גע־וואלדיגע מחלוקת געגען דעם דאמאלטדיגען רב ר' אליהו מרגליות ז״ל. דער

לעצטער איז אנטלאָפען ערב שבת פון שטאָט כדי צו פאַרמיידען אַז די מחלוקת זאָל זיך ציהען.

בעת ס׳האָט געהאַלטען אין רעכטען ברען פון דער מחלוקת, איז דער חפץ חיים, זייענדיג דאַן אַ יונגערמאַן אָפּגעפאָהרען אין דער דערבייאיגער שטאָט לידע.

האָט דער גאון ר׳ אלי׳נקע לידער איהם געפרעגט: היתכן, אַז אַזאַ תלמיד חכם ווי ער, זאָל אנשטאט העלפען לעשען דעם פייער פון מחלוקת, גאָר אנטלויפען.

האָט דער חפץ חיים געענטפערט, אז צו ראטעווען פון שטוב און לעשען דעם פייער איז נאָר ראטהזאם ווען דאָס פייער האָט נאָך ניט ארומגעכאַפּט די גאַנצע הויז; אנדערש איז אָבער ווען דאָס פייער כאַפּט ארום די גאנצע שטוב, דאמאלט מוז מען שוין אנטלויפען...



# כבוד צו אַ רשע

דערצעהלט הגאון ר׳ אלחנן וואסערמאַן:

מיט אַ יאָהר פינף און דרייסיג בערך, ווען דאָס שטעטעל ראדין איז אָפּ־געברענט געוואָרען, האָט דער חפץ חיים צוגעשיקט צו די צייטונגען אויפרופען צו העלפען די נשרפים. האָט ער דאמאלט באַדאַרפט שרייבען צו אַ געוויסען רעדאקטאר, וועלכער איז געווען באַוואוסט אלס אַן אפיקורוס. ער האָט גע־זוכט אויסצומיידען איהם צו אדרעסירען מיט אַן אומפאַרדינטען טיטול. ס׳האָט איהם גענומען עטליכע טעג ביז וואנעט ער האָט געפונען אַ פאַסיגען אויסדרוק מצמצם צו זיין עס זאָל ניט זיין אַ וואָרט וואָס איז ניט דורכאויס נויטיג צום ענין. נאָכדעם ווי ער האָט שוין זאגאר אוועקגעשיקט דעם בריוו, האָט ער זיך געזאָרגט און מצטער געווען, טאָמער איז ער ניט געווען פאַרזיכטיג גענוג און האָט געגעבען כבוד צו אַ רשע, וועלכעס איז פילייכט ניט געווען קיין נויטווענדיגקייט.

מיט צוועלף יאָהר צוריק, ווען דער זעלבער פערזאָן איז געקומען אין אַ נאָהענטע שטאָט, האָט מען געמאַכט אַ גרויסען פאראד פאַר איהם. האָט ר׳ אלחנן דעם חפץ חיים דערצעהלט וועגען דעם. האָט ער באַמערקט: „וואָס

ווערט איהר נתפעל? איהר האָט געזעהן אַז מען טראָגט... וואָס פאַר אַ פאראד מען מאַכט!" — אַ וויילע שפעטער האָט ער צוגעגעבען, — „נו, ווער ווייס, אפשר האָט ער אַמאָל קינדווייז געזאָגט אמן יש"ר, גיט מען איהם אָפּ אויף דער וועלט".

און דער חפץ חיים, פאַררופענדיג זיך אויף אַ געוויסע פאַסירונג מיט אַסך יאָהרען צוריק, האָט דערצעהלט:

„איך בין אַמאָל געווען אויף אַן אספה אין ווילנע. אויף דער אספה זיינען דאמאלט געווען אלע גדולים, צווישען זיי אויך ר' ישראל סאלאנטער. האָב איך דאַן געשטעלט אַ פראגע אויף וועלכער קיינער האָט ניט געהאָט וואָס צו ענטפערען: — זאָל זיין אַז מיר זיינען ניט בכח צו האַלטען מלחמה מיט די רשעים, אָבער וואו האָבען מיר גענומען דעם היתר צו געבען זיי כבוד? — און אלע זיינען געבליבען שטיל..."



# קיינע נייע זאַכען אונטער דער זון

אַבוואהל עס דוכט זיך, אַז אין אונזערע צייטען קומען אויף נייע זאַכען פון וועלכע מ'האָט קיינמאָל פריהער קיין אהנונג ניט געהאָט, איז עס ניט אין סתירה מיט דעם כלל, „אין כל חדש תחת השמש". דער איינציגער אונטער־שיעד צווישען היינט און אמאָל, איז דער פאַקט וואָס דער ראָד פון געשעהנישען דרעהט זיך זעהר שנעל. דאָס וואָס האָט באַדאַרפט אמאָל נעהמען הונדערטער יאָהרען, פאַסירט עס היינט אין אַ קורצער צייט, דאריבער זיינען די פאַסירונגען מעהר בולט, און די ענדערונגען מעהר פיהלבאר. אין דיזער תקופה פון מאַשינעריע און עלעקטריציטעט ווערט אלץ פראָדוצירט מיט אַ שנעלען טעמפא. אויך די שטראָף וואָס מ'פאַרדינט ווערט באַצאָהלט דורך אַ גיכען פראָצעס, גלייך אויפ'ן אָרט, איינס נאָכ'ן אנדערען. דאריבער אזויפיל צרות, אזויפיל ליידען און אזויפיל קראַנקהייטען.

אויך אַמאָל פלעגט זיך רייכטהום ביי איינעם האַלטען אַ גאַנצען דור און אָפטמאָל צוויי דורות. היינט אָבער ווערט מען רייך שנעל און אזוי ווי דער „קקיון דיונה" ווערט דאָס עשירות זעהר שנעל כלה.

אזוי פאַסירט אויך מיט דער געזעלשאפטליכער ארדנונג, רעוואלוציעס און קאָנטער־רעוואלוציעס ווערען געשאַפען איבער נאָכט...

# פרייע אידען

לויט ר׳ אלחנן וואסערמאן, איז געווען מרגלא בפומיה פון חפץ חיים: „מען זאָגט: „פרייע אידען״, איך פאַרשטעה ניט ווי איז דאָס פרייע אידען? פרייע זיינען זיי טאקע, אָבער זיינען זיי דאָך קיין אידען ניט. ס׳איז דאָך תרתי דסתרי אהדדי: אַ איד איז ניט קיין פרייער און אַ פרייער איז ניט קיין איד (לויט׳ן ריכטיגען זינען פון וואָרט).

„בעוונותינו הרבים, מיר פאַרלאָזען זיך אויפ׳ן גלח מעהר ווי אויף די ווער־טער פון די חז״ל. אויב אביי ורבא פסק׳ענען אָפּ, אָדער באַשליסען וועגען איינעם אַז ער איז ניט קיין איד, פאַרלאָזען מיר זיך ניט אויף דעם, נאָר מיר באַטראַכטען איהם נאָך אלץ בחזקת יהודי. דאגעגען אויב דער גלח באַשטעטיגט מיט זיין אונטערשריפט אויף איינעם, אַז ער איז מעהר קיין איד ניט, דאמאלט אנערקענען מיר אויך אלס אויס איד. באמת אָבער, דארפען מיר וויסען, אַז אַ איד איז נאָר דער וועמען די תורה אנערקענט אלס איד...״



# זיך לערנען פון יצר הרע

„עם לבן גרתי — ולא למדתי ממעשיו הרעים״ (רש״י וישלח). פלעגט דער חפץ חיים ערקלערען: „יעקב אבינו האָט אין זיין עניוות באַדויערט, אַז טהוענדיג זיינע מעשים טובים האָט ער ניט דערגרייכט צו דער מדרגה פון לבן׳ען, בעת ער פלעגט פראקטיצירען זיינע שלעכטע מעשים. דאָס הייסט, אַז יעקב האָט אויף זיך געזאָגט אַז ער האָט ניט געטהאָן גוטס מיט אַזאַ פייער, שטאַרקייט און ענערגיע, ווי לבן פלעגט טהאָן שלעכטס.



# זכות אויף אידען

דער אמת׳ער זכות אויפ׳ן כלל ישראל איז, אַז מען איז פאַרפיהרט גע־וואָרען. אזוי ווי ס׳שטעהט: „לכל העם בשגגה״. אָדער ווי אליהו זאָגט: „ואתה הסבות את לבם אחורנית״.

„מיר זיינען פאַרבליבען אזוי ווי שעפסען אָהן אַ פאסטוך. ס׳איז מקוים געוואָרען אויף אונז: ותעלולים ימשלו בם״.

## גאַנצע און צוברעקעלטע מצוות

איינמאָל אין אַ פּאָר פּסח, האָט מען אין דער אנוועזענהייט פון חפץ חיים, אָפּגעוואויגען פאַר איהם מצה. כדי משלים צו זיין די וואָג האָבען די ישיבה בחורים עטליכע מאָל צוגעלייגט שטיקלאך מצה, אָבער עס האָט אַלץ נישט געהאָלפען; עס איז געוועזן פעליג, ביז איינער האָט ארויפגעלעגט אויפ'ן וואָג אַ גאַנצע מצה און ערשט דאַן האָט עס אראָפּגעוואויגען.

דער חפץ חיים, דאָס באַמערקענדיג האָט אַ קרעכץ געטאָן און געזאָגט:

„אין רוחניות איז דאָך אויך אזוי... מענשען טהוען מצוות וועלכע זיינען נישט פאלקאם. מען טהוט צדקה כדי זיך אויסצופּיינען, אָדער ווייל עס פּאַסט ניט; מען דאווענט אָהן כוונה און אָהן האַרץ; מען לערענט תורה צוליב כבוד אָדער מאטעריעלע צוועקען.

„אזעלכע הייסען צובראָכענע און צעקאליעטשעטע מצוות און דורך זיי קאָן דער מענש ווייט נישט דערגרייכען. אָבער איינע אַ גאַנצע מצוה וועגט איבער און ציהט מיט זיך מיט אלע ברעקלאך מצוות".

---o---

## טהאָן

לא עליך המלאכה לגמור (פרקי־אבות ב').

**אַז מען וויל עפּעס אויפטהאָן דאַרף מען נישט וועלען דוקא אויספיהרען, מען דאַרף טהאָן. אָט דאָס וויל השי"ת פון אונז 1).**

1) אַנמערקונג: די וויכטיגקייט פון טהאָן, די חשיבות פון מעשים, איז צו דרינגען פון דעם דין וואָס לויט דער גמרא טאָר מען ניט טהאָן אומריינע זאַכען מיט דער רעכטער האַנט, נאָר מיט דער לינקער. מיט דער רעכטער האַנט טהוט מען אָן די תפילין אויפ'ן לינקען ארעם. אבוואהל די לינקע האנט טראָגט די תפילין און די רעכטע ניט, דאָך איז די רעכטע האַנט חשוב'ער. אויך דער דין פון „עשה דוחה לא תעשה", צייגט ד' חשיבות פון טהאָן, פון מעשה.

# געלד און תורה

יששכר דער סימבאָל פון תורה איז געקומען אויף דער וועלט אלס שכר פון די דודאים, „כי שכרתיך בדודאי בני". דאָס צייגט דאָך די נויטוועניגקייט פון געלט צו שאַפען תורה.

——o——

# אַ רבים טהוען אַ מצוה

אַ מצוה וואָס ווערט געטהאָן דורך אַ רבים, איז גאָר אַנאַנדער ענין. מען זעהט דאָך, אַז ווען עס בענטשען (ברכת המזון) דריי מענשען צוזאַמען זיינען זיי מחויב צו זאָגען „נברך", צעהן מענשען דערמאָהנען שוין „נברך אלקינו", הונדערט מענשען זאָגען שוין „נברך ה' אלקינו", טויזענד מענשען דאַרפען שוין צולייגען „נברך לה' אלקינו אלקי ישראל", א. א. וו. (ברכות מ"ט).

אזוי זאָגט דאָך טאַקי רש"י אויפ'ן פסוק „ורדפו מכם חמשה מאה... אינו דומה מרובין העושין את המצוה למועטין העושין את המצוה", אַ מצוה וואָס עס טהוען עטליכע מענשען איז נישט גלייך צו אַ מצוה וואָס עס ווערט געטהאָן פון אַסך מענשען.

——o——

# באַרג אַראָפּ

שחת לו לא בניו מומם דור עקש ופתלתל.
(דברים ל"ב)

קינדער לערנען זיך אָפּ פון די עלטערענ'ס מעשים, אַז דער פאָטער איז זיך מורה היתר אפילו אין דער קלענסטער זאַך, לערענט זיך שוין דאָס קינד צו פאַרבויגען אַ גרעסערע זאַך. דעם פאָטער'ס פאַרנאַכלעסיגונג פון אַ לייכטע מצוה, מאַכט דאָס קינד צו פאַרנאַכלעסיגען אַ גרויסע מצוה.

עלטערען דאַרפען דאריבער זיין פאָרזיכטיג און מדקדק זיין בקיום

המצוות און זיך היטען פון עובר צו זיין אויף דער קלענסטער עבירה. אויב דער פאָטער איז נישט קיין גאַנצער איד איז דאָס קינד אַ האַלבער איד און דאָס אייניקעל אַ גאַנצער גוי.

דאָס איז דער פשט פון אויבען דערמאָנטען פסוק, „שחת", אַז דער פאָטער פאַרדאַרבט עפּעס „לו לא", מיינט עס פאַר איהם פיליכט גאָרנישט, אָבער „בניו מומם", פאַר די קינדער וועט עס שוין ווערען אַ ריכטיגער מום, אזוי, אַז דער שפּעטערדיגער דור וועט זיין אַ „דור עקש ופתלתל", פאַר־דרעהט און פאַרפּלאָנטערט.



# כבוד אם

כל זמן זיין מוטער האָט געלעבט פלעגט ער נישט פאַרלאָזען זיין היים אָהן איהר רשות. אפילו איין מייל אויסער ראדין, פלעגט ער נישט פאָהרען, אָהן בעפאָר צו בעטען איהר ערלויבעניש.



# קיום המצוות אין גלות

ונתתי לה את כרמיה משם (הושע ב').

אַ איד זייענדיג אין גלות, אבוואהל ער איז נישט אימשטאַנד בפועל ממש מקיים צו זיין די מצוות התלויות בארץ, ווי תרומה, מעשר, בכורים, א. ז. וו., קאָן ער אָבער יא מקיים זיין אַלעס במחשבה. לויט'ן כלל פון די חז"ל, אַז אַ מענש טראַכט צו טהאָן אַ מצוה און ער קאָן עס צוליב אַ צופאַל (אין וועלכען ער איז נישט שולדיג) נישט אויספיהרען, ווערט עס באַטראַכט פונקט אזוי ווי ער וואָלט די מצוה בפועל מקיים געווען.

דער איד וואָס איז מכוון מקיים צו זיין אַזאַ מצוה בשלמות, איז דאָךְ נישט שולדיג וואָס ער קאָן אין דער ווירקליכקייט עס נישט טהאָן. ער וואָלט דאָךְ יא געוואָלט מיט'ן גאַנצען האַרצען, אַז די גאולה זאָל קומען און ער זאָל

קאָנען זיין אין ארץ ישראל „תחת גפנו ותאנתו", אום מקיים צו זיין אַלע מצוות. דער גלות איז דאָך געגעבען זיין ווילען. לכן קאָן ער מקיים זיין די גאַנצע תורה ברעיון. אזוי האָבען געטהאָן אונזערע אבות און אנדערע גרויסע מענשען.

דאָס אלעס שטימט מיט די ווערטער פון די חכמים, אַז דער וואָס איז עוסק אין דער תורה פון קרבנות, ווערט פאַררעכענט אזוי ווי ער וואָלט מקריב געווען קרבנות בפועל ממש. דאָס מיינט דער נביא: „השי"ת זאָגט: אין גלות וועל איך אייך געבען די וויינגערטענער פון דאָרטען, — פון ארץ ישראל".

—————0—————

# כשר׳ע תפילין

צו שרייבען פרשיות פאַר זיינע תפילין, האָט געדויערט צוויי וואָכען. אין משך פון דער צייט איז ער נישט אָפּגעטראָטען פון סופר. „מ׳דאַרף" — האָט ער געזאָגט — אַכטונג געבען אויף יעדער אות; יעדער פינטעלע איז וויכטיג. אַז איינער דאַרף מאַכען אַ קאָנטראַקט זיך צו פאַרבינדען מיט אימיצען געשעפטליך, בּאַראַטה ער זיך פריהער מיט גוטע אדוואקאַטען און זיפּט ממש דורך יעדען וואָרט, אום זיך צו באַוואָרענען געגען קלענסטען טעות.

„תפילין זיינען דאָך אויך אַ סאָרט קאָנטראַקט, וועלכע פאַרבינדען דעם אידען מיט השי"ת, „כי אות הוא ביני וביניכם", — די תפילין זיינען אַ צייכען פון אחדות צווישען אויבערשטען און זיין פאָלק. דאַרף מען דאָך דאַריבער זיין אַ זריז און זיך באַראַטען מיט די פוסקים, כדי געַנוי צו וויסען אַלע פּרטים ודקדוקים און בעאַבאַכטען אַז אין די פרשיות זאָל נישט זיין קיין חסר ויתר".

ס׳איז אַ פאַקט, אַז שרייבענדיג די „משנה ברורה", האָט דער חפץ חיים געווידמעט פיעל מעהר צייט אויף סימן ל"ב (הלכות תפילין), ווי אויף אנדערע סימנים.

—————0—————

# לשון קודש

אבוואהל ס'שטעהט אַז דאוונען איז ערלויבט אין יעדער שפּראַך וועלכע מען פאַרשטעהט, איז אָבער די בעסטע מצוה צו דאוונען אין לשון קודש. עס איז בפּרט אַן איסור קובע צו זיין שטענדיג אזוי צו דאוונען און דאמיט פאַר־נאַכלעסיגען לשון קודש.

די רעפאָרמער וועלכע האָבען דעם סידור איבערגעזעצט אין אנדערע שפּראַכען, זיינען דורך איין עבירה אריינגעשלעפּט געוואָרען אין מעהרערע. אויסלאָזענדיג די ברכה פון „קיבוץ גליות" און „ולירושלים עירך", אזוי ווי זיי ווילען מאַכען פאַרגעסען ירושלים, זוכען זיי אויך משכיח צו זיין לשון הקודש צווישען אידען, מורא האָבענדיג אַז צוליב „שלא שינו את לשונם" זאָל קומען די גאולה..."

לשון קודש צייכענט זיך אויס מיט פילע אייגענשאַפטען מעהר ווי אַלע אנדערע לשונות. עס איז די שפּראַך פון אונזערע אבות, פון די נביאים און די תנאים. לויט די חז"ל, איז די וועלט באַשאַפען געוואָרען אויף דיזער שפּראַך. אדם הראשון האָט גערעדט לשון קודש, ווי „לזאת יקרא אשה כי מאיש לקחה זאת" (בראשית ב', זעה רמב"ן פ' תשא און „ספר חסידים" סימן תקפ"ח).

די הונדערט און צוואַנציג זקנים, באַקאַנט אלס „אנשי כנסת הגדולה", וועלכע האָבען פאַרפאַסט דעם „נוסח התפלה", און צווישען וועמען ס'זיינען געווען פילע נביאים, האָבען אלע געשטימט וועגען צוזאמענשטעל פון יעדער ברכה, וועגען די ווערטער, אותיות און צירופים, וועלכע ענטהאַלטען כמה סודות נעלמות ונשגבות.

דאריבער ווען מען זאָגט די ווערטער אין דער שפּראַך פון די „אנשי כנסת הגדולה", אבוואהל מיר ווייסען ניט די כוונות, ווערען אונזערע תפלות ווי געהעריג אָנגענומען, ווייל די ווערטער זעלבסט האָבען אַ הייליגע ווירקונג למעלה. אנדערש איז אבער, ווען מ'דאוונט אין אנדערע לשונות (משנה ברורה וביאור הלכה סימן ק"ד).

———0———

# אַ מצוה קעגען אַן עבירה

הוי מחשב הפסד מצוה כנגד שכרה, ושכר עבירה כנגד הפסדה (פרקי אבות ב').

אויב אַ גרויסער וועלט באנקיר רעדט וועגען פאַרדינסטען, פאַרשטעהט מען אַז עס האַנדעלט זיך וועגען מיליאָנען, ווייל אַ גרויסער גביר וואָלט דאָך נישט רעדען וועגען קליינע רוחים. דאָס גלייכען, אויב מען געפינט אין זיינע ביכער פאַרצייכענט וועגען אַ פאַרלוסט, ווייס מען אַז עס האַנדעלט זיך זיכער וועגען אַן אונגעהויערע סומע, ווייל אנדערש וואָלט ער דאָך קיין וועזען פון דעם נישט געמאַכט.

היינט, אַז דער רבש"ע, וואָס איז דער באַשאַפער און אייגענטימער פון דער גאנצער וועלט, אויב ער פאַרצייכענט אין דער תורה, דעם „ספר הספרים", אַ פאַרלוסט וואָס אַ מענש וועט ליידען צוליב אַ חטא, קאָן מען פאַרשטעהן ווי גרויס דער שאָדען וועט זיין. דאגעגען ווען דער רבש"ע רעדט וועגען פאַרדינסטען, איז זיך לייכט פאַרצושטעלען, אַז עס רעדט זיך מכח אונגעהויער גרויסע רוחים, פון וועלכע מיר דאָ האָבען גאָר קיין אהנונג נישט.



# שכר פאַר איין מצוה

איינער האָט אַמאָל געפרעגט דעם חפץ חיים, די חז"ל זאָגען, אַז אלע רייכטימער פון דער וועלט קאָנען זיך נישט פאַרגלייכען צו דעם שכר וואָס עס קומט דעם מענשען פאַר איין מצוה (ב"ר ל"ח). יעדער מענש אָבער טהוט דאָך אַסך מצוות, וואָלט געווען נישט מעהר ווי רעכט, אַז דער רבש"ע זאָל אויסבייטען כאָטש איין מצוה און באַצאָהלען דעם מענשען דעם שכר אויף דער וועלט?

האָט דער חפץ חיים געענטפערט מיט אַ משל. אַ קינד האָט אַמאָל געפונען אין גאַס אַן אסיגנאציע, נישט וויסענדיג די פולע ווערטה פון דעם, איז ער צוזאַמען מיט נאָך קינדער אריין אין אַ קראם און האָט געבעטען דעם קרעמער ער זאָל איהם געבען נאשערייען און שפיעל זאַכען פאַר דעם.

דער קרעמער דערזעהענדיג דעם ווערטפולען באנקנאט, האָט עס איהם אויסגעביטען און איהם געגעבען אַ באַרג מיט זיסע זאַכען און שפּילצייג.

ווען דער פאָטער האָט זיך פון דעם דערוואוסט, איז ער געקומען מיט אַ געוואלד צום קרעמער, טענה׳נדיג אַז ער האָט נישט געהאַט קיין רעכט אויסצובייטען אַזאַ ווערטפולע אסיגנאציע טראָץ דעם וואָס דאָס קינד האָט עס פון איהם געבעטען, ווייל דאָס קינד האָט דאָך נישט פאַרשטאַנען די ווערטה פון דעם

אזוי, האָט דער חפץ חיים אויסגעפיהרט, וואָלט דאָך דער מענש אויף יענער וועלט געהאַט אַ גערעכטע טענה צו כביכול, אַז ער האָט נישט געהאַט דאָס רעכט אויסצובייטען די פאַרדינסטען פאַר איין מצוה טראָץ דעם וואָס ער (דער מענש) אין זיין קינדערשקייט האָט עס מיט תחנונים פון איהם געפאָדערט.

———0———

# אַ פּגם פון אַ מצוה

מעות לא יוכל לתקן — מי שבטל מצות עשה של קריאת שמע (ברכות כ״ו).

ער פלעגט זאָגען: דער מענש דאַרף זיך אָנשטריינגען און טהאָן אַ מצוה מיט מעהר זהירות און פּאַלקאָמענהייט, ווי ער אנטלויפט פון אַן עבירה, ווייל אויף אַן עבירה העלפט דאָך תשובה, אָדער שטראָף, אָפּצואוואַשען די זינד פון מענשען, אזוי ווי ער וואָלט קיינמאָל גאָרניט געטהאָן (יסורים ממרקים עונותיו של אדם, — סנהדרין ל״ט).

אָבער משלים צו זיין אַ פּגימה אין אַ מצוה, העלפט קיין תשובה ניט, און די מצוה בלייבט שטענדיג אַ פּגומה׳דיגע.

דאָס איז דער געדאַנק פון די חז״ל, אַז דער וואָס האָט מבטל געמאַכט די מצות עשה פון קריאת שמע, וועט איהם קיין תשובה נישט קאָנען גוט מאַכען, אַז דאָס וואָס ער האָט נישט געטהאָן זאָל זיין אקוראט ווי ער וואָלט עס געטהאָן.

———0———

# גלות מיט'ן טאטען

את יעקב איש וביתו באו (שמות א').

צו וואָס אייגענטליך דאַרף די תורה איבער'חזר'ן אַז זיי זיינען געקומען צוזאַמען מיט יעקב'ן, עס שטעהט דאָך שוין פריהער „אלה שמות בני ישראל הבאים מצרימה", די זיינען די קינדער וואָס זיינען געקומען קיין מצרים?

משמעות אַז די שבטים וואָלטען מורא געהאַט אריבערצוברענגען זייערע פאמיליעס קיין מצרים, וועלכע איז געווען אַ לאַנד פון זנות, עבודה זרה און גייסטיגע פאַרדאָרבענהייט. אָבער „את יעקב איש וביתו באו", ווייל דער אַלטער יעקב איז אויך מיטגעגאַנגען און פאַרלאָזענדיג זיך אויף זיין השפעה, האָבען זיי דאריבער קיין מורא נישט געהאַט אהין מיטצונעמען זייערע משפחות.



# אַ רפואה פאַר דער מכה

מר. ב., פון פעטערסאָן, נ. דזש., דערצעהלט: אַז איינמאָל האָט ער געשיקט געלד צו דעם חפץ חיים לטובת זיין ישיבה. האָט ער פון איהם גע־קראָגען אַ קבלה מיט אַ בריוו, אין וועלכען ער האָט איהם געגעבען אַ ברכה און צואגעוואונשען אַ רפואה שלמה פאַר זיין זוהן.

מר. ב., איז איבערראַשט געוואָרען פון אַזאַ וואונש, ווייל זיין זוהן איז געווען פריש און געזונד. ער האָט געמיינט אַז ס'איז אַ טעות־סופר און דאַ־ריבער האָט ער מעהר צו דעם ניט געשאָנקען קיין אויפמערקזאמקייט.

אין עטליכע מאָנאַטען ארום איז זיין זוהן פלוצלונג געפעהרליך קראַנק געוואָרען און דאָקטוירים האָבען איהם דאָס לעבען אָפגעזאָגט. דאַן האָט ער פאַרשטאַנען, אַז די ברכה איז געווען מעהר ווי אַ פליטת הקולמוס. ער האָט גלייך אוועקגעשיקט נאָך אַ נדבה פאַר דער ישיבה, מיט אַ בקשה מתפלל צו זיין פאַר זיין זוהן'ס געזונט. דער זוהן איז אין גיכען געזונט געוואָרען.



# יענעמ׳ס פאַרהיט

צוויי ראדינער בעלי בתים, האָבען ביי איהם, אַלס שליש, איינגעלייגט דרייסיג רובעל, וועלכע זיי האָבען איהם געבעטען צו האַלטען, ביז די ארטיגע רבנים וועלען ארויסגעבען אַ פסק־דין צו וועמען די געלד זאָל געהערען.

דער שרייבער האָט אין אַ פריה־מאָרגען געהערט ווי דער אלטינקער האָט אָפּגעשטעלט די צוויי פאַרבייגעהענדע בעלי־דברים און צו זיי געזאָגט:

„פאַרוואָס זעהט איהר נישט עס זאָל נעמען אַ סוף מיט דער דין תורה? איך קאָן דאָך צוליב אייך אין מיין צימער נישט אריין, ווייל כ׳מוז האַלטען פאַרמאַכט די לאַדענס כדי אָפּצוהיטען אייער געלט. „כספים אין להן שמירה אלא בקרקע״.



# אַ טאַטע פון קינדער

בעת דער חפץ חיים איז געווען אין ווארשא, דרוקענדיג זיין ספר משנה ברורה, האָט איהם איינמאָל הרב רג״ש גרינשפאן (יעצט אין ליעדז, ענגלאַנד), געטראָפען אין דער דרוקעריי האַלטענדיג אין האַנד אַן אָפּגע־דרוקטען בויגען און שטאַרק באַזאָרגט, זיין פנים האָט אויסגעדריקט פיעל צער און יסורים.

ווענדעט זיך צו איהם הרב גרינשפאן מיט דער פראַגע: „רבי, פון וואָס זיינט איהר זיך אזוי שטאַרק מצער?״

דערלאַנגט איהם דער חפץ חיים אַ קארעקטור (אין וועלכע עס איז געווען אויפגעזעצט „הלכות ראש חדש וקביעות המועדים״), אין וועלכען די עמודים זיינען געווען נישט אין ארדנונג אויפגעזעצט. ס׳איז געווען אזוי, אַז די בלעטער זיינען געווען פאַרדרעהט. דער מסדר האָט איבערגעפיהרט אַ גאַנצען בויגען, עמוד פאַר עמוד.

„אויב אזוי״, — ווייל איהם הרב גרינשפאַן באַרוהיגען, — „איז עס דאָך נישט אזא גרויסער היזק, עס זאָל זיך לוינען אזוי פיעל מצטער צו זיין״.

דאַן האָט דער חפץ חיים אַ קוק געטהאָן אויף איהם מיט אַ בליק וואָס דריקט אויס פאַרוואונדערונג און געזאָגט:

„ווי מיינט איהר, איך דאגה פאר'ן היזק? חס ושלום! איך בין חושש און דער חשש איז קרוב לודאי, אַז דער דרוקער ווען ער זאָל זיך דערפון דערוויסען, קאָן ער אָפּזאָגען דעם זעצער פון זיין שטעלע און ער איז דאָך אַ טאַטע פון קליינע קינדער. גיט מיר אדרבה, אַן עצה וואָס צו טהאָן, אַז דער אָרימער איד זאָל חלילה נישט ליידען פון דעם?"

אין גאַנצען מעלים זיין פון דרוקער האָט מען טאַקע נישט געקאָנט און עס נישט געטאָרט.

דער סוף איז געווען, אַז ער האָט זיך פאַרזיכערט דורך אַ תקיעת כף וועלכען ער האָט גענומען ביים דרוקער, אַז צוליב דער סיבה זאָל דער זעצער גאָרנישט ליידען...



# ניט אומזיסט

אויפ'ן וועג קיין באברויסק, האָט ער געבעטען זיינעם אַ באַקאַנטען, וועלכער האָט אויך געזאָלט פאָרען אויף דער זעלבער ליניע, איהם צו טהאָן אַ טובה און פאַר איהם אוועקשיקען פראכט, עטליכע פעק ספרים. דער מאַן וועלענדיג צופרידענשטעלען דעם חפץ חיים, האָט אַנשטאַט עס אָפּגעבען אין באגאזש, עס מיט זיך מיטגענומען און באַהאַלטען אונטער'ן באַנק אין וואגאָן.

ווען דער רבי איז אָנגעקומען קיין באברויסק, האָט איהם דער באקאַנטער געבראַכט זיינע ספרים. דער חפץ חיים, האָט ארויסגענומען קליינגעלט אום איהם צו באַצאָהלען פאַר זיינע הוצאות, נאָר יענער האָט זיך ענטזאגט עס צו נעמען, ווייל עס האָט איהם גאָרנישט געקאָסט.

דער חפץ חיים האָט געהאַט שטאַרק פאַרדרוס, ביז ער האָט נאָכהער גע־נומען די פעקלאָך צו דער באַן סטאנציע און געבעטען זיי אָפּצוּוועגען, באַצאָהלט פראכט קאָסטען און צוריסען די „קוויטאנציע".



# שמחה פון חתן וכלה

ביי דער חתונה פון זיין אינגסטער טאָכטער, האָט ער באַמערקט צום חתן, דעם יעצטיגען ראש ישיבה, הגאון ר׳ מנחם מנדיל יוסף זאקס, אַ געוועזענער תלמיד־הישיבה:

„אין דער ברכת הנישואין זאָגען מיר: „שמח תשמח רעים האהובים כשמחך יצירך בגן עדן מקדם״. ד. ה., מען בעט ביי השי״ת, אַז די שמחת חתן וכלה זאָל זיין אזוי גרויס ווי די שמחה פון די ערשטע חתן־כלה, אדם וחוה. משמעות אַז זייער שמחה איז געווען פאלקאם, פאַרוואָס?

„לויט דער גמרא איז, „אסור לאדם לקדש אשה עד שיראנה״. פאַרשטעהט זיך, אַז אויב די חתן־כלה האָבען נישט געהאַט קיין געלעגענהייט זיך צו קאָנען פריהער, איז דער תענוג פון דער פלוצימדיגער באַגעגעניש אומגעהויער גרויס. אזוי איז געווען דער פאַל מיט אדם וחוה, ווען זיי האָבען זיך פלוצלונג דערזעהן.

„עס איז אָבער פיעל אנדערש אויב חתן־כלה זיינעם באקאנט אַ לענגערע צייט, דאַן האָבען זיי שוין דורכגעלעבט אַ טייל פון זייער שמחה און די חתונה איז בלויז משלים.

„אין דיזען פאַל, — האָט ער זיך געווענדעט צו זיין אײדים — האָסטו דאָך שוין געזעהן מיין טאָכטער מיט יאָהרען צוריק, זיינען מיר דאריבער מתפלל, אַז אייער שמחה זאָל אויך זיין אַ שמחה שלמה. גלייכצייטיג בעטען מיר אויך, אַז דיזער זווג זאָל אויך זיין בהסכם פון השי״ת, דער הויפּט־מחותן ביי יענער שמחה פון גן עדן״.



# שבועות מילכיגס

ווען אידען האָבען מקבל געווען די תורה און זיינען אָנגעזאָגט געוואָרען אויף די דינים פון שחיטה, חלב, דם, א. א. וו., האָבען זיי קומענדיג אהיים ניט געהאַט גלייך וואָס צו עסען און האָבען דאריבער געמוזט עסען מילכיגס.

דאריבער איז דער מנהג צו עסען שבועות מילכיגס (משנה ברורה סי׳ תצ״ד).

# פורים

**כל המועדין עתידים להיות בטלים וימי הפורים אינם בטלים לעולם (מדרש משלי פ"ט).**

אלע ימים טובים וועלען בטל ווערען, נאָר פורים נישט.

עס איז שווער צו פאַרשטעהן דעם מאמר אויף אַ פשוט'ן אופן.

ווי אזוי איז עס מעגליך, אַז די גרויסע ימים טובים, ווי פסח, שבועות, סוכות, וועלען בטל ווערען און פורים, וועגען וועלכען די וועלט זאָגט, אַז ער איז גאָר קיין יום טוב נישט, זאָל בלייבען?

ווען מיר באַטראַכטען די אַלע גזרות וואָס אידען האָבען געדאַרפט אויס־שטעהן אין פאַרלויף פון זייער לאַנגען גלות, זעהען מיר אַז המן'ס גזירה איז געווען די ערגסטע. המן האָט געוואָלט „להשמיד ולהרוג את כל היהודים", ניט געבענדיג זיי זאגאר די ברירה פון שמד, אָדער צו פאַרלייקענען זייער אידישקייט. ער האָט אָהן קיינע באַדינגונגען געוואָלט אַלע אידען, אָהן אויס־נאַם, אומברענגען. לויט די חז"ל, האָבען די אידען טאַקע פאַרדינט די שטראָף, און המן'ס גזירה וואָלט זיכער פאַרווירקליכט געוואָרען, אויב זיי וואָלטען נישט געפאָלגט מרדכי'ן און אסתר'ן און תשובה געטהאָן.

יעדער יום טוב סימבאַליזירט אַ נס. דער נס פון פורים, אָבער, פאַר־דונקעלט אלע נסים, ווייל אידען זיינען דאַן פון זיכערער פאַרניכטונג גע־ראַטעוועט געוואָרען. עס מיינט אָבער נישט אַז אלע ימים טובים וועלען בטל ווערען, ווייל קיין נייע תורה וועט דאָך נישט געגעבען ווערען, דאָס זיכער נישט. עס באַדייט נאָר, אַז זיי וועלען פאַרלירען אַסך פון זייער וויכטיגקייט. ווי דער נביא זאָגט: „לכן הנה ימים באים... ולא יאמר עוד חי ה' אשר העלה את בני ישראל מארץ מצרים, כי אם חי ה' אשר העלה את בני ישראל מארץ צפון ומכל הארצות אשר הדיחם שמה והשיבותים על אדמתם..." (ירמיהו ט"ז). ד. ה. נישט אַז די אידען וועלען לעתיד לבא פאַרגעסען יציאת־מצרים, נאָר אַז די צוקונפטיגע נסים וועלען איבערשטייגען אין וויכטיגקייט יציאת מצרים. כך, אזוי וועט דער נס פורים אימער פאַרנעמען אַן אויבענאָן צווישען די גרעסטע נסים פון אידישען פאָלק, סיי בעבר, סיי בעתיד.

———0———

# בשמים

ער פלעגט ביי שלש סעודות שטענדיג רעדען דברי תורה ומוסר פאר די בני הישיבה. נאכ׳ן בענשען האט דער עולם דארט געדאווענט מעריב און געווארט צו הערען הבדלה פון רבי׳ן.

איינמאל איז ביים טיש געווען אלס אורח, דער סלאנימער מגיד, הרב סארנא. ווען ער האט דערזעהן, אז דער חפץ חיים האט נישט באנוצט קיין בשמים צו הבדלה, האט ער זיך פאר איהם אנטשולדיגט און נייגעריג גע־פרעגט פארוואס, „תורה היא וללמד אני צריך?״

האט דער חפץ חיים תמימות׳דיג געענטפערט:

„איהר מיינט, אז איך זשאלעווע חלילה צווי קאפיקעס אויף צו קויפען בשמים? ניין. ווען איך מאך הבדלה, איז שטענדיג דא א גרויסער עולם וואס הערט זיך צו. כדי יוצא צו זיין די ברכה פון הבדלה, איז א חיוב ע״פ דין, דאגעגען אבער, „על הבשמים״, איז בלויז א מנהג, כדי די נשמה יתירה זאל זיך פיהלען מבושם׳דיג פאר איהר אוועקגעהן מוצ״ש.

„אויב איך וואלט באנוצט בשמים, וואלט יעדערער, ווערלענדיג א שמעק טהאן, דערווייל פארהערט די ברכה פון הבדלה, וואס איז אן עיקר״.

כמה גדולים מעשי חכמים...



# די בימה אין מיטען

דער מנהג אז די בימה זאל זיין אין צענטער פון שוהל, איז אן אלטער. ליידער, כדי נאכצוטהאן די גוים, ברעכען אנדערע אין זייער אונפאראנט־ווארטליכקייט דיזע טראדיציע און זיי צושטערען אויך דעם „תיקון גדול״ וועלכע אונערע עלטערן האבען געמאכט אין בית המקדש (סוכה נ״א ע״ב), די מחיצה אדער גאלעריע פאר פרויען...

קעגען אזעלכע און עהנליכע רעפארמען, שרייט אויס דער נביא: „וישכח ישראל את עושהו ויבן היכלות״ (הושע ח׳). — ישראל האט פארגעסען זיין באשעפער און האט געבויט טעמפלען (ביאור הלכה סי׳ קנ״א).

## צדקה אליין איז נישט גענוג

רעדענדיג אַמאָל וועגען די צדקה־אידען, וועלכע דיינקען, אַז דאָס גאַנצע אידישקייט באַשטעהט נאָר פון טהאָן צדקה, האָט ער באַמערקט:
צדקה טהוען דאָך די גוים אויך, האָט דען רבש״ע באַדאַרפט צוליב דעם אויסוועהלען דאָס אידישע פאָלק פון אַלע נאציאנען? צדקה איז דאָך בלויז איינע פון די פיעלע מצוות וואָס אַ איד איז פאַרפליכטעט אָפּצוהיטען...

---

## אַ צו באַקוועמער שטוהל

ווי באוואוסט האָט דער חפץ חיים, אימער געזוכט צו געניסען וואָס ווינציגער פון דער וועלט. פון מותרות איז ער אנטלאָפען זיין גאַנץ לעבען. די מעבעל אין זיין וואהנונג, אזוי ווי די גאַנצע הויז, איז געווען זעהר איינפאַך אזוי ווי מיט הונדערטע יאָהרען צוריק. ער איז שטענדיג געזעסען אויף אַ פּראָסטע האַרטע באַנק, אָדער בענקעל. צוליב זיין שוואַכקייט אויף זיינע עלטערע יאָהרען, האָט מען פאַר איהם געקויפט אַ געבעטע און באַקוועמע שטוהל. ווען ער האָט זיך פון דעם דערוואוסט, האָט ער פּראָטעסטירענדיג באַמערקט: ווי אזוי קאָן מען זיך פיהלען באַקוועם און צופרידען און זיך גאָר ערלויבען צו זיצען אין אַזאַ שטוהל, וויסענדיג אַז דער רבש״ע אליין זיצט אויף אַ צובראָכענע שטוהל. ווי די חז״ל זאָגען: „כי יד על כס יה״ (סוף בשלח). כביכול׳ס שטוהל און אויך זיין נאָמען, זיינען ניט גאַנץ, כל זמן די גאולה איז נישט געקומען...

---

## מחדש זיין די לבנה

נאָכ׳ן מחדש זיין די לבנה זאָגט מען „עלינו לשבח״ און מ׳פאַרענדיגט „כי ה׳ האלקים בשמים ממעל ועל הארץ מתחת״, כדי ניט צוגעבען דעם איינדרוק אַז פרעהענדיג זיך מיט דער באַנייטער לבנה מיינט מען חלילה איהר צו געבען כבוד... (ביאור הלכה תכ״ו).

# צדקה פון אַ עשיר

צדקה איז יעדער איד מחויב צו געבען לויט זיין מעגליכקייט; דער רייכער וואָס גיט נישט מעהר פון אַן ארימאַן, ווערט זיין צדקה וויניגער פאַר־רעכענט אפילו ווי דעם ארימאַנ׳ס. עס איז דאָך אַ כלל אין דער תורה, אַז אַן עשיר קאָן זיך ניט פּטר׳ן מיט אַ קרבן עני, אַזאַ קרבן איז אזוי ווי ער וואָלט גאָר קיין קרבן ניט געבראַכט, און ער איז דאריבער מחויב צו ברענגען אַן אנדער קרבן עשיר.



# מ׳זעהט נאָר אַביסעל

עשיר ורש נפגשו עושה כלם ה׳ (משלי כ״ב).

אַז מען קומט אַמאָל אריין אין אַ שוהל אין מיטען קריאת התורה און מען זעהט ווי דער גבאי איז אימיצען, סתם אַ מענשען, מכבד מיט אַן עליה, אין דער צייט וואָס אין מזרח זיצען בכבוד׳ערע אידען לומדים, פאַרשטעהט אַ קלוגער, אַז מסתמא האָבען שוין די לעצטע געקראָגען עליות.

מיר דאַרפען אויך ניט פרעגען קיין פראַגע אויפ׳ן רבונו של עולם: „הלמאי מאַכט ער איינעם ארים און אַ צווייטען רייך?״ מיר האָבען ניט קיין אהנונג פון די גלגולים וועלכע די מענשליכע נשמה האָט דורכגעמאַכט אין דער פאַרגאַנגענהייט און וועט דורכמאַכען אין דער צוקונפט.

דאָס איז די באַדייטונג פון פסוק „עשיר ורש נפגשו״. אין איין דור באַגעגענען זיך צוויי, — איינער איז ארים און דער אנדערער איז רייך. וואונ־דערען מיר זיך פאַרוואָס? מיר קאָנען אָבער ניט באַגריפען די סבה דערפון, ווייל אונזזער באַאבאַכטונגס־קראַפט איז באַגרעניצט. מיר דאַרפען אָבער וויסען אַז „עושה כלם ה׳״, אַז דער אויבערשטער מאַכט א ל ע מ ע ן רייך און ארים. דער ארימאַן פון איין דור, איז דער גביר פון אַ צווייטען דור, און אזוי אויך פאַרקערט.

# די חשיבות פון עסקן

גדול המעשה יותר מן העושה (ב״ב ט׳).

דער וואָס מאַכט אַנדערע טהאָן איז חשוב׳ער ווי דער וואָס טהוט. פאַר־וואָס? ס׳איז ידוע אַז די וויכטיגקייט פון אַ מצוה ווערט געמאָסטען לויט דער אָנשטרענגונג וואָס איז נויטיג בייצוקומען דעם יצר הרע. דער יצר הרע זוענדעט אָן אַלע תחבולות נישט צו דערלאָזען אַ מענשען טהאָן אַ מצוה. ווען איינער למשל, זאַמעלט הונדערט דאָלאַר פון הונדערט מענשען פאַר צדקה, באַמיהט זיך דער יצר הרע מיט אַלע מיטלען דאָס צו שטערען. איידער צו געהן צו יעדערען פון די הונדערט מענשען באַזונדער, געהט ער צו דעם איין מענש וואָס באיינפלוסט אַנדערע צו געבען צדקה. ווייל אָפּרעדענדיג איהם פון צו זיין טהעטיג, וועט שוין די צדקה ממילא ניט צושטאַנד קומען. נמצא, אַז דער מעשה, איינער אַליין, מוז זיך אָנשטרענגען צו באַזיגען אַזאַ מאָס בייזוויליגקייט וואָס דער יצר הרע וואָלט געדאַרפט אָנווענדען קעגען הונדערט מענשען. איבער דעם איז דער שכר פון טהוער אזוי גרויס.

———o———

# יענעם׳ס טרחה

איינמאָל געהענדיג אין גאַס, האָט ער זיך איינגעבויגען און אויפגע־הויבען אַ שטיקעל פאַפיר, ווייל ער האָט געמיינט אַז עס איז אַ שטיקעל שמות מיט אידישע אותיות, אָבער ווייל ס׳איז געווען אַ פּראָסטע שטיקעל פאַפיר האָט ער עס צוריק געוואָרפען. באַלד האָט ער זיך מיישב געווען און זיך ווידער אראָפּגעבויגען און עס אויפגעהויבען. אויף דער פראַגע הלמאי ער האָט זיך מטריח געווען, נאָכדעם ווי ער האָט זיך שוין בעפאַר איבערצייגט אַז ס׳איז ניט קיין שמות, האָט ער געענטפערט:

„איך האָב עס אויפגעהויבען כדי אַנאַנדערער זאָל ניט מיינען, אַז ס׳איז שמות און צוליב דעם זיך דאַרפען איינבויגען. ס׳איז דאָך אַ שאד יענעם׳ס טרחה״.

# צדקה געוואוינהייט

פזר נתן לאביונים וצדקתו עומדת לעד.
(תהלים קי״ב)

עס איז בעסער פאַר׳ן נדבן אַז זיין צדקה זאָל אויסגעטהיילט ווערען צו אַסך ארימעלייט, איידער צו געבען אַסך צו איינעם.

צו טהיילען טויזענד דאָלאר צדקה אין טויזענד נתינות אנשטאט די גאַנצע סומע מיט איינמאָל, פאָדערט מעהר אָנשטרענגונג און התעוררות הנפש בייצוקומען דעם יצר הרע, איבער דעם איז טאַקע דער שכר אויך אַ גרעסערער. אויך מיט דעם וואָס דער מענש גיט מערערע מאָל, געוואוינט ער זיך דערוויל איין צו געבען אלע מאָל צדקה, ווייל די אָפטע פראקטיק מאַכט איהם פאַר אַ שטענדיגען בעל צדקה.

אזוי זאָגט אויך דער רמב״ם אויפ׳ן מאמר, „והכל לפי רוב המעשה״ — „שהמעלות לא יגיעו לאדם לפי רוב גודל המעשה אבל לפי רוב מספר המעשים״.

אָט דאָס איז אויך דער געדאַנק פון דעם אויבענדערמאָנטען פסוק, „פזר נתן לאביונים״, — דאָס פאַרשפרייטען פון צדקה צו אַסך אביונים, —„צדקתו עומדת לעד״, — וועט זיין צדקה געבען בלייבען ביי איהם אַ שטענדיגע געוואוינהייט, אַז ער וועט שוין אימער בלייבען אַ בעל צדקה.

אַזאַ זכות פון געבען פיעלע מאָל צדקה, האָבען אָבער נישט די יעניגע גבירים, וועלכע כדי נישט געשטערט צו ווערען פון די אָרימע, גיבען איבער מיט איינמאָל אַ סומע פאַר צדקה צו אַן אינסטיטוציע אָדער אַ קערפערשאַפט, יענע זאָלען עס פאַר זיי צוטהיילען.



# פרנסה פאַר פיעל יאָהרען

ס׳איז איינמאָל צו איהם געקומען אַ פאַרביטערטער איד, וועלכער איז פשוט געווען אַ מחוסר לחם און איהם דערצעהלט, אַז ער פלעגט זיין פרנסה ווי עס איז זיך דורכגעשלאָגען, האָט ער אַמאָל געקויפט אַ לאָטעריי צעטעל

און מיט תפלות צום רבונו של עולם האָט ער געבעטען, אַז ער זאָל געווינען. און כך היה, ער האָט געוואונען מיט מזל צוואנציג טויזענט רובעל. אַ קורצע צייט איז פאַראיבער און די געלט איז לסוף אין גאַנצען פאַרלאָרען געגאַנגען, אזוי, אַז יעצט האָט ער פשוט ניט מיט וואָס אַ טאָג איבערצוקומען.

דער חפץ חיים האָט איהם מיט אַ קרעכץ געענטפערט, אַז ער איז זיך זעהר שטאַרק מצער פון זיינע איבערלעבענישען, ער קאָן איהם אָבער לײדער, מיט גאָרנישט העלפען. דערביי האָט ער איהם ערקלערט, אַז דער ספר „חסד לאברהם״, ברענגט דאָס וואָס די חז״ל באהויפטען, אַז ביים געבורט פון דעם מענשען ווערט באַשטימט צי ער זאָל זיין אַ עשיר אָדער אַ עני. מיינט עס אויך, אַז גלייכצייטיג ווערט אויך באַשטימט וויפיעל ער זאָל פאַרדינען יעדער וואָך אויף זיין פרנסה. „אַז איהר, — האָט ער זיך געווענדעט צום אידען — האָט פאַרדינט געַנוג אויף חיונה, טאָ וואָס־זשע האָט איהר באַדאַרפט מאַטערען דעם רבונו של עולם מיט אייער לאָטעריי צעטעל?״

דורך אייערע תפלות ותחנונים האָט איהר בלויז גע׳פועל׳ט ביי דעם רבונו של עולם, אַז ער זאָל נעמען אייערע פאַרדינסטען פון אַסך יאָהרען און עס אייך מיט איינמאָל אוועקגעבען. האָט איהר שוין דאָך אייערס אָפּגענומען, טאָ וואָס קאָן מען אייך יעצט העלפען?



## עהרליכע רייכטהום

ברכת ה׳ היא תעשיר ולא יוסף עצב עמה.
(משלי י׳).

רייכטהום ערוואָרבען דורך אומעהרליכע וועגען, ברענגט אָפט מיט זיך אומעט, טרויער און אומצופרידענהייט. דער גביר וואָס האָט געקראַגען זיין געלט דורך אונ׳כשר׳ע מיטלען, ווי חילול שבת, גניבה און גזילה, א. א. וו., ליידעט פון קראַנקהייטען, קאָפּ־פאַרדרעהנישען און אַנדערע צרות ופורעניות, אזוי, אַז דאָס עשירות באַקומט איהם נישט.

אָבער דער וואָס ווערט רייך אויף אַן עהרליכען אופן, אויב עס איז אַ „ברכת ה׳״, דאַן וועט עס נישט מיטברענגען מיט זיך קיין טרויער.

# פאַרפעהלט צו זאַלצען

„מלח ממון חסר"

אַ קליין־שטעטעל'דיגער איד, איז געקומען אין אַ גרויסער שטאָט און דאָרטען דערזעהן אַ זאפאס פון גוטע פיש און פלייש. האָט ער געקויפט עטליכע פעסלעך און עס טראנספּאָרטירט צו זיין שטעטעל, וואו אזא סחורה איז געווען אַ זעלטענהייט. ער האָט פאָראויס מודיע געווען זיין בני־בית וועגען זיין גרויסער מציאה און אַז ער ערוואַרטעט אַ גרויסען ריוח.

ווען די שפּייז איז אָנגעקומען און מ'האָט געעפענט די פעסלעך, זיינען זיך אלע צעלאָפען, צוליב דעם שלעכטען גערוך; ער האָט די פיש און פלייש פאַרגעסען צו זאַלצען...

דאָס גלייכען איז מיט רייכטום: אויב מען פאַרגעסט עס צו זאַלצען דורך צדקה געבען, וכדומה, קריגט עס אַ שלעכטען גערוך.

דאָס איז דער געדאַנק פון אויבענדערמאָנטען מאמר, אַז די זאַלץ וואָס האַלט אויף געלט למעלה, איז דאָס אראָפּנעמען דערפון אויף צדקה.

---

# רייכטהום נישט קיין גליק

אין ספר חסד לאברהם ווערט געבראכט, אַז פונקט ווי די גמרא זאָגט, אַז אלע באַשעפענישען קומען אויף דער וועלט, „בקומתן ובצביונן". ד"ה אין זייער געשטאַלט און לויט'ן אייגענעם פאַרלאַנג, אזוי פרעגט מען אויך יעדען מענשען בעפאָר זיין געבורט צו ער וויל זיין אַ עשיר אָדער אַן אָרימאַן.

איז דאָך אייגענטליך אַ פראַגע, פאַרוואָס זיינען אלע נישט רייך; ווייל וועלכער משוגע'נער וואָלט עס געוואָלט זיין אַן אָרימאַן?

משמעות אָבער, אַז רייכטהום איז נישט דער העכסטער גליק פון'ם מענשען. זעהענדיג אויפ'ן עולם העליון אין וואָס עס באַשטעהט אמת'ער רייכטהום, האָבען אַסך מענשען לגמרי נישט קיין חשק צו פאַרמאָגען פיעל געלט. זיי זיינען צופרידען בעסער צו לעבען אָרים און באַזיצען אנדערע מעלות אנשטאט עשירות.

# קויפען א קבר

אַן עלטערער אמעריקאנער איד האָט זיך אין אַ בריוו אָנגעפרעגט ביי איהם, אזוי ווי ער האָט עטליכע הונדערט דאלער, וויל ער וויסען וואָס צו טהאָן: צו זאָל ער עס שיקען צו איהם צו צוטהיילען אויף צדקה, אָדער ער זאָל בעסער קויפען אַ קבר צווישען שומרי־שבת (ווי באַוואוסט איז מען אין אמעריקא שטאַרק נישט מדקדק מיט'ן דין „אין קוברין רשע אצל צדיק").

דעם חפץ חיים'ס תשובה איז געווען, אַז ער זאָל זיך באַזאָרגען מיט אַ קבר.

---

# וואָס פאַר אונז בעסער

להנחיל אוהבי יש ואצרתיהם אמלא.
(משלי ח' כ"א)

דער מענש ווייס אָפטמאָל נישט וואָס עס איז ווירקליך גוט פאַר איהם, צוליב זיין קורצזיכטיגקייט און באַגרענעצונג פון זיין שכל. ווען מען בעט פון רבש"ע שכר פאר אַ מצוה, דאַרף מען האָבען בטחון אין השי"ת און זיך פאַרלאָזען אין גאַנצען נאָר אויף איהם, ווייל ער אליין ווי אַ גוטער דער־בארעמדיגער פאָטער, ווייס וואָס עס איז באמת גוט פאר'ן מענשען.

דאָס מיינט דער פסוק, צו מאַכען ירש'נען צו די וועלכע ליבען מיר, „יש", איז פאַראַן גענוג אופנים און מיטלען ביי השי"ת. מיר דאַרפען זיך פאַרלאָזען אויף איהם אויסצוקלייבען וואָס עס איז ווירקליך צום בעסטען פאַר אונז.

---

# קוגעל שבת

דער מנהג צו עסען קוגעל שבת, ברענגט דער רמ״א בשם המהרי״ל, אַז עס איז „זכר למן שהי׳ מכוסה למעלה ולמטה״ (או״ח סי׳ רמ״ב).

לכאורה מיינט עס אלס אָנדיינקונג פון דעם „מן״ וועלכער איז געפאַלען אין דעם מדבר. אָבער אויב אַזוי, איז דאָך עס אַ פאַקט אז שבת און יום טוב איז דער מן ניט געפאַלען? ב). אויב שוין יאָ אלס אַזאַ זכר, וואָלט מען דאָך באַדאַרפט עסען קוגעל אויך יום טוב?

עס איז דאריבער גיכער אָנצונעמען אַז ס׳מיינט אלס זכר פון מן לעתיד לבא, אינ׳ם „יום שכולו שבת״, ווען דער אויבערשטער וועט לויט די חז״ל געבען די צדיקים צו פאַרזוכען מן (שחקים שבו שוחקים מן לצדיקים לע״ל).

די יין, בשר ודגים וועלכע מיר עסען שבת איז טאַקע אויך צו סימבאליזירען דעם שור הבור, לויתן און יין המשומר (ביאור הלכה).

וואויל איז איהם וועלכער זוכט ניט קיין קולות בנוגע שמירת שבת... (משנה ברורה, רמ״ד).



# באַצאָהלען אין צייט

איינמאָל אַ פרייטאג נאָכמיטאג, האָט ער דיזען שרייבער געבעטען אַזוי גוט זיין און אָוועקטראָגען דעם מלמד פון זיין אינגעל אהר׳לען, שכר לימוד פאַר דער וואָך. ער האָט דורכאויס פאַרלאַנגט, אַז די געלט זאָל איבערגעגעבען ווערען דעם זעלבען טאָג און באַלד, אַז די צייט צו באַצאָהלען אַ מלמד שכר־לימוד איז פרייטאג. אַז מ׳באַצאָהלט נישט דאַן, איז מען עובר אויפ׳ן „ביומו תתן שכרו״.



# כשר-פאַרדינטע געלט

געלד פאַרדיענט דורך נישט קיין עהרליכען וועג, וועט זיך בשום אופן ביים מענשען נישט איינהאַלטען, עס מוז כלה ווערען. ווען עס ווערט שוין אָבער אוועקגעריסען פון איהם, שלעפּט עס שוין אויך מיט אפילו כשר־פאַר־דינטע געלד. „בא זה ואבד את זה" (כתובות ס"ז).

מען זעהט דאָך וואָס די חז"ל זאָגען ביי דער מעשה פון נקדימון בן גוריון'ס טאָכטער. אַז רבי יוחנן בן זכאי האָט איהר געזעהן קלייבענדיג גערשטען פון אונטער די פיס פון די פערד, נאָכדעם ווי איהר פאָטער וועל־כער איז געווען אַ גרויסער עשיר איז געוואָרען אַן אָרימאַן. האָט איהר דער תנא געפרעגט, וואו איז אוועק זיין פאַרמעגען. האָט זי געענטפערט, אַז עס איז פאַרלאָרען געגאַנגען, ווייל ער האָט נישט געגעבען גענוג צדקה, „כדבעי למיעבד", וויפיל ער האָט לויט זיין רייכטהום געברויכט צו געבען. כאָטש ער האָט יאָ געגעבען אַסך צדקה, ווי עס ווערט דערצעהלט, אַז אויפ'ן גאַנצען וועג צווישען זיין הויז ביז'ן בית המקדש, פלעגט ער אוועקלייגען זיידענס און נאָכדעם ווי ער פלעגט אריבערגעהן זיינען געקומען אָרימע לייט און דאָס צונעמען פאר זיך. כדי צו דערהאַלטען עשירות, האָט זי ערקלערט צו רבי יוחנן בן זכאי, מוז מען עס גענוג זאַלצען, ד"ה, טהאָן אַסך צדקה, „מלח ממון חסר", און איהר פאָטער האָט עס אָבער נישט גענוג געזאַלצען. ער האָט נישט געגעבען לויט זיין ערך גענוג צדקה. צוליב דעם ווען אַ טהייל פון זיין נישט כשר'ן פאַרמעגען איז געגאַנגען לאיבוד, האָט עס מיטגעשלעפּט אויך די כשר'ע געלד.

———0———

# אָרימקייט אַ טובה

ארוממך ה׳ כי דליתני ולא שמחת אויבי לי.
(תהלים ל׳)

אַמאָל ווען עס ווערט נגזר איינעם צו באַשטראָפען מיט׳ן טויט, צוליב אַ חטא, טהוט דער רבש״ע מיט זיין חסד און רחמנות עס פאַרבייטען מיט אָרימקייט, ווייל „עני חשוב כמת״.

דאָס איז די כונה פון פסוק: איך דאַנק דיר רבש״ע, „כי דליתני״, וואָס דו האָסט מיר געמאַכט אָרים און מיר מציל געווען פון טויט, אַז מיינע פיינד, דער שטן און מלאך המות, זאָלען זיך נישט פרעהען.

———o———

# חיים של עושר וכבוד

כבוד וואָס מען גיט זיך אליין אָפּ, האָט קיין ווערטה נישט.

כבוד איז נאָר גוט ווען עס קומט פון אנדערע, און דוקא פון אַ איש נכבד. דאגעגען, דאָס פאַרגעניגען וואָס פילע מענשען האָבען פון רייכטהום, קומט הויפּטזעכליך דערפון וואָס איינער באַזיצט אַ זאַך וואָס אַ צווייטער האָט ניט. אַ נגיד אין אַ קליין שטעטעל, איז אַן אָרימאַן אין אַ גרויסער שטאָט, ווייל עס זיינען דאָרט פאַראַן פיל רייכערע פון איהם. טאָ וואָס פאַר אַ פאַר־געניגען איז עס אויב עס פאָדערט אַז דער צווייטער זאָל דאָס ניט האָבען?

בעטען מיר דאריבער ביים רבש״ע אויף „חיים של עושר וכבוד״, אַז רייכטהום זאָל אונז געגעבען ווערען ניט דורך יענעמ׳ס פעהליגקייט, נאָר צוזאַמען מיט כבוד, וואָס קאָן אונז צופרידענשטעלען נאָר דאַן ווען דער יעניגער וואס גיט עס אונז האָט אויך אַזאַ סאָרט כבוד. דאָס הייסט, אַז עשירות ווער מיר נאָר דאַן ברענגען צופרידענהייט, נאָר אויב אנדערע וועלען אויך געניסען.

# יראת שמים און עשירות

אין דער תפלה פון ראש חדש בענשען זאגען מיר: „חיים שיש בהם יראת שמים ויראת חטא". נאכהער ווידער, „חיים שתהא בנו אהבת תורה ויראת שמים". פארוואס עפעס בעטען מיר צוויי מאל אויף יראת שמים?

ווייל אינמיטען בעטען מיר דערווייל אויף „חיים של עושר וכבוד", האלט עס שוין מיט'ן פריהערדיגען יראת שמים גאנץ שמאל און מ'דארף פון דאס ניי בעטען אויף יראת שמים...



# דן זיין לכף זכות

אבינו מלכנו כתבנו בספר זכיות.

אייגענטליך צו וואס דארפען מיר זיך בעטען, אז דער אויבערשטער זאל אונז איינשרייבען אין ספר פון זכיות. אויב מיר פארדינען זיך, וועט ער דאך אונז געוויס איינשרייבען?

דער תירוץ איז, מיר טהוען זעהר פיל מצוות וועלכע קאנען ווערען אויס־געטייטשט אלס עבירות. ווי למשל, איינער גיט צדקה כדי זיך מיט דעם צו באווייזען פאר לייטען; מען לערענט תורה, כדי מען זיך קאנען גרויס האלטען איבער יענעם, א. א. וו. דער רבש"ע מיט זיין חסד קאן אבער אויסטייטשען אלעס לזכות, אז אלעס איז לויט די אומשטאנדען פון ארט, די נאטור פון מענשען, אדער אנדערע מאטיווען. אט דאס בעטען מיר ביי אונזער פאטער אין הימעל, ער זאל אונז אלעס אריינשרייבען אין ספר פון זכיות און אונז דן זיין לכף זכות, אז אלע אונזערע גוטע זאכען זאלען באטראכט ווערען לשם מצוה.



# אַ זכות פאַר רשעים

מוצאי שבת פלעגט ער לענגער פון אלעמען ווארטען מיט תפילת מעריב. „זאָלען זיי דערווייל אויך האָבען אַ זכות, — האָט ער געזאָגט — באַטאָנענדיג, אַז פאַר די רשעים אין גיהנם איז נאָך אלס שבת, כל זמן אַ קהל דאווענט ניט קיין מעריב צוליב ספק שבת".



# זעהן דעם אמת

משפטי ה' אמת צדקו יחדיו (תהלים י"ט).

די געטליכע משפטים זיינען אמת ווען זיי זיינען צוזאמען. ווייזט דאָך אויס, אַז אויב זיי זיינען נישט צוזאַמען זיינען זיי נישט גערעכט, פאַרוואָס?

פאַרבאָרגען זיינען פון אונז די וועגען פון דער השגחה. אָפט מאָל פרעגען מיר קשיות, ווייל מיר זיינען דאָך באַגרענעצט אין אונזערע באַגריפען. ווען מיר וואָלטען אָבער אימשטאַנד געווען צו זעהן דאָס וואָס האָט פאַסירט מיט אונז פריהער, איידער מיר זיינען אויף דער וועלט געקומען, און וואָס עס וועט פאַסירען שפעטער, וואָלטען דאַן אוועקגעפאַלען אלע פראַגעס. עס וואָלט פאַרשטענדליך געווען די גרויסע חסדים און רחמנות פון רבש"ע. דאַן וואָלטען מיר צוגעגעבען, אַז אלעס וואָס פאַסירט מיט אונז איז ווירקליך פאַר אונזער טובה.

דאָס מיינט דער אויבענדערמאָנטער פסוק. די משפטים פון רבש"ע זיינען אמת, אָבער צו פאַרשטעהן זייער גערעכטיגקייט, איז נויטיג צו זעהן פריהערדיגע און שפעטערדיגע געשעהנישען. ווען זיי זיינען אלע צוזאַמען, דאַן וועט פאַר אונז אלעס קלאָר ווערען.

ב.

עס איז באַוואוסט, אַז די זינד פון בין אדם למקום, ווערען אָראָפּגענומען דורך יסורים אויף דער וועלט, אָדער גיהנם אויף יענער וועלט, וועלכע לייטערען די נשמה פון מענשען און מאַכען איהם ריין. זאָגען טאַקע די חז"ל, אַז

דער גיהנם איז ווי אַ פיאווקע, וועלכע נאָכדעם ווי זי זויגט אויס די בלוט, פאַלט זי אַראָפּ און האָט מעהר קיין שייכות ניט מיט'ן מענשען. אזוי איז אויך דער גיהנם (ע"ז י"ז).

אנדערש זיינען אָבער די זינד בין אדם לחברו, דאַן העלפט שוין נישט קיין תשובה און ליידען. „עד שירצה את חברו", ביז ער זאָל גוטמאַכען דעם שאָדען וואָס ער האָט פאַראורזאַכט צו זיין חבר. אויב דער מענש טהוט עס ניט גלייך אויף דער וועלט, מוז ער נאָך אַמאָל אַראָפּקומען און דאָס פאַר־ווירקליכען. קיינע יסורים אָדער שטראָף קאָנען עס נישט אָפּוואַשען (זעה באור הגר"א משלי י"ד).

למשל, אויב איינער האָט זיך געהאַלטען דאָ גרויס, צוליב זיין רייכקייט אָדער פיזישע גבורה און האָט חוצפה'דיג יענעם באַליידיגט אָדער געשלאָגען און האָט יענעם נישט איבערגעבעטען בעפאָר זיין טויט, העלפט איהם גאָר־נישט, נאָר ער מוז נאָך אַמאָל אויף דער וועלט קומען.

פאָדערט דאַן די מדת הדין, אַז ער זאָל נאָכאַמאָל באַשאַפען ווערען, אזוי רייך, אָדער אזוי שטאַרק ווי בעפאָר, כדי ער זאָל צייגען אַ ריכטיגע תשובה דורך זיין קאנטראלירען זיך שפעטער. אָבער דער מענש בעט זיך מען זאָל רחמנות האָבען אויף איהם און איהם יעצט באַשאַפען אָהן אַ האַנט, אָדער פוס, כדי ער זאָל זיכער זיין שוין מעהר נישט פעהיג איבער צו חזר'ן אזעלכע רשעות.

זיגט די מדת הרחמים און מען גיט נאָך די בקשה פון מענשען, און ער ווערט באַשאַפען אַן אָרימאַן, אָדער אַ קראַנקער, אָדער אַ בעל מום. נמצא, אַז דאָס אלעס איז צוליב זיין טובה און אין איינקלאַנג מיט זיינע אייגענע תחנונים. טאָ וואָס איז שייך טענות צו דער השגחה? דאָס מיינט דאָך דער פסוק, „צדקו יחדיו..."



# די וועלט אַ יריד

דער חפץ חיים, האָט אַמאָל דערצעהלט, אַז אין שטעטעל זעלווע, גראָד־נער גוב., פלעגט מיט פיעלע צעהנדליגע יאָהרען צוריק, פאָרקומען אַ גרויס־ער יעהרליכער יריד וועלכער פלעגט דויערען גאַנצע פיר וואָכען. אלע

איינוואוינער פלעגען אַ גאַנץ יאָהר וואַרטען אויף דעם יריד, דאַן פלעגען זיי פאַרדיגנען יעדער שטיקעל פלאַץ און אָפּנעהמענדיג אַ גוטען פרייז פאַר יעדען חדר און אַ טייערען מקח פאַר יעדען ארטיקעל, פלעגען זיי פון דיזע פאַרדינסטען לעבען אַ גאַנצען יאָהר.

אויסגעמאַטערט פלעגען זיי ווערען אין דער צייט, נישט געגעסענע און נישט דערשלאָפענע, זיינען זיי כסדר געשטאַנען און געארבייט. די בעלי בתים פלעגען אויך צו דינגען מענשען זיי ארויסצוהעלפען.

ביי די יריד׳ען פלעגען זיך אויך פאַרזאַמלען די פאַרשטעהער פון פאָלק, רבנים און חשוב׳ע בעלי בתים כדי מתקן צו זיין תקנות.

דער חפץ חיים, וועלכער איז אַמאָל אויך געווען אין זעלווע, אין דער צייט פון יריד, האָט אַמאָל געהערט ווי אַן אויסגעמאַטערטער איד, וואָס האָט געארבייט ביי יענעם, האָט אויסגעשריהען: „ווי דערלעב איך שוין צו זעהן אַז דער יריד זאָל זיין צו ענדע, איך וואָלט זיך שוין געוואָלט אָפּרוהען”.

דער בעל הבית, דערהערענדיג דאָס, האָט אויסגערופען צו דעם ארבייטער „ס׳א נאַר דו ביזט! וואָס רעדסטו? הלואי זאָל זיך דער יריד ציהען אַ לאַנגע צייט. כ׳וועל זיך יעצט אָנמאַטערען, וועל איך דאָך פון די פאַרדינסטען קאָנען שפּעטער לעבען במנוחה און האָבען אַ גאַנץ יאָהר פאַרגעניגען”.

אויפ׳ן חפץ חיים האָבען דעם לעצטענ׳ס ווערטער געמאַכט אַ טיפען איינדרוק. ער פלעגט עס איבער׳חזר׳ן: „ביי אַ אידען איז רעכט זיך צו מאַטערען, נישט צו דערעסען און נישט צו דערשלאָפען און צו וואוינען אין פארהויז במשך פון דעם יריד, כדי פון די הויכע פאַרדינסטען צו לעבען שפּעטער גליקליך! נאָך מעהר, ער פיהלט גאָרנישט קיין מידקייט און איז צופרידען מקבל׳זייענדיג באהבה אלע אומבאַקוועמליכקייטען!

„ווי גליקליך וואָלט דער מענש געווען, ווען ער זאָל זיך באמת פאָר־שטעלען, אַז די וועלט איז אַ קורצער יריד און אַז דער מענש דאַרף פון די רוחים אָנזאַמלען מיטלען זיך צו ערנעהרען גייסטיג אויף דער אייביגער וועלט...”

———o———

# נעהמען מיט זיך אונזערע תפילות

שובה ישראל... קחו עמכם דברים ושובו אל ה'.
(הושע ב')

אַן אָרימאַן, האָט אָנטרעפענדיג אַ גביר אין גאַס, געבעטען ביי איהם אַ גמילות חסד. האָט דער לעצטער איהם געהייסען קומען אין אַ באַשטימטער צייט אין זיין קאנטור (אָפיס), וועט ער איהם זיין בקשה באַוויליגען.

דער גביר האָט טאַקע גַעוואָרט פאַר'ן אָרימאַן, אָבער דער לעצטער האָט זיך נישט באַוויזען.

אויף צו־מאָרגענס, האָט דער אָרימאַן איהם נאָך אַמאָל באַגעגענט און ווידער איהם געבעטען דאָס זעלבע. האָט דער גביר זיך אויף איהם אָנגעבייזערט: כ'האָב דאָך געכטען געוואָרט אויף דיר, פאַרוואָס ביזטו נישט געקומען? קום היינט אין אָוועגט צו מיר, וועסטו קריגען וואָס דו פאַרלאַנגסט.

אין אָוועגט איז אָבער דער אָרימאַן נאָך אַלץ נישט געקומען.

וואונדערען מיר זיך אויף די נארישקייט פון אַזאַ מענשען; מיר פאַרגעסען אָבער, אַז מיר אליין באַגעהען אַן עהנליכע נאַרישקייט טאָג־טעגליך. מיר בעטען ביים רבש"ע: „ותן בלבנו בינה להבין ולהשכיל וכו', והאר עינינו בתורתך וכו'", און דער אויבערשטער וואָס וויל דאָך אונז העלפען, האָט אונז אָנגעזאָגט קובע צו זיין עתים לתורה און מקיים זיין זיינע מצוות, אָבער מיר פוילען זיך צו קומען אין דער באַשטימטער צייט. גאָט וואָרט אויף אונז און מיר זיינען נישטאָ. „מדוע באתי ואין איש, קראתי ואין עונה?" שרייט אויס דער נביא בשם ה', — „פאַרוואָס בין איך געקומען און קיינער איז נישטאָ?" א. א. וו.

אונזערע תפילות צו השי"ת פאַרגעסען מיר אין שוהל און מיר נעהמען זיי נישט מיט זיך מיט. אויב מיר ווילען טהאָן תשובה באמת, האָט אונז דער נביא הושע געזאָגט: „נעמט זשע מיט די ווערטער מיט זיך און טהוט תשובה צו גאָט". דאָס הייסט, מיר זאָלען נישט איבערלאָזען אונזערע תפילות, נאָר פאַרווירקליכען זיי אין לעבען, ווייל דער רבש"ע זוכט אונז צו העלפען.

---o---

# צוריק קומען

הלא הוא אביך קניך (דברים ל"ב).

אויפ'ן ווארט „קניך", מאַכט רש"י: „שקננך בקן הסלעים", דאָס מיינט, אַז גאָט דיין פאָטער איז דיין נעסט. אום דאָס צו פאַרשטעהן איז נויטיג צו דערמאָנען דאָס וואָס די חז"ל זאָגען, אַז אַ יונגע טייבעלע פליהט ניט אוועק צו ווייט פון איהר נעסט. זי פליהט נאָר אזוי ווייט כל זמן זי קאָן זיך צוריק־קערען.

„דאי הדר חזי קיניה מדדי ואי לא לא מדדי", יעדער אידען'ס נשמה האָט אַ חלק אין דער געטליכער נעסט; זי איז דאָך עפּעס אַ „חלק אלוה ממעל". זאָגט דאריבער די תורה: „הלא הוא אביך קנך", ער איז דאָך דיין נעסט, אפילו אויב דו ביזט פון איהם אוועקגעפלויגען. פליה זשע ניט צו ווייט, נאָר קער זיך שנעל צוריק צו איהם (שובה ישראל לה' אלקיך).

---

# „אין קיך אָדער טרקלין"

מען דאַרף זיך נישט וואונדערען וואָס טראַץ דעם וואָס די תורה ומצוות זיינען דער הויפּט אידעאל אין לעבען, זעהען מיר זעהר ווייניג מענשען, וועלכע פארשטעהן דאָס, אנשטאט דעם הערט מען זיי אימער רעדען פון מאטעריעלע אינטערעסען און מאטעריאליסטען גדולים.

ווי באוואוסט איז די וועלט אַ פרוזדור, אַ פארהויז צו יענער וועלט, דעם טרקלין (פּאלאץ). נישט אַלע וועלכע שטעהען אין פארהויז זיינען ווייט־זיכטיג צו באַגריפען וואָס עס טוהט זיך אין די אינווייניגסטע חדרים פון פּאַלאַץ. אַז מען קומט אריין אין קיך, איז נאטירליך צו הערען רעדען וועגען עסענס. איז דאריבער קיין וואונדער ניט, וואָס די מענשען, שטעהענדיג ראשם ורובם אין עולם הזה, האָבען אין זינען די אכילה, אָדער אנדערע קער־פּערליכע פאַרגעניגענס.

בלויז דער העכערער סאָרט מענש, שטעלט זיך ניט אָפּ אין פארהויז, אָדער אין קיך. נאָר ער זוכט אויך צופרידענשטעלען זיינע גייסטיגע באַגערען און דרינגט אריין לפני־ולפנים פון טרקלין.

# טייערקייט פון צייט

זייענדיג איןווארשא, אין אַ דרוקעריי, האָט ער דאָרט פאַרפיהרט אַ שמועס מיט אַ לערן אינגעל, וועלכער האָט איהם דערצעהלט, אַז ער האָט זיך פאַרדונגען אויף דער לעהר פאַר פינף יאָהר, מיט עסען און זעהר ווייניג געהאַלט. ער איז דאַן אַלט געווען פופצעהן יאָהר און האָט געהאָפט צו צוואנציג יאָהר שוין ווערען אַ פולשטענדיגער בעל מלאכה, חתונה האָבען און לעבען גליקליך אין זיין אייגענער היים.

קומענדיג צוריק אין זיין קוואַרטיר, האָט ער באַמערקט צו די אַנוועזענדע:

„אַ פשוט׳ער לערן אינגעל פון אַ דרוקעריי האָט מיר מעורר געווען לתשובה. ער האָט מיר דערצעהלט, אַז ער איז מקריב פינף יאָהר צווישען פופצעהן און צוואנציג, כדי עס זאָל איהם שפּעטער מעגליך זיין צו לעבען אַ באַקוועמען לעבען. וויפיל אָבער לעבט אַ מענש? זיבעציג יאָהר. קומט אויס, אַז דער לערן אינגעל וועט אוועקגעבען פינף יאָר צו לעבען פופציג בהרחבה.

„ווען מיר זיינען זיך מתבונן, זעהן מיר, אַז דער מענש איז געשיקט געוואָרען אויף דער וועלט אויף אַ קורצער צייט, כדי זיך צו פאַרפאלקאמענען פאַר עולם הבא. יענע וועלט איז דאָך אַ נצחיות, אייביגקייט, אָהן אַ גבול ותכלית, וואָס מיינט דאָך וויפיל מיליאָנען יאָהרען. כדי דאָס אַלעס צו פאַרדינען זיינען דעם מענשען צוגעגרייט געוואָרען בלויז זיבעציג יאָהר.

„אַ זיבעציג יעהריגע הכנה פאַר אַן אייביגקייט, איז דאָך ווייניגער פון גאָרנישט אין פאַרגלייך מיט די פינף יאָהר געגען פופציג קאָן מען שוין באַגריפען ווי טייער די צייט איז...״



# „קויפען עולם הבא״

עולם הבא מוז מען פאַרדינען, מען קאָן עס פאַר קיין געלט ניט קויפען. אלצדינג קאָן מען קויפען, אָבער נישט חיים נצחיים.

מען האָט געפרעגט ביים רב האי גאון אַ שאלה: וועגען איינעם וואָס האָט פאַרקויפט זיין חלק לעולם הבא.

האָט ער געענטפערט: אַז דער וואָס האָט פאַרקויפט האָט טאַקע זיין חלק פאַרלאָרען, אָבער דער קונה האָט גאָרנישט איינגעקויפט.

צו קויפען עולם הבא, איז נאָר מעגליך דורך מחזיק זיין אָדער שטיצען לומדי תורה. אזוי האָבען יששכר און זבולון געטהאָן. ווי עס שטעהט אין דער תורה: „שמח זבולון בצאתך ויששכר באהלך", דרש'נען די חז"ל: פרעה זיך זבולון ווען דו געהסט אוועק פון דער וועלט, ווייל דו וועסט האָבען אַ חלק מיט יששכר'ן אין זיין הימילשען געצעהלט.

———0———

## ניטאָ גענוג צו באַצאָהלען

*שכר מצוה בהאי עלמא ליכא (קדושין ל"ט).*

דיעזען מאמר פעלעגט ער ערקלערען אזוי נאָך: אויף דער וועלט איז ניטאָ גענוג שכר צו באַצאָהלען פאַר אַ מצוה. ווי די חז"ל זאָגען, „יפה שעה אחת קורת רוח בעולם הבא מכל חיי עולם הזה", איין ווילע פערגעניגען אויף יענער וועלט איז טייערער ווי דאָס גאנצע לעבען אויף דער וועלט.

פאַרוואָס די רשעים קריגען יאָ שכר פאַר זייערע מצוות אויף דער וועלט, האָט ער ערקלערט אויף זיין פשוט'ן אופן:

די חז"ל זאָגען (מ"ר רות): אַז אַ איד טהוט אַ מצוה, קריגט ער אַ שטר־חוב געשריבען פון אליהו'ן און גע'חתמ'ט פון אויבערשטען. איבער דעם שטעהט טאַקע אין דער תורה אסך מאָל נאָך יעדער מצוה „אני ה'" (נאמן לשלם שכר). וועלכעס דינט ווי אַ אונטערשריפט פון כביכול, פאַרזיכערענדיג שכר פאַר טהאָן גוטע זאַכען. כדי אויסצובייטען אַ גרויסע אַנווייזונג, וועלכע טראָגט אַ קעניגליכען אונטערשריפט, מוז מען געהן צו דער מלוכה באַנק, ווייל אבי אַ באַנק פאַרמאָגט ניט אויסצוצאָהלען אזעלכע אַנווייזונגען.

דעם רשע'ס אַ מצוה איז נישט אזוי חשוב ווי דעם צדיק'ס און טראָגט דאריבער נישט די חתימה פון הקב"ה, איבער דעם קאָן מען איהם אויס־צאָהלען זיין שכר אויך אויף דער וועלט.

נישט אזוי איז אָבער אַזאַ מצוה וואָס דער צדיק טהוט, וועלכע איז אַ פאלקאמנע. לכן, כדי צו ווערען באַצאָהלט, מוז ער וואַרטען אויף דער מלוכה באַנק — לעולם הבא, וד"ל.

# דעם אויבערשטענ׳ס דרכים

הצור תמים פעלו... ואין עול, צדיק וישר הוא.
(דברים ל״ב)

ווען עס פּאַסירט, אַז אַ מענש דאַרף פון הימעל באַשטראָפט ווערען, איז כאָטש ער זעלבסט פאַרדינט פולשטענדיג די שטראָף, פונדעסוועגען אויב מען זעהט דאָרטען איין, אז אימיצען פון דער פאמיליע, אַ וויטסטען קרוב, אָדער אַ פריינד, וועט אויסקומען אויפ׳ן קלענסטען אופן אומזיסט צו ליידען, האַלט מען זיך שוין אָפּ אין הימעל פון צו באַשטראָפען איהם.

עס איז דאָך „ותמים פעלו״, דעם אויבערשטענ׳ס וועגען זיינען דאָך גאַנץ, פאלקאם און עס איז אין זיי קיין אומרעכט נישטאָ אפילו אויף אַ האָר, טאָ ווי אזוי קאָן מען דערלאָזען אַז אַן אומשולדיגער זאָל ליידען?

פון דעם קאָנען מיר פאַרשטעהן, ווי וויכטיג עס איז, פאַר אַ מענשען צו האָבען אלס גוטע פריינד פרומע און עהרליכע אידען, וואָס צוליב זייער ריינקייט און גוטסקייט, קאָנען זיי פאַרמיידען פון פּרעניות.



# דורך שטראָף ערגער

על מה תכו עוד תוסיפו סרה (ישעיה א׳).

נאַרישע מענשען פאַרשטעהן נישט, אַז יסורים און ליידען איז אַ שטראָף פון הימעל, כדי דעם מענשען אויסצובעסערען מאראליש און גייסטיג. אנ־שטאט צו טהאָן תשובה און זיך אליין פרעגען וואָס זיי טהוען, פרעגען זיי קשיות אויף דער השגחה, וואָס טהוט דער אויבערשטער? פאַרוואָס קומט עס זיי אזוי פיל צער? אנשטאט צו פאַרבעסערען זייער אויפפיהרונג, ווערען זיי נאָך אדרבה פון שלעכט ערגער און ברענגען אויף זיך מעהר עונש און קלעפּ.

דאָ באַדויערט דער נביא.

צוליב וואָס זיי ווערען געשלאָגען, מאַכט עס זיי גאָר צו ווערען מעהר ווידערשפּעניג און זיי פאַרדינען זיך אזוי פיל שטראָף, אז „מכף רגל ועד ראש אין בו מתום פצע וחבורה וכו׳״.

# ניט לערנען אין אַ פרעמדע גמרא

עס איז גלייכער צו זיצען און גאָרניט לערנען, איידער צונעמען אַהן אַן ערלויבעניש יענעמ'ס אַ גמרא, אָדער אַ שטענדער און לערנען. ווייל דורכדעם וואָס ווען דער אייגענטימער וועט עס נאכהער דאַרפען ארומזוכען, וועט ער האָבען הקפדה און עס וועט זיין גזילה. אַזאַ לערנען איז דאָך גאָר ניט ווערטה. אזוי פלעגט דער חפץ חיים מזהיר זיין זיינע תלמידים.

———0———

# מענשליכע אויסרעכענונגען

ובני בנימין בלע ובכר ואשבל גרא ונעמן אחי
וראש מפם וחפים וארד (ויגש מ"ו).
ובני דן חושים (בראשית מ"ז, כ"א, כ"ג).

אייגענטליך פאַרוואָס עפעס שטעלט די תורה תיכף נאָך בנימין'ן דן־? — צו צייגען, כאָטש בנימין האָט געהאַט צעהן זיהן און דן בלויז איין זוהן, און דער איינער איז געווען אַ בעל מום, אַ טויבער און אַ קאַליקע, דאָך אין צייט וואָס בנימין'ס שבט האָט געהאַט פינף און דרייסיג טויזענט און פיר הונדערט מאַן, האָט דער שבט דן געהאַט צוויי און זעכציג טויזענט און זיבען הונדערט מאַן. ווי די חז"ל זאָגען, „מרובים כחושים של קנה" (ב"ב קמ"ג). און אַז דער שבט האָט צוגעקראָגען ביי טויזענט און זיבען הונדערט מאַן דורך דער צייט פון וואנדערונג אין מדבר. אויך איז פון חושים'ן שפעטער ארויסגעקומען שמשון הגבור.

דאָס צייגט אונז, אַז קיין חכמות העלפט נישט, אַז אלע מענשליכע אויס־רעכענונגען האָבען קיין ווערדע ניט 1).

אנמערקונג:

1) ס'איז אַ שלאָגענדער אַרגומענט קעגען די פרעדיגער פון סטעריליזאַציע, יוד־זשעניקעס און געבורט קאָנטראָל.

———0———

# מיט'ן רבינו תם

**דער חפץ חיים, זייענדיג אַ מתנגד, האָט אימער געלייגט נאָר איין פּאָר תפילין — רש"י'ס. די לעצטע יאָהרען אָבער, האָט ער אָנגעהויבען דאַוונען אויך אין רבינו תם'ס תפילין. ווען מען האָט איהם געפרעגט פאַרוואָס ער האָט געביטען זיין מנהג, האָט ער ערקלערט:**

איך ערוואַרט דאָך אין גיכען צו זיין אויפ'ן עולם האמת און דאָרט וועל איך זיך טרעפען מיט'ן רבינו תם, וועט ער דאָך מיר פרעגען:

„ישראל מאיר, מיינע תוספות'ן האָסטו פיעל געלערענט, מיינע סברות האָסטו אָנגענומען, מיט מיינע ווערטער האָסטו זיך דערקוויקט, טאָ פאַרוואָס זשע האָסטו מיינע תפילין פאַרשעהמט?"

אין פארלויף פון דער מחלוקת מכח די רבנות הראשית פון ווילנא, האָט דער חפץ חיים גערופען צו זיך מר ע., אַ זוהן פון זיינעם אַ גוטען פריינד, ר' מ. ע., וועלכער האָט געהאַלטען מיט'ן צד געגען הגאון ר' חיים עוזר, האָט דער חפץ חיים צו איהם געזאָגט:

„איך ערוואַרט דאָך אין גיכען צו טרעפען זיך מיט אייער פאָטער אויפ'ן עולם האמת, וועט ער דאָך האָבען צו מיר אַ טענה:

„אויף דעם עולם התחתון זיינען מיר דאָך געווען ידידים, גרויסע ידידים, פאַרוואָס זשע האָט איהר זעהענדיג ווי מיין זוהן געהט אַראָפּ פון דרך הישר, איהם ניט מוכיח געווען?

„פיהל איך זיך דאריבער פאַרפליכטעט אייך צו זאָגען: „אַז איהר באַגעהט אַ גרויסע עולה, דאָס אלץ, מעהר בין איך ניט מחויב".

———0———

# פאַר ניט זינדיגען מעהר

נישט אַלע זינדיגע זיינען גלייך. דער קלענערער רשע איז אַ צדיק אין פאַרגלייך מיט'ן גרעסערן. די גמרא זאָגט, אַז עס זיינען געווען צוויי־ערליי בתי־קברות פאַר די פיר סאָרטען רשעים: נסקלין, נשרפין, נהרגין, נחנקין. דער וואָס איז פאַר'משפט געוואָרען צו אַ לייכטערען טויט, איז

געוועזן אַ צדיק לגבי דעם וואָס ווערט געטויט מיט אַ הארבערער מיתה. למשל, אַ רוצח ווערט פאַראורטיילט צו הרג (סייף), איז ער אָבער אַ יחסן אין פאַרגלייך מיט'ן מחלל־שבת, וועמען עס קומט סקילה, לויט'ן כלל: „אין קוברין רשע אצל צדיק", טאָר מען דעם ערשטען נישט באַגראָבען נאָעהנט צום לעצטען.

עס איז פשוט, ווי די חז"ל זאָגען: „ישב אדם ולא עבר עבירה נותנים לו שכר כעושה מצוה" (קדושין ל"ט). דער וואָס זיצט ליידיג און באַגעהט ניט קיין עבירה, ווען ער האָט געהאַט אַ געלעגענהייט דערצו, ווערט באַלוינט אזוי ווי ער וואָלט געטהאָן אַ מצוה. נמצא, אַז גלייכצייטיג מיט'ן עונש לעולם הבא פאַר אַן עבירה, באַלוינט מען איהם פאַר נישט האָבען באַגאַנגען אַ גרעסערע זינד.

אויף אזוי ווייט געהט דעם אויבערשטען'ס חסד אין באַשטראָפען דעם רשע.

―――――0―――――

# מורא פאַר דער תוכחה

צווישען המון העם אין כמה ערטער הערשט אַ צוטומלעניש אין די שבתים פון די פרשיות „בחקתי" און „כי תבא". זיי שרעקען זיך אזויפיל פאַר דער תוכחה, אַז אין מאַנכע ישובים זיינען זיי לגמרי מבטל קריאת התורה אין יענע שבתים, — די אלטע טראַדיציע פון די צייטען פון משה רבנו.

„מוסר ה' בני אל תמאס ואל תקוץ בתוכחתו" (משלי ג'), זאָגט דער פסוק. אין זייער אָבערגלויבען דיינקען זיי אָבער, אַז אויב זיי וועלען ניט קוקען אויף די ווערטער און ניט הערען די קלאַנגען פון די שטראָפרייד, וועלען זיי שוין דורכדעם אויסגעהיט זיין פון יעדער עונש.

אין זייער נאַרישקייט זיינען זיי גלייך צו איינעם וועמען זיינע באַקאַנטע האָבען געוואָרענט, אַז ער זאָל ניט געהן אין אַ געוויסען וועג צוליב די פילע שטרויכלונגען פון גריבער און זומפען וועלכע זיינען דאָרט פאַראַן. ער האָט אָבער אין זיין נאַרישער עקשנות דוקא באַשלאָסען צו געהן אין דיזען וועג, נאָר כדי צו זיין באַשיצט קעגען געפאהר האָט ער זיך פאַרבונדען די אויגען. ניט ווילענדיג צו טראַכטען אַז דאמיט שטעלט ער זיך נאָך מעהר אין סכנה... (ביאור הלכה סי' תכ"ח).

# שטראָף פון רשעים

וירא ישראל את מצרים מת על שפת הים...
ויאמינו בה' ובמשה עבדו (בשלח י"ד).

אייגענטליך, וואס האָבען זיי באַמערקט אין די טויטע מצרים, וועלכע זיינען געלעגען ביים ברעג ים, עס זאָל זיי באַוועגען צו אמונה, מעהר ווי אלע ביז־אהעריגע נסים?

לויט רש"י, זיינען געווען דריי־ערלייי סאָרטען מיתות, דורך וועלכע די דערטרונקענע מצריים זיינען גע'משפט געוואָרען. די גרויסע רשעים, „יכלמו כקש", זיינען אומגעבראַכט געוואָרען אין וואַסער, ארומוואָרפענדיג זיך ווי שטרוי. ד. ה. זיי האָבען זיך זעהר לאַנג געמאַטערט ביז זיי זיינען דערטרונקען געוואָרען.

די קלענערע רשעים, „ירדו כמו אבן", זיי האָבען זיך אזוי לאַנג נישט געפּלאגט, נאָר האָבען זיך בלויז אַביסעל געשליידערט ווי אַ שטיין, ביז זיי זיינען אונטערגעגאַנגען.

דאגעגען די בעסערע פון זיי, „צללו כעופרת", זיינען גלייך אויפ'ן אָרט דערטרונקען געוואָרען. ווען דער ים האָט זיי נאָכדעם אלעמען אויסגעשפּיגען און די אידען האָבען דערקענט די פאַרשידענערליי רשעים, האָבען זיי, וויסענדיג יעדען איינעמ'ס מאָס רשעות, באַגריפען די גערעכטיגקייט פון זיין פאַרדינטע שטראָף.



# געבורט קאנטראל

ווי אונזערע חז"ל גיבען איבער, האָט זיך עמרם געשיידט פון זיין פרוי יוכבד, ווייל ער האָט ניט געוואָלט ברענגען קינדער, אַז פרעה זאָל זיי וואַרפען אין טייך. האָט איהם זיין טאָכטער מרים הנביאה, פאַרווירפע געמאַכט, זאָגענדיג: „פאָטער, דיין גזירה איז דאָך נאָך ערגער פאַר פרעה'ס". האָט ער איהר געפאָלגט און גענומען צוריק איהר מוטער און עס איז געבוירען געוואָרען דער גואל צדק משה רבנו.

אויך געפינען מיר, אַז דער גרויסער צדיק חזקיהו המלך, האָט ניט געוואָלט האָבען קיין קינדער, ווייל ער האָט געזעהן בנבואה, אַז עס וועט פון

איהם געבוירען ווערען מנשה, וועלכער וועט מאַכען אנדערע צו זינדיגען. ביז דער נביא ישעיהו, האָט איהם געוואָרענט, אַז פאַר דעם חטא, וועט ער פאַרלירען די וועלט און יענע וועלט. ער האָט איהם געפאָלגט און גענומען אַ פרוי און עס איז געבוירען געוואָרען דער גרויסער צדיק יאשיהו המלך, אויף וועמען דער פסוק זאָגט עדות „לא קם כמוהו ואחריו לא יהי׳״.

פון דעם קאָנען מיר זעהן די קורצזיכטיגקייט פון די יעניגע און די גרויסע זינד קעגען דער מענשהייט, וואָס זיי באַגעהען פארמיידענדיג זיך צוליב עגעאיסטישע מאטיוען און אומזיסטע שרעק פון צו ברענגען קינדער אויף דער וועלט. מיר דארפען טהאָן וואָס מיר זיינען פאַרזאָגט געוואָרען פון דער תורה און האָבען בטחון אין השי״ת, אַז ער וועט אונז שפייזען.



# שטראָף פאַר קלענערע עבירות

זאגאר דער גרעסטער רשע וועט געשטראָפט ווערען פאַר דעם קלענסטען חטא וועלכען ער באַגעהט. אזוי זאָגט דער רמב״ם, אַז ירבעם בן נבט, אבוואהל ער האָט געדינט עבודה זרה און געווען אַ חוטא ומחטיא את הרבים, וועט געשטראָפט ווערען פאַר דער קלענסטער עבירה, ווי ניט מקיים זיין עירוב תבשילין, א. ד. ג.

עהנליכעס ווערט דערצעהלט, אַז דער ווילנער גאון האָט אויפ׳ן וועג פון זיין גלות אָפריכטען, באַמערקט אין אַ קרעטשמע ווי דער בעל־הבית האָט סערווירט איינעם עסען וועלכער האָט זיך ניט געוואַשען די הענט און ניט געמאַכט קיין ברכה. ווען דער גאון האָט איהם וועגען דעם אויפמערקזאם געמאַכט, האָט ער געענטפערט, אַז ער איז אַ משומד.

„וואָס האָט איינס אַ שייכות צום אנדערען?״ — האָט דער גאון זיך געוואונדערט, — „פאַר׳ן שמד׳ן וועט מען איהם באַשטראָפען באַזונדער, דאָס שמד׳ן פטר׳ט איהם אָבער ניט פון מקיים צו זיין די מצוות פון דער תורה...

„ס׳מיינט דאריבער ניט אַז ער איז ניט מחויב זיך צו וואַשען אָדער מאַכען קיין ברכה״.



# אַ גליק פאַר משה׳ן

עתה תראה אשר אעשה לפרעה כי ביד חזקה
ישלחם וביד חזקה יגרשם מארצו (שמות ו׳).

רש״י זאָגט „העשוי לפרעה תראה ולא העשוי למלכות שבע האומות שהביאם לארץ״. עס קומט דאריבער אויס, אַז צוליב דעם וואָס ער האָט מהרהר געווען אויף דעם אויבערשטען׳ס מדות, זאָגענדיג, „למה הרעת״, האָט איהם השי״ת דערפאַר באַשטראָפט, נישט צו זעהן מעהר ווי יציאת מצרים און נישט זוכה זיין אריינצופיהרען די אידען קיין ארץ ישראל.

לויט דעם פשט, וואָלט זיך בעסער געפּאַסט, אַז עס זאָל שטעהן „אתה״, מיט אַן „אלף״, מיינענדיג „דו״, ד. ה. אַז דו וועסט זעהן בלויז דאָס יעצטיגע און נישט דאָס שפּעטערדיגע.

קאָן מען עס אָבער ערקלערען פשוט׳ער אויף אַן אַנדער אופן: עס איז באוואוסט, אז אידען האָבען געדאַרפט זיין אין מצרים פיר הונדערט יאָהר. זיי זיינען אָבער דאָרטען געווען נישט מעהר ווי צוויי הונדערט מיט צעהן יאָהר, פאַרוואָס?

ווייל וועלענדיג די אידען אויסלייזען וואָס שנעלער, האָט ער בכיון גע־מאַכט דעם גלות שווערער, כדי זיי זאָלען אויסשטעהן אין אַ קורצערע צייט אַלע ליידען וואָס זיי האָבען באַדאַרפט דורכמאַכען אין אַ לענגערער צייט. קושי השעבוד, האָט אויף דעם שטייגער משלים געווען דעם גלות.

כביכול האָט געזאָגט צו משה׳ן: „משה, דו האָסט טענות פאַרוואָס זייערע ליידען האָבען זיך פאַרמעהרט און פרעה׳ס גזרות קעגען זיי זיינען נאָך געוואָרען גרויזאמער? זאָלסטו אָבער וויסען, אַז דאָס איז אלץ אַ טובה, ספּעציעל פאַר דיר. ווייל אויב די אידען וואָלטען געדאַרפט פאַרבלייבען אין גלות גאַנצע פיר הונדערט יאָהר, וואָלסטו דאָך די גאולה ניט געזעהן. איך האָב זיי פאַראורזאַכט מעהר צרות, נאָר צו ערמעגליכען זיי זאָלען וואָס שנעלער אויסגעלייזט ווערען.

דו פרעגסט „למה הרעת״, פאַרוואָס האָב איך עפּעס גראָד צום סוף אזוי פאַרערגערט די באַדינגונגען, „עתה״ יעצט, טאַקע צוליב אָט די איצטיגע רעות, „תראה״, וועסטו זוכה זיין צו זעהן זייער גאולה״.

היוצא מדברינו, אַז עס איז דאריבער נישט געווען בכונה אַן עונש פאַר משה׳ן, נאָר פאַרקערט, אַ גליק.

# שאול׳ס רציחה

וישלחך ה׳... ויאמר לך והחרמת את החטאים
את עמלק ונלחמת בו עד כלותם אותם.
(שמואל א׳ ט״ו)

שמואל בייזערט זיך אויף שאול׳ן, זאָגענדיג, אַז דורך דעם וואָס ער האָט ניט פולשטענדיג פאַרניכטעט עמלק׳ן, האָט ער „געטהאָן שלעכטס״ אין די אויגען פון אויבערשטען. איז דאָך אַ פראַגע, מיט דעם וואָס שאול האָט ניט ערפיהלט דעם רצון ה׳ האָט ער נישט געטהאָן קיין גוטעס, אָבער שלעכטס בפועל האָט ער דאָך ניט געטהאָן?

דער תירוץ איז, אַז אויב שאול וואָלט ערפיהלט דעם רצון ה׳ און וואָלט אומגעבראַכט עמלק׳ן, וואָלט עס דאָן קיין רציחה ניט געהייסען, ווייל אזוי איז ער דאָך פאַרזאָגט געוואָרען פון גאָט צו טהאָן. ער וואָלט נאָך אדרבה, מיט דעם מקיים געוועזן אַ מצוה. אָבער דורכדעם וואָס ער האָט אגג׳ן געלאָזט לעבען, האָט ער שוין ניט ערפיהלט דעם רצון ה׳, דאמאלסט האָט ער שוין נישט געטאָרט די אנדערע הרג׳נען, ווייל אויב דער אויבערשטער האָט איהם אזוי נישט געהייסען טהאָן, איז עס דאָך נישט נאָר נישט געוועזן קיין מצוה, נאָר גאָר אַ רציחה.

אָט דאָס שרייט אויס שמואל צו איהם, „ותעש הרע בעיני ה״, ביזטו דאָך אַ רוצח צוליב דיין אויס׳הרג׳נען יענע... וד״ל.



# די וועלט — אַ וועלט

די וועלט מאַכט אָפטמאָל אַ טעות, באַטאָנענדיג אַז די וועלט איז אויך אַ וועלט. משמעות אַז דער עיקר איז יענע וועלט. דער אמת איז אָבער, אַז נאָר די וועלט איז דער עיקר. ווייל נאָר דאָ אין עולם המעשה קאָן דער מענש עפּעס אויפטהאָן, וועהרענד אויף יענער וועלט קאָן מען שוין גאָרניט פאַר־דינען. ניט אומזיסט האָט דער ווילנער גאון פאַר זיין פטירה זיך פאַרנאַנדער־געוויינט באַמערקענדיג: „אַ שאד צו פאַרלאָזען אַזאַ וועלט וואו פאַר עטליכע פרוטות קאָן מען מקיים זיין די מצות ציצית פאַר וועלכעס דער שכר איז אזוי גרויס!״

# די „סאבאטניקעס"

אין ווינטער פון יאהר תרע"ד, האט דער דאמאלטיגער סאראטאווער רב ר' יעקב משה ספיר (נפטר געווארען אין פתח תקוה, ארץ ישראל, אלס חבר פון ארטיגען בית דין), באזוכענדיג ראדין, איבערגעגעבען דעם חפץ חיים פון דער שטארקער באוועגונג צווישען רוסישען פויערטום אנצונעמען דעם אידישען גלויבען. באקאנט אלס „סאבאטניקעס". האבען זיי געצעהלט אין די צעהנדליגער טויזענטער. אין זייער ליבע און מסירת נפש פאר'ן אידישען גלויבען האבען זיי זיך ניט אפגעשראקען פאר דער צארישער רעגירונג און הייליגען רוסישען סינאד וועלכע האבען זיי געדראהט מיט דראסטישע מיטלען און פארפאלגונגען. אין איין פאל האט זיך כמעט א גאנצער דארף מגייר געווען. און אז זיי זיינען געקומען אוועקצוווארפען דאס קריסטענטום און זיך אפצוזאגען פון דעם „גן עדן" וואס איז פארשפראכען פאר די גלויביגע, דורכדעם וואס איינער וועלכער פלעגט אפט פארלעזען פאר זיי אין רוסיש קאפיטלאך תהלים, האט זיך פלוצלונג אפגעשטעלט ביי די ווערטער: „אל תבטחו בנדיבים בבן אדם שאין לו תשועה" (תהלים קמ"ו). — פארזיכערט זיך ניט אין קיין נדיבים, אין דעם זוהן פון א מענשען וועלכער קאן זיך ניט העלפען. אלע פויערים זיינען געבליבען שטיל, פארטראכט. א ויכוח האט זיך נאכהער אנגעפאנגען איבער די ווערטער: „א זוהן פון א מענשען וועלכער קאן זיך זעלבסט ניט העלפען"... זיי האבען נאכדעם אנגעפאנגען א גענויערע אויספארשונג וועגען דער ענטשטעהונג פון דער קריסטליכער אמונה, וועגען געבורט פון „אותו האיש", ביז וואנעט זיי האבען אלע באשלאסען איבערצוגעהן צום אידענטום.

דער חפץ חיים האט דאן מיט התפעלות באמערקט: „אן ערנסטע התבוננות אין א ווארט פון דער תורה איז בכח אויפצובלאזען דעם הייליגען און ריינעם פייער פון אמונה. עס איז ביי מיר קיין ספק ניט אז צווישען אט די אלע פויערים טליעט זיך א באהאלטענער פייער פון אידישקייט. אידישע בלוט האט זיך מסתמא אמאל געהאט צווישען זיי אויסגעמישט, אין דער צייט פון די קאנטאניסטען, אדער גאר פון א פריהערדיגע צייט". און ער האט דערביי דערמאנט די ערקלערונג וואס מ'זאגט בשם הרמב"ן: „א גוי איז זיך ניט מגייר, און א איד שמד זיך ניט".

———0———

